העריש אלטבוים

# מײַן שטעטל

(בילדער און זכרונות פון דער אַלטער הײם)



בוענאָס אײַרעס, 1954 — ה׳תשט״ו

געהייליקט דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיינע טאַטע־מאַמע,

**יהודה־זונדל און רבקה**

פון מיינע קרובים און אַלע ייִדן פון מיין שטעטל יאַנאָוו־לובעלסקי, אומגעבראַכטע דורך די דייטשישע רוצחים.

# אינהאַלט:

## הנִני העני ממעש

איך האָב אַמאָל, טאַטע, דיך וויינען געהערט.
אַ וויינען אַזאַ ווי איך הער, דוכט, אַצינד.
„אוי, הנני העני״... — דו ביסט עס נישט ווערט —
האָסטו שטיל געקלאָגט און געוויינט ווי אַ קינד...

אויך איך וויין איצט, טאַטע, מיט טרערן ווי דו,
זוי דיינער, ווי דיינער אַצינד מיין געוויין:
ווער בין איך? צי בין איך גאָר ראוי דערצו,
פון שטאָט פון אַ גאַנצער מקונן צו זיין?...

און אפשר איז מיר עס אַ שליחות באַשערט;
באַשטימט שוין געוואָרן פון גורל דערצו, —
דאַן וויל איך, אָ טאַטע, כאָטש האָבן די ווערט
צו זיין שליח־ציבור אַזאַ גלייך ווי דו...

# בײַ אַ שלש־סעודות מיט די אומאַנער

שטיל, נאָר וואָס אַמאָל העכער צעגייט זיך דער ניגון פון „בני היכלא" שבת פאַרנאַכט אין בית־המדרש צווישן דער קלײנער עדה ייִדן, וואָס פּראַווען שלש־סעודות. דאָס זענען ייִדן בעל־מלאכות, קרעמער, דאָרפסגייער; מענטשן, וואָס דער גאַנצער הו־האַ פון די זעקס וואָכעדיקע טעג איז פאַר זיי אַן אָפּקומעניש. זיי וואָלטן וואָס שנעלער פון זיי געוואָלט פּטור ווערן. יעדער טאָג, וואָס גייט אַוועק, רוקט אַלץ נענטער אונטער דעם שבת מיט זײַן געניוס. אויסער דער מנוחה און דאָס אָפּלאָזן דעם עול פּרנסה, וואָס דער שבת ברענגט מיט זיך, איז דער עונג־שבת פאַר זיי אומגעהײַער גרויס און דאָס פּראַווען שלש־סעודות איז די ראָזשינקע פון שבת. דעמאָלט, צווישן טאָג און נאַכט, ווען דאָס ליכט פונעם טאָג הייבט אָן ביסלעכווײַז צו פאַרגיין, קאָן דער מענטש מצרף זײַן זײַנע רעיונות, אויפהייבן זיך צווישן העכערע וועלטן און שוועבן אויף די פליגל פון אַ ניגון, וואָס טראָגט זיך מיט אים אין דער אומענדלעכקייט פון שלוה און געניוס.

דער לאַנגער שעיה — אַ קרעמער, אַ לובלינער חסיד אַלע יאָרן, נאָר לעצטנס איז ער בלב ונפש מיט די אומאַנער חסידים — ברענגט מיט צוויי קוילעטשלעך אויף צו וואַשן זיך און אויף אַ כזית צום בענטשן. אײַנגעוויקלט אין דער פאַטשיילע טראָגט ער עטלעכע שטיקלעך פיש, וואָס ווערן צעשטיקלט. און ווי נאָר מען וואַשט זיך, מען זאָגט „שאו־ידיכם" און מען איז עפּעס טועם, הייבט מען אָן צו באַזינגען יעדן ביסן.

ס׳הייבט אָן איטשע ישראל־נתנס אונטערברומען אַ ניגון; שטיל, מען הערט אים קוים. ער ציט די טענער, אין וועלכע ער פלעכט אַרײַן דעם זמר

פון „בני היכלא דכסיפין“, מיט דבקות וועבט ער די ווערטער אַריין אין דעם ניגון. דאַכט זיך, אַז זיי זענען דאָס די קינדער פון היכל, וואָס זאַמלען זיך דאָ, כדי צו פילן און צו זען די לויטערקייט פון דער שכינה. דער בין־השמשות ווערט אַלץ מער פאַרשלונגען פון דער אָנקומענדיקער נאַכט. ווען נישט דער פריש־אָנגעפּאַלענער שניי, וואָס פאַרבלייכט דעם אַרום מיט אַ ווייסער שיין, וואָלט שוין לאַנג די נאַכט געהאַט אַלץ אָפּגעווישט און פאַר־שלונגען.

ייִדן, אויסגערוטע פון שבתדיקן נאָכמיטאָג־שלאָף, קומען זיך צוזאַמען אין בית־המדרש צו דאַווענען מנחה־מעריב. אַנדערע קומען זיך אָנוואַרע־מען, ווייל דער פראָסט קנאַקט אין דרויסן. דער בית־מדרש איז אויך איצט אַ שעת־הכושר פאַר אַלערליי קונדייסים און לאָבוזעס, וואָס קערן איצט דאָרטן אַ וועלט און קיינער קוקט זיך אויף זיי נישט אום. און טאָמער גע־פינט זיך אַ ייִד אַ כעסן, וואָס שייגעצט אויס ווען פון זיי, איז אים אויך נישטאָ וואָס מקנא צו זיין: ער באַקומט אומגעריכט גלייך אין פּנים אַריין אַ האַרטע קויל שניי, פאַרזאָגט ער שוין אַ צענטן אָנצוהייבן זיך שבת פאַרנאַכט צו שלש־סעודות מיט די קינדער: ס׳איז זייער צייט. אין בית־מדרש איז פינצטער, איבערגעפּולט מיט ייִדן. ווער ס׳קומט דאַווענען און ווער זיך דורכשמועסן וועגן מסחר אויף דער פּולער וואָך. דער טומל איז דאָרט זייער גרויס. ס׳דאַכט זיך, אַז דער גאַנצער חלל איז פול מיט רייד. ס׳זשומעט ווי אין אַ בינשטאָק.

און דאָך, ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל נישט זיין, — איז ביים טיש, ווו ייִדן פּראַווען שלש־סעודות, שטיל, פּאָרכטיק שטיל, ווי אַ וואַנט וואָלט זיי אָפּגעטיילט פונעם גאַנצן אַרום. דער טיש, ווו זיי זיצן און זינגען די זמירות, איז ווי אַרומגעצוימט מיט אַ פאָרהאַנג און אַ ניגון פּאָכעט אַרויס פון די פאַלדן. אַלעמענס טענער גיסן זיך צונויף און פילן אָן די הערצער מיט גליקזעליקייט...

שטאַרקער פאַרציט זיך דער פראָסט איבער די שויבן, וואָס ווערן באַמאָלן מיט אויסטערלישע פיגורן. אויף איין שויב באַוויזט זיך אַ לויפּנ־דיקער הירש, מיט ריזיקע הערנער־צווייגן, און אויף דער צווייטער — אַ לייב מיט אַן אָפּענעם פּיסק. און דאָרט אויבן איז אַרויסגעוואַקסן אַ בלום, אַ גרויסע רויז, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט ריזיקע ווייסע בלעטער,

וועלכע שפּילן זיך אין ליכט און שאָטן, ווי זיי וואָלטן זיך געראַנגלט אי־בער דער בלום.

ר׳ זינדל לערער, אויך אַ טיש־זיצער, האַלט פאַרמאַכט די אויגן, נאָר זיינע ליפּן שעפּטשען אין דער שטיל: „ידיד נפש אב הרחמן״, — באַגלייט פון אַ ניגון, וואָס קומט פון דער טיפעניש פון זיין נשמה. עס כאַפּן אים אונטער שוואַכע טענער פון עטלעכע ייִדן מיט אַמאָל, וואָס ברומען אויס דעם ניגון שטיל, מען הערט אים קוים. ווי אַ גוטער וויין צעגייט זיך דער ניגון אין די אָדערן. עס וואַכט אויף דאָס איינגעדרימלטע בלוט, וואָס איז, דאַכט זיך, געהאַט געפרוירן געוואָרן. איצט צעזינגט זיך עס אין אַלע זייע־רע אברים. דאָס איז נישט קיין געזאַנג פון אַן איינשטודירטן כאָר, וואָס יעדער האָט זיין באַשטימטן טאָן. דאָס איז אַ געזאַנג פון עפּעס העכערס: ייִדן זינגען איצט זמירות, פרייען זיך מיט דעם לעצטן ביסל פרייד, וואָס דער שבת גיט זיי. און מיט אַלע כוחות ווילן זיי אים פאַרהאַלטן. נאָך אַ שעה, נאָך אַ מינוט. דערפאַר איז דער איצטיקער געזאַנג אַזוי טרויעריק. נאָר דער טרויעריקער ניגון ווערט ביי זיי דערהויבן מיט דערוואַרטונג: באַלד וועט דער שבת צו זיי ווידער קומען און דער וועלט ווידער ברענגען פרייד.

„הדר נאה זיוו העולם״ — פלעכט זינדל די ווערטער אַריין אין דעם ניגון. און צווישן איין פאַל און דעם צווייטן שרייט ער אויס עטלעכע ייִדישע ווערטער: „אוי, רבונו של עולם, העלף!״... אַפּנים, אַז די ווערטער פון די זמירות, וואָס ער זינגט איצט, האָבן נישט כולל־געווען אַלץ, וואָס ער האָט אין זינען געהאַט, איז ער זיי ממלא מיט אָט די ייִדישע ווערטער. מיטן פּנים אַריינגעגראָבן אין די האַנט־פלאַכן, מיט די עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אויפן טיש, העלפט ער זיך שוועבן אין די הויכקייטן, דערהויבן זיך און פליִען מיטן רעיון אינעם ים פון די ווערטער, וואָס כוואַליען זיך אינעם ניגון, וואָס זעטיקט די נשמה אָן אַ סוף...

ווי צעזשאַרעטע קוילן, וואָס הויבן זיך אָן לעשן, אַזוי הייבן זיך אָן איינשטילן איינציקווייז די לעצטע טענער פון זמר וועגן אייביקער פריינט־שאַפט, ביז דער לעצטער איז איינגעשטילט געוואָרן; זיין טאָן איז ווי איבערגעשניטן געוואָרן. מען האָט נאָך, דאַכט זיך, געהערט דעם שאָרך פון ווידערקול, וואָס איז אויסגעגאַנגען אינעם חלל. אָבער דאָס איז נאָר

דער אויסערלעכער געזאַנג שטיל געוואָרן, נישט דער אינערלעכער געזאַנג, וואָס ווערט באַגלייט פון אומרויִקע גופים. אָנשטאָט וואָס פריִער האָט אַ קול ביי זיי געזונגען — זינגען איצט אין זיי אַלע רמ״ח אברים; יעדער פּאָר זיך זאָגט עפּעס אַ תפילה, וואָס אין די זמירות איז זי גאָרנישט פאַראַן. נאָר ער, ר׳ נחמן ז״ל, האָט אַזעלכע צענדליקער תפילות פאַרפאַסט און מען קאָן זיי באַנוצן צו וואָס איינער וויל. זאָגן זיי טאַקע, יעדער פאַר זיך, אַ „יהי־רצון״, אַביסל אויף לשון־קודש, אַביסל אויף ייִדיש, ווי זיי וואָלטן מיט דעם געוואָלט העלפן די זמירות, אַז זיי זאָלן לייכטער קאָנען עפענען די שערי־רחמים...

פּאַמעלעך ווערט דער אינערלעכער געזאַנג אויך איינגעשטילט. לייִדיק און הויל בלייבט דער גאַנצער אַרום. שטיל, אָן שום באַוועגונג בלייבן זיי זיצן איינס ביי איינס ווי מומיעס. ס׳דערהערט זיך דייטלעך דאָס קלאַפּן פון זייגער אויף דער וואַנט. דער אומרו באַוועגט זיך שוין קוים. ווי אַ גוסס וואַרט ער, אַז דער שמש זאָל אים אָנדרייען נאָך הבדלה, וועט ער אָנהייבן קלאַפּן מיט פרישע כוחות. אַזוי זעען זיי אויס, אָט די שבת־ייִדן, וואָס זענען איצט שטיל געוואָרן. ס׳איז אָבער אַ שטילקייט ווי פאַר אַ שטורעם, וואָס וועט באַלד אויסברעכן.

ווי אַ דונער שטורעמט אויף די לייבן־שטים פון וואָווע משה־יונהס:
— „אל מכתתר בשפריר חביון״. ווי אַ געברום פון אַ לייב וואָלט אַלעמען אויפגעוועקט. זיין שטימע איז שאַרף און לויטער, ווי אַ שטורעם־טרומייטער וואָס וועקט און רופט: פרייט זיך, ייִדן, מיט די לעצטע שבתדיקע מינוטן, זיי זענען אוֹנדז ווי געשענקטע, און זאַמלט כוחות פאַר די זעקס טעג וואָס דאַרפן קומען, און קומען וועט דער טאָג פון גליק, „יום שכולו שבת״...

ס׳צעפלאַקערן זיך הערצער און ס׳עפענען זיך אויגן. ווי אַן עמוד־אש וואָלט זיך פלוצים צעשיינט איבער זייערע קעפּ. עס וואַרעמט אַזוי זיס, אַז ס׳ווערט אַזש הייס. אַ ליכט שיינט אַרויס פון יעדן באַזונדער, כאָטש די פינצטערניש דאָרטן קאָן מען שניידן ווי מיט מעסערס שטיקערווייז. די שויבן זענען שוין אינגאַנצן פאַרצויגן מיט אַ דיקן שניי־שיכט. אַפּנים, אַז דער שטורעם פונעם ניגון וואַרעמט דאָס האַרץ און מאַכט ליכטיק אין די אויגן. אַלע הויבן אָן מיטזינגען מיט ברען. ס׳ווערט מיט אַמאָל אויפגעַ־

שטורעמט אַ געזאַנג. נישט דאָס געזאַנג פון פריִער, וואָס איז געווען הוילע רוחניות. איצט זינגט אַלץ: די נשמה און דער גוף, אַפילו די ווענט פון בית־מדרש זינגען איצט; הענט און פיס פויקן צום טאַקט, ווי זיי וואָלטן אויסגעפויקט דעם אָפּשייד־מאַרש פאַר דער קיניגן שבת און ווי איינער וואָלט געוואָלט דעם צווייטן איבערשטייגן. „העכער! העכער!" — צעזינגט זיך ר' וואָווע — „מרום נאדר בכח וגבורה". די ווערטער ווערן פאַרלוירן צווישן דעם געזאַנג, וואָס קומט פון יעדנס קעל. און וואָווע פאַסט אַזוי קונציק אַריין די ווערטער אין דעם ניגון, ווי בריליאַנטן אין אַ גאָלדענער קרוין. יעדעס וואָרט איז ווי אַ געשליפענער שטיין, וואָס שימערירט מיט אַ באַזונדערן קאָליר. און ווי פאַרלוירן זיין שטים זאָל נישט ווערן צווישן אַזוי פיל קולות, וואָס זוכן זיך איינער דעם צווייטן איבערצושטייגן — הערט מען דאָך זיינע ווערטער, לויטערע ווי פערל, צום קלייבן איינס ביי איינס. זיי שוועבן אַרום ווי נשמות געלייטערטע און שליסן זיך אין רייען מיט די לעצטע ווערטער, וואָס פאַרענדיקן די זמירות: „תקרב רנתי לפניך"...

ר' שלמה האַרמאַן, איינער פון די „זאָגערס", רירט זיך נישט אָן דעם „לקוטי מר"ן". דאָס ספר ליגטביים טיש פאַר אים אָפן, כאָטש מען זעט דאָרט נישט קיין אות צו לייענען. ווייל חוץ וואָס ס'איז איצט פינצטער, אַז ס'זעט נישט איינער דעם צווייטן, איז נאָך דער גאַנצער בלאַט פאַרדעקט מיט זיין גרויסער פאַטשיילע.

אַז ס'איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן, ווי דער שבת וואָלט זיין לעצטן אָטעם פאַרהאַלטן, האָט ר' שלמה אָנגעהויבן זאָגן. קיין תורה זאָגט ער נישט. מען וואָלט דאָס אפשר געקאָנט אָנרופן „דרשה"; אָבער צווישן זיי דרשנט מען ניט. צווישן זיי זענען נאָר פאַראַן „זאָגער". זאָגט טאַקע איצט ר' שלמה נישט קיין חילוק צו וועמען. ס'קאָן זיין, אַז ער זאָגט צו זיך אַליין, ווי ער קען דאָס זאָגן צו דער פינצטערניש, וואָס האָט, דאַכט זיך, אויפגעשטעלט מויל און אויערן אים אויסצוהערן.

נאָכן ענדיקן דעם „אל מסתתר", ווען דער לעצטער שאָרך פון ניגון האָט זיך איינגעשטילט, הייבט אָן ר' שלמה הארמאן. ער רעדט ווי צו זיך אַליין; ווי ער וואָלט געהאַט עפּעס אַ שווער פשטל תופס צו זיין און מיטן בלויזן רעיון איז אים דאָס שווער גובר צו זיין. זאָגט ער דאָס מיטן מויל,

אויפֿן הויכן קול, כדי אַלע זיינע חושים זאָלן דאָס הערן און פֿאַרשטיין. ר׳ שלמה איז אַ ייִד אַ למדן, נאָר ער מאַכט אַ קנאַפּן צימעס פֿון זיין לומדות. ער רעדט איצט גאָר פּשוטע רייד, נאָר מען זעט בחוש, אַז ער פֿילט וואָס ער רעדט. אַזוי ווי ער וואָלט דעם געדאַנק ערשט איצט תופֿס־געווען, זאָגט ער אים איצט אַרויס אַזוי לאַנגזאַם, ער מעסט יעדעס וואָרט, ער קנייטשט דעם שטערן און ציט דעם רעיון, ווי אַ פֿאָדים וואָלט זיך איצט פֿאַרפּלאָנ־טערט אין זיין מח; און אַז ער האָט שוין באַקומען אַן עק, וויל ער אים נישט אָפּלאָזן. זיין קול ווערט אַלע מאָל שטאַרקער, די קלאָרע געדאַנקען אַנטפּלעקן זיך פֿאַר אים איינציקווייז, און איצט וויל ער זיי מסביר־זיין.

— די זמירות — זאָגט ער — זענען געגליכן צו דער כלה; דער ניגון איז איר מלבוש, איר חופּה־קלייד, און מיר ייִדן, וואָס באַקליידן די כלה, דאַרפֿן זען, זי נישט צו פֿאַרשעמען; מיר דאַרפֿן זען, אַז דאָס קלייד, וואָס מיר טוען איר אָן, זאָל זיין נישט צו־גרויס און נישט צו־קליין. ווײַ איז צו דעם מנגן, וואָס זינגט אַ „ידיד־נפֿש" מיט אַ ניגון פֿון אַ „מזמור לדוד", ווייל וויסן דאַרף מען, אַז יעדער ניגון איז באַשאַפֿן געוואָרן צו זיינע זמירות. דעריבער איז אַזוי נויטיק פֿאַר יעדן מנגן, ער זאָל פֿאַרשטיין דעם טייטש פֿון די ווערטער; און נישט נאָר פֿאַרשטיין, נאָר ער מוז זיי פֿילן. מען מוז אויך פֿילן דעם טעם פֿון דעם ניגון. קיין ווונדער נישט, וואָס אונדזער רבי ז״ל האָט אונדז געלערנט: אַז פֿאַרן בורא־עולם איז פֿיל ליבער דער, וואָס בעט צו אים אויף פּראָסט ייִדיש, נאָר ער זאָל פֿילן צו וועמען ער בעט; פֿילן און זיך מתיחד זיין מיט דעם, וואָס לעבט אייביק, — איידער צו זאָגן די שטאַרקסטע תפֿילות — און ס׳האַרץ זאָל אים נישט זיין דער־ביי. דער מנגן, וועמען עס געלינגט צוצופּאַסן דעם ניגון צו דער תפֿילה, קלאַפּט אָן דעם שטאָל אָן דעם קיזלשטיין און באַשאַפֿט דעם פֿונק, וואָס קאָן אָנצינדן אונדזערע הערצער מיט פֿרייד צו עבֿודת־הבורא. פֿאַר וועמען מיר זענען באַשאַפֿן געוואָרן. דאָס בלויזע שיינע קול פֿון דעם זינגער איז נאָך נישט גענוג צו באַשאַפֿן יענעם פֿונק, ווייל דאָס איז בלויזע גשמיות; דאָס איז ברויט, וואָס זעטיקט נאָר דעם גוף, און צו דינען דעם אויבערשטן דאַרף דער גוף זאַט ווערן פֿון דער נשמה, דער מח דאַרף זיין באַהאָפֿטן מיטן האַרץ. ווען דאָס האַרץ זינגט ביים מענטש; דער ניגון, וואָס קומט פֿונעם האַרץ, באַהאָפֿטן מיט די ווערטער, וואָס דער מח פֿונעם מענטש

פאַרשטייט, מאַכט מיטזינגען די „פמליה של מעלה" — דעמאָלט דערפילט מען די חדוה. ס'זינגען אין דעם מענטש דאַן אַלע רמ"ח אברים.

דער שמש אויפן באַלעמער האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע, נאָר ס'איז פאַרלאָשן געוואָרן פון זיך אַליין. נאָך אײדער דאָס פלעמל האָט נאָך באַוויזן זיך צו דערברענען. — „נאַס געוואָרן פון דעם פראָסט" — האָט דער שמש געבורטשעט. דאָס צווייטע האָט ער שוין אָנגעצונדן מער פּאָרזיכטיק. אַ קליין פלעמל פון אַ חלבן ליכטל האָט זיך צעטאַנצט, און ווי ווינציק דאָס פלעמל האָט געלויכטן, האָט דאָך דאָס גאַנצע בית־מדרש געגנאַשט פון דעם ביסל ליכט. אַ קליין חלקל ליכטיקייט האָט אויך דערגרייכט אַהינצו צום טיש, ווו ייִדן האָבן געפּראַוועט שלש־סעודות.

ביסלעכווייז האָבן פון עטלעכע זייטן מיטאַמאָל ליכט זיך געצונדן. אַלע ווינקעלעך פון בית־מדרש זענען באַלויכטן געוואָרן. דער גאַז־לאָמפּ האָט זיך צעשיינט מיט זיין טאָג־ליכט, האָט געפּלייצט כוואַליעסווייז מיט שטראַלן איבערן גאַנצן בית־מדרש. ס'האָט אַזש געשטאָכן אין די אויגן. ר' שלמה האָט פאַרענדיקט זיין „זאָגן". די ייִדן האָבן זיך געריבן די אויגן, ווי אויפגעוואַכטע פון אַ חלום; געפּרוּווט זיי צוריק פאַרמאַכן, ווי זיי וואָלטן וועלן פאַרטרייבן דאָס שרייענדיקע ליכט, וואָס איז געקומען אַזוי פּלוצים. דאָס ליכט האָט עפּעס געמאָנט, גענומען עגבערן דעם מח. דער־שלאָגן האָבן זיי זיך מיטאַמאָל דערפילט. הילפלאָז האָבן זיי אויסגעזען מיטן אָנקומען פון דער וואָך, פון דער וואָכיקייט... יעדער האָט געוואָלט פאַר־געסן אָן דער וואָר, אָן זיין אָרעמער שטוב, ווו ס'פרירן ווייב און קינד, ווייל קיין האָלץ איז נישטאָ. יעדער איינער האָט אויף כח געוואָלט פאַר־האַלטן דעם שבת. און דאָ פּלוצים איז געקומען ליכט, וואָס האָט אַלץ איבערגעריסן ווי אַ שיינעם חלום; וואָס שרייט און מאָנט: „מענטש, גיי און זוך פרנסה"...

פאַראיינזאַמטע זענען די כזיתן, נישט דערעסענע, געבליבן אויפן טיש. ווו־ניט־ווו האָבן זיך געהערט טרויעריקע זיפצן: „אוי, רבונו של עולם, העלף!". און אין דער זעלבער רגע האָבן זיך עטלעכע ייִדן אָפּגעשאַרט פון טיש, האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט, ווי דאָס וואָלט זיי צוגעגעבן קוראַזש און אויסגעזונגען:

— גוט־וואָך, ייִדן, אַ גוטע וואָך, אַ פריילעכע וואָך, מיט געזונט און פרנסה.

אַלע האָבן מיט אַמאָל אויפגעלעבט; ווי אַ ליכט־שטראַל וואָלט פּלוצים באַלויכטן זייערע פּנימער. איינציקווייז האָבן זיי זיך גענומען אָפּרוקן פון טיש. הענט האָבן זיך פאַרפלאָכטן אין גאַרטלען, פיס האָבן זיך געהויבן אין אַ טאַנץ פון דערהייבונג אָדער פון פאַרגעסנקייט... ביז העט־ווייט, נאָך הבדלה...

# שעטנז

## 1

יעדע מלאכה אין שטעטל האָט געהאַט איר כוהן־גדול. צווישן אַלע סופרים, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, איז אהרן סופר פאַרעכנט געוואָרן פאַרן שמן־זית צווישן זיי. צווישן די שניידער האָט משה־פייגעס געשמט פאַרן שיינעם ייִדן, פון זייער ס׳גאַל. אויך אברהם־לייב שוסטער איז באַטראַכט געוואָרן פון אַלע בעל־מלאכות ווי אַ כהן־גדול פון זייער קלאַס. ער איז טאַקע געווען אַ גוטער פאַכמאַן און אַ חוץ דעם אויך פאַרמאָגט שוסטערישן יחוס: זיינע חסידישע שטיבלעטן מיט גומעס האָבן נאָר שיינע ייִדן געהאַט די זכיה צו טראָגן. זיינע רבנישע פאַנטאָפעלעך זענען ווי באַשאַפן געוואָרן פאַר אײדעלע רבישע פיס.

האָט ער שוין געהאַט זיינע יאָר־קונים:

אויף שבת־שירה, ווען דער טריסקער רבי איז געקומען אין שטעטל, האָט שוין אברהם־לייב זיינע פאַנטאָפעלעך געהאַט פאַרטיק. אויף שבת־חזון האָט ער באַדאַרפט צוגרייטן פאַרן ראָזוואַדאָווער; אויף שבת־נחמו — פאַרן טאַרבינער רבין. און ווו זענען אַלע שיינע ייִדן פון שטעטל? אַפילו ווען זיי זאָלן דאַרפן אַרומגיין באָרוועס, וועלן זיי ביי אַ צווייטן זיך קיין שיך נישט מאַכן. קיין געזעלן האָט אברהם־לייב נישט געהאַלטן. אַלע יאָרן האָט ער געאַרבעט אַליין. איז עפּעס אַ ווונדער געווען, וואָס ער איז שטענדיק געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט? נישט יעדער האָט געהאַט די זכיה, אַז אברהם־לייב זאָל אים מאַכן שיך. שיינע ייִדן האָבן ביי אים געוואַרט אויף זייער ריי וואָכן

און חדשים, ביז ער האָט פאַר זיי שיך געמאַכט. און כאָטש ער איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, האָבן אים דאָך אַלע בעל־מלאכות פון שטעטל מקנא געווען. זיי האָבן פון אים געהאַלטן אַ וועלט: „אונדזער אברהם־לייב״, האָבן זיי אים גערופן.

אין שטאָט האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ ל״ו׳ניק. ער פלעגט אויפֿשטיין צוועלף אַזייגער ביינאַכט, אָפּריכטן חצות ביי אַ ליכטל אויפן זעלבן שוסטער־בענקעלע, וווּ ער האָט געאַרבעט. סיי זומער, סיי ווינטער פלעגט ער יעדן טאָג באַגינען, פאַרן דאַווענען גיין אין מקווה אַריין. געדאַוונט האָט ער תמיד מיטן ערשטן מנין. און צווישן דער קליינער עדה איז געווען אַ שטילער אָפּמאַך, זיי זאָלן די פרימאָרגן־ברכות זאָגן איינציקווייז, כדי אברהם־לייב זאָל קיין איינאיינציקן „אמן״ נישט פאַרפעלן. פרייטיק, נאָך צוועלף, איז שוין ביי אים געווען שבת. און ביי די הכנות צום שבת האָט ער זיך משמח געווען, פונקט ווי מיטן שבת גופא. ער האָט געהאַט אַ באַזונדער פאַרגעניגן פרייטיק נאָכמיטאָג אויסצופוצן אַלע הענג־לייכטער און לאָמפּן פון שול, אַז זיי זאָלן בלאַנקען. אינעם נר־תמיד האָט מען זיך געקאָנט אָנשפּיגלען נאָכדעם ווי אברהם־לייב האָט אים אויסגעפּוצט. פלעגט טאַקע פרייטיק־צונאַכטס אין שול אויף אים רוען די שכינה. פון זיינע איידעלע ווייסע הענט, וואָס האָבן גאָרנישט געפּאַסט פאַר שוסטעריי, האָט געווייעט מיט כהונה, ווי צום דוכענען. די זויבערקייט האָט פון אים אַראָפּגעפּעכלט. דעם חזנס ווידערקול, וואָס האָט זיך צעטראָגן איבער דער אומגעהייער הויכער שול, האָט ווי אַריינגעשריגן אין אַלעמענס אויערן: „דרך־ארץ! אברהם־לייב איז דאָ אין שול״. איז דען אַ וווּנדער, וואָס אין שטאָט האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ צדיק־ניסתר?

ייִדן פלעגן שמועסן צווישן זיך, אַז מען ווייסט נישט וועמענס זכות איז גרעסער: צי אברהם־לייבס, וואָס באַשוכט די שיינע ייִדן און צדיקים, צי פון די צדיקים, וואָס האָבן נישט קיין קלענערע זכיה צו טראָגן די שיך, וואָס ווערן געמאַכט דורך זיינע הענט. חסידים ווייסן צו דערציילן פון אַ פאַל, ווען אברהם־לייב האָט אַמאָל אָפּגעטראָגן צום רבין אַ פּאָר שיך, האָט דער רבי אים געבעטן זיצן און ער אַליין האָט זיך אויפגעשטעלט און אים אָנגעגאָסן אַ גלעזעלע בראָנפן: — „טרינקט!״ — האָט דער רבי אים

געזאָגט — „לאָמיך אייך כאָטש דאָ קאָנען באַדינען, ווייל דאָרטן, ווער ווייסט, צי איך וועל גאָר קאָנען זוכה־זיין דערצו״.

היינט גיי ווייס, ווער פון זייביידן איז אַ גרעסערער צדיק...

## 2

וואָס האָט דער טארבינער רבי געקאָנט טון מיט זיינע אַלטע צעוויי־טיקטע פיס, נאָכדעם ווי אברהם־לייב איז נפטר געוואָרן? די חסידים האָבן אים די פיינסטע לעטשעלעך געבראַכט, וואָס זענען געווען אַזוי לייכט, אַז אַ ווינט האָט זיי געקאָנט אַוועקטראָגן; אָבער דעם רבין האָבן זיי געברענט די טריט, גלייך ווי צעגליטע שפיזן וואָלטן אין זיי געשטעקט, וואָס האָבן זיינע פיס געשטאָכן און געבראָטן. אַז ער האָט זיי אָנגעטון אַ ווײַלע, איז ער געוואָרן אַ קאַליקע אויף די פיס. דער רבי האָט שוין מער נישט געוואָלט הערן פון קיין שוסטער. „באָרוועס וועל איך גיין, אַז אברהם־לייב איז נישטאָ״!... — האָט ער געטענהט צו זיינע מקורבים. — „ער האָט דען אין די שיך אַריינגעלייגט לעדער? קדושה האָט ער אין זיי אַריינגעלייגט״!...

און ס׳איז באמת נישט געווען קיין שוסטער פון זיין דור, וואָס זאָל געווען זיין אַזאַ גוטער פאַכמאַן ווי ער. די עלטערע שוסטער, וואָס זענען געווען פרומע ייִדן, זענען אַלע געווען לאַטוטניקעס, און די יונגע, וואָס זענען געווען גוטע פאַכלייט, זענען אָבער אַלע געווען אַפּיקורסים, גאָלע־בראָדניקעס.

— איר זעט דאָך — פלעגט דער רבי זאָגן, — די שיך וואָס זיי האָבן מיר געמאַכט: לייכט זענען זיי, ווייך און שיין, אָבער זיי ברענען מיינע פיס ווי אין גיהנום.

נישט געווען דער טאָג, אַז דער רבי זאָל אברהם־לייבן נישט דער־מאָנען. אַנדערע רביים האָבן זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן, נאָר מיטן טארבינער איז געווען ביטער. זיינע פיס זענען געווען פול מיט קרומע אַרויסגעסטאַרטשעטע ביינער און הינער־אויגן. פאַר אים האָט אברהם־לייב ספּעציעל אויסגעלאַדעוועט די קאָפּיטעס. ביים גראָבן פינגער האָט ער צוגעקלאַפּט עטלעכע שטיקלעך לעדער, ביים קליינעם פינגערל אַ גראָב

שטיקל זויל צוגעפיילט, אַז דער הינער־אויג זאָל זיך דאָרטן אַריינפּאַסן. די בעסטע לעדער האָט ער אַריינגעלייגט. קיין שטעפּער האָט ער קיינמאָל נישט באַנוצט. די אויבער־טיילן האָט ער אַליין צוגעשניטן פון איין שטיק, מען זאָל זיי נישט דאַרפן צוזאַמענניינען. בכדי זיי צו געבן אַ פּאַרעם, האָט ער געהאַט אַ בויג־ברעטל, אויף וועלכן ער האָט זיי אָנגעצויגן און אויס־געפּרעסט. דאָס אויסגעשניטענע העלדזל, ווו עס שטעקן די גומעס, איז געווען געגוג פּייכט און ווען דאָס האָט זיך אויסגעטריקנט אויף דער זון, איז דאָס געבליבן ווי אַן אויסגעבאַקענער קוילעטש, וואָס פּאַלט קיינמאָל נישט איין. אַזוי אַרום פלעגט ער מאַכן דעם אויבער־טייל. עס האָט נאָר געפעלט דאָס איינניייען די גומעס און צוזאַמענניייען דאָס אונטערשטע נעטל. דאָס האָט ער קיין מאַשין נישט געוואָלט געטרויען. מיט זיין דראַטוועלע, וואָס איז געווען גוט אָנגעשמירט מיט סמאָלע, האָט ער צווישן איין ניגון און אַ צווייטן אַליין צוגענייט. אַזוי אַרום איז ער געווען זיכער, אַז דאָס וועט זיך שוין נישט אויפטרענען...

3

אויף דער וועלט מוזן אייביק זיין זעקס און דרייסיק צדיקים. אָן זיי וואָלט זי קיין קיום נישט געהאַט. אַז אברהם־לייב איז נפטר געוואָרן, האָט געמוזט קומען אַ צווייטער, וואָס זאָל זיין אָרט פאַרטרעטן.

שעיה איז געווען איינער פון די גוטע שוסטערס פון שטעטל, נאָר איין חסרון האָט ער געהאַט: ער האָט זיינע שטיוול געמאַכט אַזוי שטאַרק, אַזוי געוויסנהאַפט, אַז דער קונה האָט זיי אָפּגעטראָגן יאָרן און זיי האָבן גאָר־נישט געקאָנט צעריסן ווערן. עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע שטיוול האָבן ביי אים צוגענומען צופיל צייט. ער האָט פון אַזאַ פּאָר שטיוול נישט גע־קאָנט אַרויסקריכן. אַז אָפּגענייט האָט ער זיי אינגאַנצן מיט דער האַנט. צוויי מאָל יעדע נאָט דורכגענייט. ער האָט זיך אַפילו נישט פאַרלאָזן אויפן אָפּגעסמאַליעוועטן דראַטוועלע פון זיין לערן־יינגל. יעדעס מאָל דאָס אַליין איבערגעסמאַליעוועט. די בעסטע זוילן, וואָס ער האָט געקויפט, זענען פּאַר אים געווען ווינציק. נאָכן אויסשניידן האָט ער זיי געווייקט אין טראָן

און אויסגעקלאַפּט אויפן שטיין אַזוי לאַנג, ביז ער האָט אָפּגעזונגען דאָס גאַנצע יום־כפּורדיקע דאַוונען. זענען זיי געוואָרן גערדיכט ווי שטאָל, פלעגט ער זיי ערשט אויספּרוּוון. מיט זיינע געזונטע ציין האָט ער איינגעביסן אינעם זויל און אויב זיי האָבן דאָרטן נישט איבערגעלאָזט קיין צייכנס, האָט ער שוין געוווּסט, אַז ער מעג זיי שוין צוקלאַפּן צו די שטיוול. די הילצערנע פלעקלעך, מיט וועלכע ער האָט דעם ראַנד פון זויל מיט דריי רייען אַרומגעקלאַפּט, האָט ער אויך אַליין אויסגעשניצט פון טרוקענעם האָלץ, ווייל צו די געקויפטע האָט ער קיין צוטרוי נישט געהאַט. אַכט טעג האָט ביי אים געדויערט אַזאַ פּאָר שטיוול צו מאַכן. דערביי האָט ער שוין צו מנחה־מעריב נישט געקאָנט גיין אין שול אַריין, כדי נישט צו פאַרלירן קיין צייט. ער האָט געמוזט צואַרבעטן אַביסל אין דער נאַכט אַריין, כדי ער זאָל פרייטיק נישט דאַרפן טון אַ שטאָך אין שבת.

קיין קינדער האָט שעיה נישט געהאַט. אַז זיין ווייב יענטע איז אַן עקרה — דאָס האָט געוווּסט די גאַנצע וועלט. אָבער טיף אין האַרצן ביי זיך האָט ער געוווּסט, אַז ער איז מער שולדיק פאַר איר, וואָס זיי האָבן נישט קיין קינדער. דאָס שטראָפט אים גאָט פאַר די זינד פון זיינע בחורישע יאָרן. ער האָט דאַן געדינט ביי פּאָניען אין דער „סאָפּאָזשנאַיאַ", געווען שוסטער אין פּאָלק, אָפיצערסקע שטיוועלעך געמאַכט. קאַזאַטשקעס ביים דאָן האָבן גרויסע פּיס, האָט ער זיי בגנבה טשיזמעלעך געמאַכט און ביים אָנמעסטן פאַרפאָרן מיט זיינע הענט ביזן דיקן פלייש און מיט זיינע פינגער זייערע ליטקעס געקנעטן... אויף זייערע הולאַנקעס געטאַנצט מיט די שענסטע קאַזאַטשקעס. פינף יאָר געדינט ביי פּאָניען. אַ געזונטער בחור איז ער דאַן געווען. „שאַיאַ!" — האָבן זיי אים גערופן. זיין נאָמען איז זיי געפעלן געוואָרן. אויף קיין „מאַניעוורעס" איז ער נישט געגאַנגען, ווייל דער וואַרשטאַט האָט זיך אין אים געניויטיקט. איין פּאָר שיינע שטיוועלעך, וואָס ער האָט געמאַכט פאַרן פּאָלקאָווניק, האָט אים אויף צוויי וואָכן באַ־פרייט פון קומען שלאָפן אין קאַזאַרמע. צווישן הויכע סטויגעס שמעקנדיקן היי האָט ער אין די הייסע זומער־נעכט ביים דאָן אויסגעזונגען זיך בחור־שאַפט אין די אָרעמס, ווי צוואַנגען, פון קאַזאַטשקעס, וואָס די זכרים זייע־רע זענען געווען אויף „מאַניעוורעס". איינגעזויגט זיך אין זייערע ליפּן, וואָס האָבן מיט דורשט געשלונגען דעם באַגער נאָך אַ מאַן...

אַזוי איז אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר. ער האָט שוין כמעט ווי פאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייִד. און ווער ווייסט, ווי טיף ער וואָלט געוועזן געזונקען אין זיין זינד, ווען נישט די מלחמה פון פאָניען מיט יאַפּאַן. דעמאָלט האָט מען זיך אָן אים דערמאָנט. מען האָט אים אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט און דאָרטן האָט ער ערשט געזען, ווי זיין זיידע האָט זיך פאַר אים געמיט, ווען די גראַנאַטן זענען געפלויגן איבער די קעפּ. פון זיין פּאָלק איז ער און נאָך צוויי ייִדן לעבן געבליבן. און ווען ער איז בשלום אַהיים געקומען, האָט ער אַ נדר געטון, אַז ער זאָל חתונה האָבן מיט אַ כשרער ייִדישער טאָכטער און פאַרגעסן אָן זיין זינדיקן עבר.

קיין כלות האָבן אים נישט געפעלט, נאָר ער האָט אויסגעקליבן יענ־טען, ווייל זי האָט אַלע יאָרן געדינט אין אַ פרומער ייִדישער שטוב און איז אויך געווען זייער אַ פרומע. האָט ער מיט איר חתונה געהאַט.

אַוודאי איז ער באַלד נאָך דער חתונה געוואָרן טרויעריק: ער איז געוווינט געווען צו הייסע ליפּן, וואָס נאָגן אויס דעם מאַרך פון די ביינער, צו שיקסישע הענט, וואָס קלאַמערן ווי צוואַנגען, אַז ס׳טרעשטשען די ביינער. ער האָט זיין יענטען באַמאַנט, אָבער זי האָט נישט געהאַט אין זיך דאָס פייער פון יענער קאַטיאַ. דערפאַר אָבער האָט ער ליב געהאַט צו קוקן אויף איר און הערן ווי זי לייענט דעם טייטש־חומש, דעם קב־הישר און שבט־מוסר. פון אירע ליפּן האָט געטריפט בוימל, איר תחינה־שער ניגון האָט אים געמאַכט פאַרגעסן אָן אַלע זיינע באַגערן. ער פלעגט נישט מיד ווערן שעהן־לאַנג אויסצוהערן איר זיסן ניגון פון דער תחינה, וואָס האָט געטריפט מיט האָניק. פון די הייליקע ספרים, וואָס זי פלעגט לייענען אויפן קול, האָט ער אַ סך געלערנט. ער האָט דאָרטן געפונען אַ סך שטראָף־רייד, וואָס ער האָט פון זיי ביז איצט נישט געוווּסט. אין די שבתים און אין די ימים־טובים פלעגט זי אים לייענען מעשות און משלים. און ווען עס האָט זיך אים אַמאָל פאַרגלוסט אין אַ שבת נאָכמיטאָג איינצו־בייסן זיך אין איר ווייסן האַלדז, האָט זי אים אויפגעמישט אינעם סידור דעם מעין־טהור און פון דאָרטן אַרויסגעלייענט מיט אַ ניגון, אַז אַ מאַן טאָר נישט גלוסטן צו זיין ווייבביים שיין פון טאָג, ווייל דאָס איז מעשה־בהמה.

אַזוי האָט ער זיך צוגעווינט צו אַלע אירע הייליקע ספרים, וואָס מיט דער צייט האָט ער זיי אַליין געגומען לייענען. ער האָט דאָרט אויך אויסגעפונען עצות צום פאַרלייכטערן זיין הארץ און מאַכן לייכטער זיין געמיט. ער האָט אויסגעפונען, אַז ער קאָן האָבן אַ מחילה אויף זיינע בחורישע זינד דורך תשובה, תפילה און צדקה. צדקה גיט ער ווי ווייט ער קאָן; תפילה טוט ער ביים דאַווגען און זאָגן תהלים; ער דאַוונט טאַקע יעדן טאָג וואָרט ביי וואָרט און מיט כוונה. ער וועט אויך פּרווון פאַסטן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק אַזוי לאַנג, ביז זיין יענטע וועט אים געבוירן אַ קינד. ער האָט אויך געלערנט, אַז אַ מענטש זאָל נישט רעדן קיין סך, ווייל דאָס ברענגט צו רעדן לשון־הרע. איז ער די לעצטע צייט טאַקע געוואָרן אַ שווייגער, אַ רענדל אַ וואָרט.

אין שטאָט האָט מען אָנגעהויבן מורמלען, אַז שעיה שוסטער איז איינער פון די ל״ו'ניקעס, פון די באַהאַלטענע צדיקים, וואָס האַלטן אויף די וועלט.

— מיר דאַרף מען נישט לייגן קיין פינגער אין מויל, — טענהט איין ייִד צום צווייטן — שוין יאָרן, ווי ער פאַסט ב״ה״ב; זומער און ווינטער טובלט ער זיך באַגינען אינעם טייך; אַן עניו. מען האָט נאָך אַזעלכן נישט געזען. דאַוונט שטענדיק ביי דער טיר; און אַ שווייגער, וואָס זעלטן מען הערט פון אים אַ וואָרט. וואָס? ער איז אַן עם־הארץ זאָגסטו? נו, מען האָט שוין געזען אַזעלכע זאַכן, ווען מען וועט באַדאַרפן, וועט ער קאָנען. אוי וועט ער קאָנען! דו שפּילסט זיך מיט די ל״ו'ניקעס?

אַזוינע רייד זענען וועגן אים געגאַנגען פון מויל צו מויל. שיינע ייִדן האָבן זיך אָנגעהויבן דערוויסן פון דעם מאָדנעם שוסטער, האָט מען אָנגעהויבן קוקן אויף אים מיט דרך־ארץ. חסידים האָבן זיך באַשטעלט ביי אים זייערע ווייכע גומע־שטיבלעטן. דאָס זענען שוין נישט געווען יענע יוכטאָווע שטיוול, וואָס מען מוז יעדן נאָט איבערנייען צוויי מאָל און די זוילן אויסקלאַפּן שעהן־לאַנג, זיי זאָלן זיין אַזוי שטייף, אַז דער מעסער זאָל זיי נישט קאָנען אַרומשניידן. און קיין פלעקלעך דאַרף מען אויך נישט צו זיי, ווייל די שיך ווערן דורכויס אָפּגענייט. און די קונים (אַך, ס'אַראַ קונים!) דינגען זיך נישט. וויפל מען בעט ביי זיי, באַצאָלן זיי. זאָגן נאָך

אָן: „הזהר והזהר, למען השם, ר׳ שעיה, ווייך און לייכט״... און ער מאַכט זיי אַזוי גרינג, אַז זיי פאַלן אים אַרויס פון די הענט.

„צי ער קאָן?״ — עס וועקן זיך אין אים אויף זכרונות פון זיינע בחורישע יאָרן, ווען ער פלעגט אָפּיצירישע שטיוועלעך מאַכן. עס קאָסט אים נאָר געזונט, וואָס ער מוז נייען מיט אַזאַ דינינקער דראַטעוועלע, וואָס ער מוז אַרויפלייגן אַזעלכע דינע זוילעכלעך. עס דאַכט זיך אים נאָר, ווי ער וואָלט זיינע קונים אָפּגענאַרט. ער פאַרדינט טאַקע, ב״ה, זייער גוט, זיין יענטע פאַרגינט זיך שוין צו קויפן אויף שבת אַ לעבעדיק פישל, וואָס צאַפּלט זיך אונטער אירע הענט ביים צעשניידן: ווער ווייסט, צי פון יסורים, אָדער אפשר טאַנצט עס פון פרייד, ווייל נישט יעדעס פישל איז זוכה דערצו, אַז עס זאָל באַשיינען שעיהס שבתדיקן טיש.

פרייטיק פאַרמיטאָג ענדיקט שעיה די אַרבעט בכבוד־גדול. ער פּרוווט נאָך פון צייט צו צייט, פון געוווינהייט, איינצובייסן דעם דינעם זויל און פאַרשעמט זיך פאַרן ווייב, ווייל דאָס דערמאָנט אים און איר אָן יענע צייטן, ווען פּרנסה איז ביי זיי געווען קריעת־ים־סוף.

## 4

אַ בריטשקע מיט צוויי געשפּאַנטע פערד ווי די לייבן האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי שעיהס טיר. דאָס האָט ר׳ אייזיק פאַליכנער, אַ ייִדישער גוטבאַזיצער פון דער געגנט, זיך קוים דערפרעגט אויף שעיהן. ר׳ אייזיק איז געווען אויף שבת ביים רבין. דער רבי גייט באָרוועס. עס איז נישטאָ דער שוסטער, וואָס זאָל קאָנען און וואָס זאָל ראוי זיין פאַרן רבי צו מאַכן אַ פּאָר שיך. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער רבי האָט שוין פון שעיהן געוווּסט, ווייל די חסידים פלעגן צווישן זיך שמועסן וועגן דעם שוסטער דעם ל״ו׳ניק. האָט דער רבי באַפוילן ר׳ אייזיקן, ער זאָל שפּאַנען די בריטשקע און ברענגען דעם שוסטער אויף צו נעמען אים אַ מאָס. דעריבער איז טאַקע איצט אייזיק געקומען מיטנעמען ר׳ שעיהן צום רבין.

דאָס קאָן שוין שעיה נישט משיג־זיין. אַז דער אויבערשטער האָט אים געהאָלפן, וואָס ער איז פּטור געוואָרן פון די שווערע שטיוול און ער

האָט איצט נישט צו־טון מיט קיין גויים, וואָס האָבן אים טרפה־געמאַכט יעדעס ווינקל; אַז ער אַרבעט נאָר פאַר שיינע ייִדן, חסידים און פאַרדינט ב״ה פּרנסה — דאָס פאַרשטייט ער נאָך; אָבער אַז דער טאַרבינער רבי זאָל נאָך אים שיקן אַן עקסטרא שליח און נאָך ווער עס איז דער שליח! נישט קיין אַנדערער ווי ר׳ אייזיק פּאַליכנער מיט זיין בריטשקע! — דאָס איז שוין פאַר אים צו שווער משיג צו זיין. ביי זיין ווייב באַווייזן זיך טרערן פון פרייד: איר מאַן וועט פאָרן אויף יום־טוב צום רבין און אין דעם זכות וועט זי געהאָלפן ווערן. זי קוקט אויפן מאַן און זעט ווי עס פאַלט אים אַלץ פון די הענט, אָבער זי גלייבט זיך נישט. עס דאַכט זיך איר, אַז דאָס אַלץ איז אַ חלום. און פּלוצים וואַקסט אויס דער מאַן אין אירע אויגן ווי אַ גרויסער חסיד, וואָס איז זייער חשוב ביים רבין און זי באַקומט פאַר אים גרויס דרך־ארץ. ער וועט פאָרן צום רבין אַ מאָס נעמען? אַ שאלה גאָר! ער האָט שוין לאַנג געוואָלט זיין ביים רבין, נאָר עס קומט אַלץ נישט אונטער די געלעגנהייט (אַ גרויסער קבצן געווען ביז איצט).

לאַנג האָט זיך שעיה געוואַשן די הענט. זיין ווייב האָט אים אויסגע־פּוצט די שבתדיקע קאַפּאָטע און די גאַנצע שטאָט האָט געקוקט מיט חידוש ווי אייזיק פּאַליכנער פירט שעיהן צום רבין אויף זיין בריטשקע נאַ־שפּיץ...

פאַרנאַכט־צו, נאָך דעם זעלבן טאָג, האָט אים ר׳ אייזיק אויף דער זעלבער בריטשקע צוריקגעבראַכט צו זיין שטוב. זיין פּנים האָט געפלאַמט. שוין יאָרן, ווי ער האָט מיט זיין ווייב אַזויפיל נישט גערעדט. ער איז גאָרנישט מיד געוואָרן איר צו דערציילן דעם כבוד, וואָס דער רבי האָט אים צוגעטיילט: ר׳ שעיה אַהין און ר׳ שעיה אַהער.

ער איז געוואָרן באַריידעווודיק ווי קיינמאָל ביז איצט, און שטיל האָט ער איינגערוימט זיין ווייב אַ סוד אויפן אויער, אַז דער רבי האָט געבעטן, ער זאָל קומען אויף סוכות. זיינע אויגן האָבן דערביי געלויכטן. יענטע האָט אין זייער פּייערל דערזען אַן אָנזאָג, אַז עס וועט זיך עפענען איר טראַכט, ווי נאָר ער וועט בשלום אַהיים קומען פון רבין. זי האָט אַליין אים גענומען אויסמשלען ווי אַזוי די פּאַנטאָפּעלעך דאַרפן זיין געמאַכט.

און שעיה האָט זיך גענומען גרייטן: איינגעקויפט די ווייכסטע לעדער, צוגעגרייט די קאָפּיטע אַקוראַט פאַרן רבינס פיס. ביים גראָבן פינגער, ווו

ס׳האָט אַרויסגעשטאַרצט אַן אויסגעקרימטער ביין, האָט ער צוגעקלעפּט אַ היפּשע צאָל שטיקלעך לעדער, אַז דער ביין זאָל זיך דאָרט אַריינפּאַסן. ער האָט אויך צוגעקלאַפּט שטיקלעך זויל פאַרן רבינס הינעראויגן. מיט איין וואָרט — ער האָט אויסגעלאַדעוועט די ריכטיקע קאָפּיטעס פאַרן רבינס פּיס. זונטיק האָט ער צוגעשניטן; מאָנטיק — צוגעגלייכט; דינסטיק — אויסגעבויגן; מיטוואָך האָבן זיך געטריקנט אויף דער זון צוויי אויבער־טיילן (ווי צוויי שוואַרצע קעצעלעך וואָלטן זיך אויף דער זון געוואַרעמט...); דאָנערשטיק — זיי צוגעקלעפּט און פּרייטיק צוועלף אַזיגער זענען שוין די אויבערטיילן געווען צוגעגרייט צום נייען אויף דער צווייטער וואָך. אַלע הללס האָט ער אין דעם רבינס פּאַנטאָפעלעך אַריינגעזונגען. אויף דער צווייטער אָדער דריטער וואָך, ווען ער האָט געהאַלטן אין דער האַלבער אַרבעט, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אַמאָל פאַרן פאָלקאָווניק, להבדיל, אַזאַ פאָר פּאַנטאָפעלעך געמאַכט. האָט ער זיי דאַן אויסגעבעט פון אינעווייניק מיט אַזאַ ווייכן וואָל־צייג, וואָס מאַכט ווייך דעם טריט. נאָר ווו נעמט מען איצט אַזאַ וואָל־צייג? גיט זיך יענטע אַן עצה: זי האָט אַ ווייסן דינינקן וואָלענעם טוך, וואָס פלעגט איר אַמאָל נוצן צו גיין אין שול אַריין. היינט האָט זי שוין אַ שוואַרצע, זיידענע פאַטשיילע. צו וואָס דאַרף זי איצט דעם טוך? און נאָך בפרט פאַרן רבין, ווער זי זשאַלעווען? האָט זי עס געגעבן שעיהן און מיט אָט דעם ווייכן וואָלענעם טוך האָט ער אויסגעבעט דעם רבינס פּאַנטאָפעלעך. צו די פיר וואָכן זענען זיי שוין געווען פאַרטיק: גרינג ווי אַ פעדער, ווייך ווי פּוטער און שיין — נאָר אין אַ וויטרינע זיי אַריינצושטעלן...

5

אַ טאָג פאַר יום־טוב האָט שעיה די גאַנצע אַרבעט פאַרטיק געמאַכט. ער האָט אויסגעשטעלט די אַלע פאַרטיקע שיך אינעם שויבן־שענקל, צווישן וועלכע דעם רבינס פּאַנטאָפעלעך האָבן אויסגעזען ווי געזאַלבטע צווישן אויסדערוויילטע. ווייל אויב די שטיבלעטן און לעטשלעך זענען גע־מאַכט געוואָרן פאַר שמן־זית, זענען דעם רבינס פּאַנטאָפעלעך געווען „זך״, סאַמע לויטערקייט.

יענטע האָט צוגעגרייט אַ יום־טוב, ווי גאָט האָט געבאָטן, און איר מאַן האָט זיך געגרייט אין וועג אַריין. די לעצטע טעג פאַר יום טוב איז זי געוואָרן טרויעריק. זי האָט געזען, אַז עס איז נישט קיין קאַטאָוועס; אַז וואָס אַ טאָג ווייטער אַלץ מער וואַקסט און ווערט צייטיק דעם רבינס מתנה. און כאָטש זי האָט באַדאַרפט זיין צופרידן, — זי האָט דאָך אַזויפיל געהאָפט אויף דער געלעגנהייט איר מאַן זאָל קאָנען פירן דעם רבין די מתנה און זי זאָל דערביי געהאָלפן ווערן, האָט אָבער איר האַרץ זיך גע־שראָקן פאַר דער געאיילעניש, מיט וועלכע די שיך זענען געמאַכט געוואָרן. און דער יום־טוב איז געקומען אַזוי שנעל, און געוווּסט האָט זי, אַז פון איילעניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס. געטראַכט האָט זי אויך פון פאַר־שטערטן יום־טוב — נישט געזינדיקט מיט די רייד — וואָס זי וועט האָבן. דאָס ערשטע מאָל נאָך אַזויפיל יאָרן נאָך איר חתונה וועט איר אויסקומען אויף אַ יום־טוב צו בלייבן אַליין. וואָלט כאָטש געווען אַ קינד, אַ רינד — נישט געזינדיקט קעגן זיין ליבן נאָמען... — האָט געוויינט איר האַרץ. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז זי וועט דאַרפן אַליין קידוש־מאַכן, איז איר דער גאַנצער יום־טוב נישט איינגעגאַנגען. ווען זי האָט אָבער געזען מיט וואָס פאַראַ פרייד איר מאַן גרייט זיך אין וועג אַריין, ווי די אויגן זיינע שיינען, ווען ער באַטראַכט די געלונגענע פאַנטאָפּעלעך, וואָס טאַנצן אַרויס פון שויבן־שענקל, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „ווייל איז אונדז, וואָס דעם רבינס פיס וועלן אויף אונדז טרעטן, און ווייל איז דעם מאַן, וואָס וועט אַזאַ מתנה פירן דעם רבין" — האָט זי שוין אַלץ אָנגענומען פאַר ליב. ווייל, צוריק־געשמועסט, וויפל ווייבער פון איר ס׳גאַל וואָלטן זיך געוווּנטשן, אַז זייערע מענער זאָלן פאָרן צום רבין מיט אַזאַ מתנה? זי האָט דעריבער די שיך אַריינגעלייגט אינעם טלית־זעקל און ערב יום־טוב, ווי נאָר עס האָט געגנו־מען שאַריען אויף טאָג, איז שוין שעיה מיט נאָך עטלעכע חסידים געזעסן אויפן פויערישן פורל, וואָס האָט זיי באַדאַרפט פירן קיין טאָרבין צום רבין. ווי נאָר זיי זענען אַרויסגעפאָרן הינטער דער שטאָט, איז די זון מיט אַ האַלב־פאַרשטעלטן פנים פונעם באַרג, ווי אַ טוך פון טונקל־גרין, זיי אַנט־קעגן געקומען. ווי אַן אומגעהויערער הויקער האָט זיך דער באַרג אַריינ־געשטעלט צווישן דעם פרימאָרגן־רויט, ווו די זון האָט זיך געהויבן צווישן פאַסמעס פלאַמען. האָט מען נאָר אַרויסגעזען איר האַלבן עיגול אין דער

פאָרם פון אַ גאָלדענעם סערפּ וואָס ראַנגלט זיך צווישן רויטע פייער־צונגען פון הינטער יענער זייט באַרג, ווי זיי וואָלטן זי וועלן פאַרצערן, אַז עס זאָל פון איר קיין שריד ופליט נישט בלייבן. און ווען דאָס פערדל איז אַרויף אויפן שפּיץ באַרג, האָט מען ערשט דערזען ווי זי איז אַרויס אַ געלייטערטע פון דעם שווערן געבורט־געראַנגל. זי איז אַרויס אין איר פולער פּראַכט, ווי אַ פייערדיק רויטער גאָלד־ראָד. פון דער טיפקייט פון חלל כישופט אַרויס אַזאַ איידעלע בלויקייט, וואָס קומט פון אַ צווייטער טיף־טיפער וועלט. דער הימל, וואָס איז נאָך גרוי, נעמט פון זיך אָפּשיילן שלייער נאָך שלייער און אַנטפּלעקט זיך אַ בלויער אַ לויטערער, אויסגעוואַשן לכבוד שבת.

דאָס פערדל האָט זיך געשלעפּט טריט ביי טריט, ווי עס וואָלט געוווּסט, אַז עס האָט זיך נישט צוּוואָס צו איילן. חסידים זענען אַראָפּ פונעם וואָגן ביי אַ באַרג־אַרויף. זיי האָבן געפילט אַ צער בעלי חיים. פאַר איינוועגס האָבן זיי זיך שוין געוואַשן די הענט מיטן פרימאָרגן־טוי, וואָס איז געלעגן אויף דעם גראָז און געזאָגט קריאת־שמע. ס׳האָט זיי באַגעגנט אַ געטשוויטשעריי פון פייגל, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעקומען ווי אויף אַ חתונה. חמרימוויז זענען זיי אָנגעקומען פון דער ווייטן, האָבן זיך צעשאָטן אויף די אָפּגעשניטענע פעלדער, אַרומגעטאַנצט אַ ווײַלע און ווידער מחנות־וויז זיך אויפגעהויבן און באַזעצט זיך צווישן די צווייגן פון די הויכע יאָדלעס, וואָס זענען געוואַקסן אויף ביידע זייטן וועג.

שעיה איז געבליבן זיצן אויפן וואָגן, נישט אַרויסגעלאָזט פון די הענט דעם טלית־זאַק מיטן רבינס שיך. ער איז געווען פאַרזונקען אין זיינע מחשבות און אַפילו נישט באַמערקט, ווי ער אַליין זיצט אויפן וואָגן און דאָס פערדל שלעפּט אים מיט אַלע כוחות באַרג־אַרויף. זיינע אויגן האָבן געקוקט ווייט, די רעיונות האָבן אים אַוועקגעטראָגן מיט ניין חדשים פאָרויס... זיין ווייב קאָרטשעט זיך אין ווייען, זי גייט צו־קינד. ער לויפט נאָך דער הייבאַם און נאָך איידער ער באַווייזט זי צו ברענגען אין שטוב אַריין, איז שוין דאָס קינד אויף דער וועלט. די הייבאַם קאָן זיך גאָרנישט אָפּוווּנדערן — אַן ערשטלינג און זיין ווייב איז שוין נישט קיין יונגע, — און אַזוי גרינג געבוירן?... „זאָלן איר די אויגן אַרויס״ — טראַכט ער — וואָס ווייסט אַ גויע? גיי און דערצייל איר, אַז מיט ניין חדשים צוריק האָט

ער דעם רבין געפירט אַזאַ מתנה. זאָל דער רבי נישט קאָנען פאַר אים אויספועלן אַ בן־זכר? יאָ, אַ יונג! הער נאָר, ווי ער שרייט! מען הערט אין זיין שרייען, אַז ער איז קיין עין־הרע אַ געזונט קינד"...

אַ געשריי האָט אים טאַקע אויפגעוועקט פון זיינע מחשבות. דאָס איז געווען אַ הירזשע פון דעם פערדל, ווי עס וואָלט זיך געבייזערט: ווי איז דאָס אַ מענטש אַזאַ אכזר? איך צי פון מיר אַרויס די כוחות, אַזאַ שווערן וואָגן באַרג־אַרויף — און ס'זאָל אים דאָס איינפאַלן אויף עטלעכע טריט אַראָפּצוגייך פון וואָגן...

שעיה האָט זיך טאַקע פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, אַז ער האָט דער־זען, ווי אַלע ייִדן גייען צופוס. האָט ער גענומען זוכן אַן אָרט, ווו אַוועק־צולייגן דאָס זעקל מיט די פאַנטאָפּעלעך, זיי זאָלן זיך נישט צעקנייטשן. און ווען ער האָט זיך שוין פאַרמאָסטן אַראָפּצוגיין פון וואָגן, האָט שוין דער פויער דאָס פערדל אָפּגעשטעלט. דער באַרג־אַרויף האָט זיך שוין גע־ענדיקט. אַלע זענען צוריק אַרויף אויפן וואָגן און דאָס פערדל האָט גענו־מען לויפן. אַ לאַנגער, ווייטער באַרג־אַראָפּ.

עס איז געוואָרן פריילעך. חסידים האָבן פאַרצויגן אַ זמרל. אַ העזל, וואָס איז געשטאַנען פאַרגאַפּט ביים ראַנד פון וועג, איז אַנטלאָפן אין שרעק. זינגען חסידישע ניגונים האָט שעיה נישט געקאָנט. נאָר זיין האַרץ איז איצט געווען איין שטיק געזאַנג. ווי אַן איבערפולטער כוס מיט שוים, אַזוי שוימט אין אים איצט אַ פרייד. ער פילט אַ באַדערפעניש צו רעדן, כאָטש מיט עמעצן זיך טיילן מיט זיין פרייד. ער ווייסט, אַז עס איז נישט שיך צו ווייזן די חסידים די מתנה, וואָס ער פירט צום רבין. מען וועט פון אים לאַכן. מען וועט זאָגן: „אַ שיינער ייִד פירט דעם רבין תורה, אַ בעל־מנגן פירט אַ ניגון און אַ שוסטער פירט סמאָלע צום רבין". און דאָך האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אַרויסגענומען די פאַנטאָפּעלעך. מיט־אַמאָל איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס געזאַנג. אַלע זענען געבליבן פאַר־גאַפּט. די פאַנטאָפּעלעך זענען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט. אַלע ווײַלע האָט אַ צווייטער אויסגעשריגן מיט התפעלות: „דאָס הייסט אַ מתנה פאַרן רבין!". אַנדערע האָבן אָפּגעזיפצט, ווי זיי וואָלטן זיך מצער געווען, וואָס גאָט האָט זיי נישט געמאַכט פאַר קיין שוסטער...

## 6

ר׳ לאָזער־בערלס — איינער פון די חסידים אויפן וואָגן — האָט צוזאַמענגעצויגן די ברעמען, פאַרמרוזשעט די אויגן, ווי ביי עפּעס אַ שווערן תוספות און באַטראַכט אַ שוך פון אַלע זייטן. ער טאַפּט, שמעקט צו אים. עס דאַכט זיך, ווי ער וואָלט וועלן דערגיין דעם סוד פון שוסטעריי, פּונקט ווי ער וויל דערגיין, להבדיל, די סודות פון ים־התלמוד, אין וועלכן ער גריבלט זיך טאָג און נאַכט.

ר׳ לאָזער איז אַ ייִד אַ דאָרפס־לויפער: ער האַנדלט אויפן דאָרף, קויפט אויף ביי די פּויערים תבואה, ליין און פלאַקס. דאָס איז זיין הויפּט־מסחר. און אַז עס קומט אים אונטער אַ זעקל ציבעלעס, אָדער אַ קעלבל, זאָגט ער זיך דערפון אויך נישט אָפּ. אויף אים איז געזאָגט געוואָרן דער מאמר: „זאָלסט נישט קוקן אויף דעם קריגל, נאָר אויף דעם, וואָס איז דאָרט פאַראַן"; ווייל אַ נייער קרוג קאָן זיין פול מיט אַלטן וויין און אַן אַלטער קאָן אַפילו קיין גייעם וויין אויך נישט אַנטהאַלטן. קוקנדיק אויף דעם ייִד, וואָלט קיינער נישט געגלויבט, אַז ער קאָן מער ווי דאַוונען. אָבער ווער עס האָט אים געקענט, האָט געוווּסט, אַז ער איז דער גרעסטער למדן אין שטאָט. ער האָט בלי־גוזמא געקענט גאַנץ ש״ס אויסנווייניק. מ׳פלעגט זאָגן וועגן אים אין שפּאַס, אַז ער איז אַן אינזשיניער: ער מעסט וו אָרסטן מיט מסכתות. פון זיין שטוב קיין גאדישאוו איז דער מהלך פון 50 בלאַט גמרא. אַ בית־מדרשניק האָט קיינמאָל נישט באַדאַרפט ברענגען צו אים די גמרא אויף צו פרעגן עפּעס ביי אים; עס איז גענוג געווען, ווען ער האָט אים געזאָגט ווי די גמרא הייסט, אויף וועלכן דף, האָט אים שוין ר׳ לאָזער געזאָגט דאָס גאַנצע בלאַט אויסנווייניק.

אַז ר׳ לאָזער באַטראַכט אַזוי ערנסט דעם שוך, שמעקט צו אים, ציט אויס גוט דאָס העלדזל פון דעם שוך, ווו ס׳זענען פוןביידע זייטן אַ׳ינגעגנייט די גומעלעך, בלייבן שוין די חסידים שטיל. זיי פאַרשטייען נישט: וויל ער אפשר פלוצים ווערן אַ שוסטער?...

— שעיה! — זאָגט לאָזער — דאָס איז דאָך וואָל! און ער ווייזט אָן אויפן וואָלן־צייג, מיט וואָס די שיך זענען אויסגעבעט.

— יאָ! — זאָגט שעיה — פון דער בעסטער וואָל. און ער וויל אָנ־הייבן דערציילן דעם יחוס פון וואַנען די וואָל שטאַמט.

— און די גומעס, דאַכט זיך — רעדט ר׳ לאָזער צו זיך אַליין — זענען דאָך ביינוואָל...

נאָר כדי נישט צו רעדן אַזוי סתם אין דער וועלט אַריין, פרעגט ער אַ צווייטן חסיד, אַ שניט־סוחר, וואָס זיצט ד׳ערביי:

— גומעס ווערן דאָך געמאַכט פון פאָדים?

יענער ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן. ער פאַרשטייט נישט וווהין ר׳ לאָזער צילט. הייבט ער מיט די פלייצעס:

— פון וואַנען זאָל איך וויסן פון וואָס גומעס ווערן געמאַכט?

נאָר ר׳ לאָזער דאַרף שוין ביי קיינעם נישט פרעגן. ער ווייסט שוין איצט אַלץ אויף זיכער.

— און פון וואָס מאַכט איר די דראַטווע?

— וואָס הייסט פון וואָס, ר׳ לאָזער? פון מאָטיקעס פאָדים, וואָס איך קויף ביי די פויערים. אייזן שטאַרק!

— ני, אָ! — שרייט אויס ר׳ לאָזער — פון פלאַקס! ר׳ שעיה, די שיך זענען פון שעטנז!

— פון וואָל מיט פלאַקס!

— צמר ופישתים! — זאָגן נאָך די חסידים.

אַלע בלייבן ווי צעמישט. שעיה בלייבט זיצן ווי פאַרשטיינערט. ער פאַרשטייט נישט דאָס וואָרט און במילא ווייסט ער נישט דעם פעלער, וואָס זיי האָבן אויסגעפונען אין די שיך. ער, אַ שוסטער אַזויפיל יאָרן, זאָל נישט זען דעם פעלער?

אָבער ר׳ לאָזער לאָזט אים נישט לאַנג טראַכטן:

— די שיך פירט איר צום רבין? עס שטייט דאָך אין דער תורה: „לא תלבש שעטנז, צמר ופישתים יחדיו״.

ווען שעיה הערט דאָס נישט פון ר׳ לאָזערס מויל, וואָלט ער גע־מיינט, אַז מען מאַכט פון אים חוזק; נאָר אַז ר׳ לאָזער זאָגט און ער רופט נאָך אָן אַ פסוק, ווייסט ער דאָך וואָס ער זאָגט. און איצט דאַכט זיך אים,

אַז דער פסוק איז אים עפּעס באַקאַנט. ער ווייסט נישט ווו, אָבער זיין יענטע ווייסט זיכער ווו דער פסוק געפינט זיך. עס הייבט אים אָן שווינדלען פאַר די אויגן... וואָס זאָל ער איצט טון? מיט די טרפהנע שיך קאָן ער דאָך שוין נישט פאָרן צום רבין. זאָל ער זיי אפשר אַוועקוואַרפן? אַזוי־פיל אַרבעט איז זיי אַריינגעלייגט. וויינט אין אים דאָס האַרץ. ווען ער וויל מאַכן צו־גוט קומט אַזוי אַרויס. ווי קאָן ער זיך מיט די שיך ווייזן פאַרן רבין? און אפשר זאָל ער צוריק אַהיים גיין? וואָס וועט זיין ווייב זאָגן? און אַז ער וועט ביים רבין אין שטוב פאַרשעמט ווערן, וועט זיין בעסער?...

אַזוי לויפן ביי אים די געדאַנקען הין און צוריק, און דאָס פערדל לויפט דעם באַרג־אַראָפּ, ווי אַ טייוול. עס דאַכט זיך, אַז דער וואָגן וועט צעשפּרונגען ווערן, ווי אַ „ניט־גוטער" וואָלט אים געשלעפּט. פּלוצים האָט זיך שעיה אויפגעשטעלט אויפן געזעס ביים הינטערשטן טייל פון וואָגן; מיט די הענט פונאַנדערגעשפּרייט, האָט ער אויסגעזען ווי אַ געקרייציקטער, וואָס גרייט זיך צו פליִען אין דער אומענדלעכקייט און נאָך איידער דער פויער האָט באַוויזן צו האַמעווען דאָס פערדל, האָט ער זיך ווי אַ גרויסער שוואַרצער פויגל אַ וואָרף־געטון פון וואָגן. ער האָט זיך אַפילו קיין וואַקל נישט געגעבן, איז שטיין־געבליבן אויף די פיס און אָנגעהויבן מיט שנעלע טריט אַהיימצוגיין צו־פוס...

7

ערב יום־טוב אינדערפרי שטופּן זיך ייִדן ביים אַריינגאַנג צום רבין, ווילן נעמען שלום. נאָר דער שמש לאָזט קיינעם נישט אַריינגיין. דער רבי וויל קיינעם נישט אויפנעמען. שטייען זיי ביי דער טיר און וואַרטן אויף אַ שעת־הכושר צו קאָנען געבן שלום דעם רבין. אינעם בית־המדרש, וואָס גרענעצט זיך מיט דעם רבינס חדר־המיוחד, ראַיעט עס ווי אין אַ בינ־שטאָק. יונגעלייט חזרן זיך נייע ניגונים. חסידים פון פאַרשידענע שטעט דערזעען זיך, ווערט אַ גדולה. מען רעדט פון מסחר, פון משפחה און אַפילו פון שידוכים. צווישן אַנדערע רעדלעך שטייט אַ חסיד, איינער פון די וואָס זענען געפאָרן צוזאַמען מיט שעיהן אויפן וואָגן און דערציילט די ביז

גאָר שיינע געשיכטע וועגן שעיה דעם שוסטער, זייך בן־עיר, וואָס האָט געפירט דעם רבין אַ מתנה — אַזעלכע שיינע שיך, — „נאָר אַ שוסטער אַן עם־הארץ״! — רעדט ער מיט חוזק — געמאַכט זיי פון שעטנז! און ווען נישט ר׳ לאָזער, וואָס האָט דעם שעטנז אויסגעפונען, וואָלט ער זיי געוועזן געבראַכט צום רבין״.

די מעשה וואָלט אויף קיינעם קיין רושם נישט געוועזן געמאַכט, ווען עס דערהערט זיך נישט פּלוצים, פון יענער זייט טיר, פונעם רבינס חדר, אַ געזאַנג. דאָס האָט דער רבי געלערנט אויפן הויכן קול מיט אַ ניגון די פּרשה פון שעטנז... דער רושם דערפון איז געוועזן נאָך גרעסער, וואָס אין גאָר זעלטענע פאַלן הערט מען דעם רבין לערנען מיט אַזאַ הויכן טאָן.

מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ איז די געשיכטע מיט דעם רבינס שיך געוועזן אויף יעדנס ליפּן. ווייל ווי קומט דאָס, אַז ערב־סוכות זאָל דער רבי לערנען די פּרשה פון שעטנז? חסידים האָבן אין דעם געזען דעם רוח־הקודש פון רבין. האָבן זיי געקרעכצט און געהאַט פאַריבל אויף ר׳ לאָזערן, וואָס האָט פאַרלענגערט דעם קץ. נישט באַדאַרפט זיך שטעלן אין וועג און אויסמיידן, אַז אַזעלכע צוויי בערג זאָלן זיך צוזאַמענטרעפן...

8

אַהיימגעקומען איז שעיה, ווען זיין ווייב איז שוין געווען אין שול. ער האָט זיך אויף שנעל אָפּגערייניקט די שטיוול פון וועג. אין שול אַריין איז ער געקומען אַביסל שפּעטלעך און ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט ער אָפּגעדאַוונט ביי דער טיר און קיינער האָט אים נישט באַמערקט. אָבער ווי דערשראָקן איז זיין ווייב געוואָרן, ווען אַהיימקומענדיק פון שול, האָט זי אים געטראָפן אין שטוב! זי וואָלט אירע אייגענע אויגן נישט געגלויבט, ווען זי הערט נישט דעם „גוט־שבת״, וואָס ער האָט איר געענטפערט. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרווונדערונג, אָבער טיף אין האַרצן איז געווען אַ באַהאַלטענע צופרידנקייט, וואָס זי וועט דעם יום־טוב נישט בלייבן אַליין. אַ נישט־געפרעגטע פראַגע האָט מיט שטוינען און נייגיר אַרויסגעקוקט פון אירע אויגן: וואָס איז געשען? נאָר כדי נישט צו פאַרשטערן דעם יום־טוב,

האָט שעיה, ווי שטענדיק, זיך געוואַשן צום עסן און נאָכן בענטשן האָט ער איר אָנגעהויבן דערציילן וואָס מיט אים האָט געטראָפן.

— אַ וויסטע עין־הרע איז דאָ געשען — האָט ער געזאָגט. — האָסט באַדאַרפט זען, ס׳אַראַ אויגן די חסידים האָבן אויף די שיך אָנגעשטעלט בעת זיי האָבן זיי דערזען! ר׳ לאָזער בערלס האָט אָבער אויסגעפונען עפּעס אַ פעלער אין זיי: אַ פעלער פון דער תורה... שעטנז!..

אַן אומבאַהאָלפענער האָט ער געקוקט זיין ווייב אין מויל אַריין. זי, די אַלץ וויסערין, וועט אים אויפקלערן דעם סוד פון דעם אַזוי שרעק־לעכן געהיימען וואָרט „שעטנז״...

לאַנג האָט יענטע געזוכט אינעם טייטש־חומש, ביז זי האָט געפונען די סדרה, ווו דער פסוק געפינט זיך, און זי האָט אָנגעהויבן לייענען מיט אַ ניגון: „און דו זאָלסט נישט טון אַקערן מיט אַן אָקס און אַן אייזל צוזאַ־מען. און דו זאָלסט דיך נישט טון אָנקליידן מיט קיין שעטנז — וואָל מיט פלאַקס צוזאַמען. און דו זאָלסט טון מורא האָבן פאַר דיין גאָט...״

ערשט איצט האָט זי אָנגעהויבן צו פאַרשטיין אָט די פּשוטע הייליקע ווערטער ,וואָס זי האָט אַזויפיל מאָל געלייענט און נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיי. „וואָל מיט פלאַקס״ — האָט זי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט די ווערטער, ווי זי וואָלט דערמיט אויסגעדריקט איר שולד. זי אַליין האָט אים געגעבן דעם טוך, וואָס איז ריינער וואָל־געוועב. ווי אַזוי האָט זי אים דאָס געלאָזט נייען מיט זיין דראַטוועלע, וואָס איז סאַמע פלאַקס... יאָ, דער גאַנצער חייב איז זי. מיט אירע אייגענע הענט האָט זי געוואָלט דעם רבין אָנקליידן מיט שעטנז...

טרויעריק ווערט איר געמיט: האָט זי דאָך די גאַנצע צייט געהאַט אַ בייזן פאָרגעפיל. עפּעס זענען די שיך געמאַכט געוואָרן אין איילעניש. גלייך ווי דאָס האַרץ וואָלט איר געזאָגט, אַז פון איילעניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס...

# דער בעל־מופת

## 1

ס'האָט קיינער נישט געוווּסט ווער ער איז, פון וועלכער גזע ער שטאַמט. מען האָט אים גערופן „דער בלינדער בעל־מופת". קיינער האָט זיינע מופתים נישט געזען, און דאָך, אין וועלכן שטעטל ער איז נאָר אָנגעקומען, האָבן ווייבער באַלאַגערט דאָס הויז, ווו ער איז איינגעשטאַנען. זיין נאָרמאַלער פדיון איז געווען 5 זלאָטעס, אָבער די אָפּצאָלעכצן, וואָס יעדער האָט באַדאַרפט געבן, לויט דער בקשה פון זיין קוויטל, זענען געווען אַ סך מער, וויפל דער גאַנצער פדיון האָט באַטראָפן. אַז אַ ייִדענע האָט אין איר קוויטל געבעטן אויף פרנסה, האָט זי באַדאַרפט אָפּצאָלן כמנין „טוב", ד"ה 17 זלאָטעס; האָט איינע געבעטן אויף געזונט, האָט זי באַצאָלט די צאָל פון „חי", ד"ה 18 זלאָטעס, און ווער ס'האָט געבעטן אויףביידע, האָט באַצאָלט 35 זלאָטעס. צום טייערסטן האָט באַצאָלט אַ ייִדענע אַן עקרה: בכדי זי זאָל געהאָלפן ווערן, האָט זי באַדאַרפט צאָלן כמנין „בן" אָדער „בת", ד"ה 52 פאַר אַ זון אָדער 402 זלאָטעס פאַר אַ טאָכטער, און וועלכע עקרה וויל דאָס נישט בעסער אַ זון? האָבן ווייבער עקרות געהאַנדלט מציאות: בעסערע סחורה און פאַר ווינציקער געלט. אַזוי אַרום איז דער בלינדער בעל־מופת במילא אָפּגעוווינט געוואָרן פון „בת". ער האָט שוין דער ייִדענע פאַר קיין ברירה נישט געשטעלט. אַז אַן עקרה וויל געהאָלפן ווערן, קאָסט דאָס 52 זלאָטעס. סיידן אַז אַ ייִדענע האָט עטלעכע ייִנגלעך און וויל זיך פאַרגינען דעם לוקסוס צו געבוירן אַ מיידל, טאָ זאָל זי באַצאָלן!

אַזוי איז דער בלינדער צדיק אַרומגעפּאָרן אין אונדזערע קאַנטן. וווּנדער האָט מען זיך אָנדערציילט פון אים: ער היילט קראַנקע, מאַכט בלינדע זעעוודיק (כאָטש זיין אייגן בלינד אויג האָט ער נישט געקאָנט זעעוודיק מאַכן), גלייכט אויס קרומע — מיט איין וואָרט, ער מאַכט פון טויט לעבעדיק...

## 2

באַלד נאָך תשעה־באָב, ווען לייכטע ווינטעלעך צעטראָגן די זאַפּטיקע ריחות פון צייטיקע פלוימען איבער די שטיבער מיט אָפענע פענצטער; ווען אויף די ניסן־ביימער איז שוין קיין איין צייטיקער נוס ניט געבליבן, איז מיין טאַטע געזעסן ביים פענצטער אין דער פאָדערשטער שטוב און אַריינגעקוקט אין אַ ספר. ס׳איז שוין געווען פאַר מנחה. פּלוצים האָט זיך בערל קאַראַגעס וואָגן אָפּגעשטעלט פאַר אונדזער שטוב. בערל איז ערשט אָנגעקומען פון קראַשניקער יאַריד.

— ר׳ זונדל! — רופט ער אויס — כ׳האָב אייך געבראַכט אַ גאַסט, דעם רבי — זאָל לעבן. ער קומט פון קראַשניק. אַלע רביס שטייען דאָ איין, וועט דער רבי אויך ביי אייך איינשטיין.

דער טאַטע איז אַרויס דעם רבין מקבל־פּנים זיין און כאָטש דער רבי איז פאַרן טאַטן אינגאַנצן אומבאַקאַנט געווען (מיין טאַטע איז געווען אַ טריסקער חסיד), האָט ער דאָך מיט גרויס כבוד אים געהאָלפן אַראָפּגיין פון וואָגן און מיט אַ ברייטן „שלום־עליכם" אים אַריינגעפירט אין שטוב אַריין. דער רבי איז געווען אַן עלטערער מענטש מיט אַ גרוי־געלבלעכער באָרד, באַוואַקסן איבערן גאַנצן פּנים. די באָרד איז ביי אים פאַרקראָכן צום קאָפּ, צו די ברעמען אַפילו. אויך פון די אויערן האָבן אַרויסגעסטערטשעט בינטלעך האָר וועלכע האָבן אויך געהערט צו דער באָרד. ס׳האָט זיי נאָר אָפּגעטיילט אַ באַזונדערע סיסטעם פון וואַקסן: בעת די האָר פון דער באָרד האָבן ביז צו די ברעמען געצויגן אַרויף, האָבן די האָר פון קאָפּ און פון די ברעמען געצויגן אַראָפּ און האָבן פאַרשטעלט זיינע אויגן. אַזוי אַרום איז די גרענעץ צווישן די האָר פון קאָפּ און דער באָרד געווען אָפּגעהיט דורך די ברעמען, ווי אַ וואַך. דער רבי איז געווען בלינד אויף איין אויג,

האָט אים דער טאַטע צוגעפירט צום טיש, אים אונטערגערוקט זיין שטול (מיין טאַטע האָט ליב געהאַט משמש צו זיין אַ תלמיד־חכם). מיט אַ קרעכץ האָט ער זיך אַוועקגעזעצט. דער שמש האָט שוין גאָר נישט געפרעגט, אָנ־געהויבן אַראָפּטראָגן די טשעמאָדאַנעס און זיך מיט זיי צעלייגט ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן.

ווער דער רבי איז געווען — דאָס האָט דער טאַטע נישט געוווּסט. פאַר אים איז געווען, אַז אַ ייִד מיט אַ שטריימל פאַרפאָרט צו אונדז און וויל זיך ביי אונדז אויפהאַלטן עטלעכע טעג, אַז ער זאָל אים שוין אויפנעמען בסבר פנים יפות. נאָך איידער מען האָט זיך אומגעקוקט זענען שוין ביי אונדז געווען אַ צענדליק ייִדן, וואָס זענען געקומען געבן שלום אַ גוטן ייִד, און מען האָט זיך געשטעלט דאַוונען מנחה־מעריב. די מאַמע האָט דערווייל צוגעגרייט אַ מילכיקע וועטשערע מיט בלינצעס. נאָך דעם ווי די ייִדן האָבן זיך געקוויקט מיט די שיריים האָט מען געוואַרט צו הערן אַ וואָרט תורה פון רבין; אָבער דער רבי האָט זיך געפילט זייער מיד, האָט מען געבענטשט במזומן. דעם שמש האָט מען אויסגעבעט אַ געלעגער אויף אַ שעניק און מען איז געגאַנגען שלאָפן.

אויפגעשטאַנען איז דער רבי גוט באַגינען און אָפּגעדאַוונט ביחידות. פאַר אונדזער שטוב האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען אַ סך מענטשן. דאָס רוב האָבן געשטראָמט צום רבין פרויען פון אַלע זייטן. ס׳איז גאָר נישט גע־ווען צום פאַרשטיין, ווי אַזוי האָבן זיך דעם זעלבן טאָג אין דעם קליינעם שטעטל דערוווּסט אַזויפיל ייִדן אַז דער רבי איז געקומען, ווו ער געפינט זיך. ווער האָט דאָס איבערנאַכט איבערגעגעבן? אַפילו אין די דערפער, וואָס געפינען זיך אַרום דער שטאָט, איז מען דערפון געוואָר געוואָרן. ווייל צומאָרגנס פרי זענען ייִדן געקומען מיט וועגעלעך פון די דערפער זוכן ביים רבין אַ רפואה שלמה, פרנסה און קינדער. פון שטאָט איז דאָך אָפּגערעדט; דאָס גאַנצע שטעטל ווייבער זענען געקומען צום רבין מיט קוויטלעך. און דער רבי האָט פון גאַנץ פרי אָן זיך אָנגעהויבן „ספּראַווען" מיט זיי. על פּי דעם צופלוס פון די ווייבער האָט ער זיי דערליידיקט מיט דער געהעריקער שנעלקייט. דער שמש האָט נישט באַוויזן אַזויפיל קוויט־לעך אָנצושרייבן וויפל ווייבער דער רבי האָט זיינע ברכות אויסגעטיילט. און אַז דער געדראַנג פון מענטשן ביי אונדז אין שטוב איז געוואָרן אומ־

דערטרעגלעך, האָט דער שמש אַרויסגענומען דעם טיש אין דרויסן, אים אַוועקגעשטעלט פאַר דער פאָדערשטער טיר, דאָרטן געשריבן די קוויטלעך, און דורך יענער טיר אַריינגעלאָזט צום רבין. אַרויסגעגאַנגען פון רבין איז מען דורך אונדזער שטוב. ביי אונדז איז געוואָרן אַביסל געררוימער, ווייל אַלע מענטשן האָבן זיך געשטופּט צו דער פאָדערשטער טיר. מיטאָג־צייט איז די גאַנצע גאַס אַרום אונדזער הויז געווען פול מיט מענטשן, ס׳רוב מיט ווייבער, וואָס זענען געקומען צום רבין „געהאָלפן ווערן״...

3

יענטע, שעיה־משה ראכאלעס ווייב, איז געווען אַן עקרה. שוין 30 יאָר נאָך דער חתונה, ווי זי האָט קיין קינדער נישט געהאַט. פון דאָקטוירים האָט זי נישט געהאַלטן. „וואָס ווייסן זיי, די דאָקטוירים?״ — פלעגט זי זאָגן — „זיי פאַרשטייען אַ קרענק״. זעט איר, פון רביים, להבדיל, האָט זי יאָ געהאַלטן אַ וועלט. און אויב זי איז נישט געפאָרן צו קיין רביים, איז עס נאָר געווען דערפאַר, ווייל איר מאַן שעיה איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. ער האָט זעלטן ווען געמאַכט אַ פאָר נייע שיך. ער פלעגט נאָר מאַכן לאַטקעלעך, אָדער האַלבע זוילן און קיין צו־גרויסע פאַרדינסטן האָט ער דערפון נישט געהאַט. היינט ווי אַזוי־זשע האָט זיך זיין ווייב געקאָנט פאַרגינען צו פאָרן צום רבין? דערפאַר אָבער האָט זי ניט דורכגעלאָזט קיין איין גוטן ייִד, וואָס איז געקומען אין שטעטל אַריין. האָט זיין פּדיון געמעגט זיין ווי גרויס, האָט איר דאָס נישט אָפּגעהאַלטן. זי פלעגט זיך באָרגן געלט אויף אַ פּדיון, אָבער קיינמאָל האָט זי קיין צדיק אין שטעטל נישט דורכגעלאָזט. צום בלינדן בעל־מופת איז יענטע געקומען ווי אַ צד אין דער משפחה: זי איז געווען מיין פעטער ישראלקעלעס אַ שוועסטער, און אַזוי ווי דער רבי איז איינגעשטאַנען ביי אונדז, האָט זי זיך שוין געהאַלטן פאַר אַ צד ביים רבין. דאָס קוויטל האָט איר מיין טאַטע אָנגעשריבן. ער האָט איר אַפילו נישט געפרעגט וואָס צו שרייבן, ווייל ער האָט שוין געוווסט וואָס יענטע פאַרלאַנגט: אַז דער רבי זאָל דאָרטן זען ווו מען באַדאַרף צו פּועלן פאַר איר אַ בן־זכר. און ווי אַ צד, האָט זי זיך נישט באַדאַרפט

שטופּן צוזאַמען מיט אַלעמען אַריינצוגיין צום רבין דורך דער פאָדערשטער טיר. מיין מאַמע האָט איר געעפנט די טיר פון שטוב און זי אַריינגעלאָזט צום רבין.

און וואָלט זיך דער רבי געווען אָפּגעגעבן חשבון, אַז יענטע איז צו אים אַריינגעקומען אַזוי לייכט, אָדער ווען ער וואָלט כאָטש געווען געקאָנט מיין טאַטנס כתב, וואָלט ער אוודאי געווען פאַרשטאַנען, אַז זי מוז האָבן אַ צד אין דער שיסל און ער וואָלט זי געווען דערליידיקט בכבוד גדול. ס'וואָלט דאַן אפשר נישט געווען געקומען צו דעם, צו וואָס ס'איז געקומען...

## 4

ס'איז נישט פאַריבער קיין צען מינוט, ווי יענטע קומט אַרויס פונעם רבינס שטוב מיט פאַרוויינטע אויגן. זי גייט צו צו דער מאַמען און בעט זי און קושט אירע הענט:

— רבקה־לעבן, קרוין, האָט אויף מיר רחמנות, ראַטעוועט מיך, באָרגט מיר אויס 52 זלאָטעס...

מיין מאַמע האָט שוין פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען.

— אויף וואָס באַדאַרפט איר אַזאַ סומע געלט?

יענטע האָט איר אַפילו נישט געלאָזט אויסרעדן: זי גייט איר ברענגען אַ משכון די זילבערנע לייכטער, אַבי זי זאָל איר באָרגן דאָס געלט. און ווען מיין מאַמע איז מיט איר אַוועק אין אַ זייט און איר געזאָגט, אַז זי דאַרף נישט איר משכון, זאָל זי איר נאָר זאָגן וועגן וואָס דאָ גייט; אַז כאָטש זי, מיין מאַמע, פאַרמאָגט נישט דאָס געלט, וועט זי זיך לייען און איר דאָס געלט געבן — האָט יענטע איר דערציילט:

ווען זי איז אַריין צום רבין, האָט זי דאָרטן געטראָפן אַ פרוי ווי זי, אַן עקרה; און דער רבי האָט זיך געהייסן באַצאָלן 52 זלאָטעס פאַר דער ברכה. ווי נאָר יענע האָט אים דאָס געלט באַצאָלט, האָט דער רבי זיך אויפגעשטעלט, אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף איר קאָפּ און זי געבענטשט. דערביי אַ לענגערע ווילע געגלעט אירע באַקן און איר געזאָגט: „טאָכטערשי, גיי אַהיים. אין ניין חדשים אַרום וועסטו געבוירן אַ בן־זכר“.

זי, יענטע, וואָס אויך געבעטן די זעלבע ברכה; פאַרלאַנגט אָבער דער רבי 52 זלאָטעס. „איצט — פאַרענדיקט זי מיט אַ געוויין — בין איך געבליבן נישט דערשאָכטן און נישט דערקוילעט״.

— פון וואַנען ווייסטו אַזוי זיכער, אַז יענע וועט שוין געהאָלפן ווערן?

— פרעגט די מאַמע — ס׳זענען שוין פאַרביי עטלעכע חדשים און דו זעסט זי שוין אַ מעוברת׳ע?

יענטע איז אַ ווײַלע געבליבן פאַרקלערט און די מאַמע „שמידט דאָס אײַזן כל־זמן דאָס פײַער איז הייס״:

— יענטע־קרוין, איך פאַרשטיי נישט. דו זאָגסט אַליין, אַז דער רבי האָט אויף יענער אַרויפגעלייגט די הענט אויפן קאָפּ און געבענטשט, אָבער דו האָסט דאָך אויך געזען, ווי ער האָט געגלעט איר פּנים... געשיקט זיך עס, אַז אַ ייִד אַ צדיק זאָל גלעטן ס׳פּנים פון אַ פרוי?

— רבקה׳לע, — ענטפערט יענטע מיט אַ שבועה — איך האָב דאָס אַליין געזען.

— איך צווייפל נישט אין דײַן אמת, נאָר איך פרעג דיך: ס׳אַרא צדיק איז דאָס, וואָס גלעט דאָס פּנים פון אַ פרוי? און ביי אים גייסטו דאָס זוכן אַ ברכה? און דערצו נאָך פאַר אַזויפיל געלט?

יענטע האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, ווי זי וואָלט ערשט איצט אָנגעהויבן פאַרשטיין דער מאַמעס ווערטער. מען האָט געזען, אַז דער וואָרעם פון צווייפל האָט זיך ערנסט באַזעצט אין איר מוח.

## 5

אינדרויסן איז געוואָרן אַ געמורמל. די שטילע עדה, וואָס האָט אַזוי רויִק געוואַרט ביי אונדזער הויז אָנצוקומען צום רבין מיט אַ קוויטל, האָט זיך גענומען באַוועגן. די אָפּגעזונדערטע רעדלעך, וואָס האָבן צווישן זיך אַזוי שטיל געשמועסט וועגן גזירות און וועגן פרנסה און וועגן רבינס מופתים, האָבן זיך אַ וואַקל געטון און זיך אָנגעהויבן צונויפקוועטשן אין איין גרויסן קנויל. ווייבער, מענער, קינדער, קאַליקעס האָבן זיך אויסגעמישט און פון דעם קנויל האָט זיך געטראָגן אַ געמורמל. וועגן וואָס דאָ

גייט האָט קיינער נישט געוווּסט, נאָר פון דער פּאָדערשטער טיר, ווו דער שמש האָט געשריבן די קוויטלעך, האָט זיך דערהערט אַ געוויין, וואָס האָט זיך ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ שרייענדיקן פּראָטעסט. דאָס געוויין איז געוואָרן וואָס אַמאָל שאַרפער און דראָענדיקער. דאָס האָט אַ ייִדענע אַזוי געשריגן, ווען דער שמש האָט זי צום צווייטן מאָל נישט געוואָלט אַריינלאָזן צום רבין. זי האָט שוין איצט געשריגן מיט באַנומענע קולות:

— אַז ער וויל מיר נישט געבן די ברכה, זאָל ער מיר צוריקגעבן די 5 זלאָטעס. אַנדערש וויל ער נישט, נאָר 52 זלאָטעס, ווו זאָל איך זיי נעמען?

ווייזט אויס, אַז ס׳זענען געווען אַ סך אַזעלכע באַוווּהטע ווייבער, ווי יענטע, וואָס האָבן איבערגעלאָזט דעם פּדיון און געלאָפן זיך שאַפן די 52 זלאָטעס, כדי צו באַקומען די ברכה. איינע האָט זיך אפנים אונטערגעהערט דעם געשפּרעך פון יענטען מיט מיין מאַמען, איז דער צווייפל אויך יענער פאַרקראָכן אין קאָפּ אַריין; האָבן שוין ווייבער אָנגעהויבן מורמלען צווישן זיך עפּעס נישט קיין זייער שיינע זאכן. מען האָט זיך אָנגעהויבן צו דער־ציילן פון דעם רבין אויפן אויער. און ווי אומעטום אין אַזעלכע פאַלן פון מרידה, איז נאָר געווען, אַז איינע זאָל אויפהויבן איר שטים און שוין יאַווען זיך געווען אומצופרידענע. אין דעם פאַל איז דאָס געווען יענע אָרימע ייִדענע ביי דער טיר, וואָס האָט אַזוי געררעכט געטענהט צום שמש: „אָדער זאָל ער מיר געבן די ברכה פאַר די פינף זלאָטעס פּדיון אָדער אויב ער וויל מיר די ברכה נישט געבן, זאָל ער מיר אָפּגעבן די פינף זלאָטעס“...

נאָר צו שפּעט האָט דער שמש זיך געכאַפּט, אַז מען וואָלט באַדאַרפט דעם רבין געבן צו פאַרשטיין, אַז מיט פרומע ווייבער זאָל ער נישט זיין אַזוי געלט־גייציק, נאָר זיי געבן די ברכה פאַר יעדן פּרייז. ווייל ווען ער איז אַרויסגעקומען פון דעם רבינס שטוב מיט דער גוטער בשורה פאַר דער ייִדענע, דער שרייערין, אַז דער רבי באַוויליקט איר צו געבן די ברכה אינגאַנצן אָן געלט, האָבן שוין צענדליקער ווייבער געשטורעמט די טיר פונעם רבין:

— מיר ווילן שוין נישט זיין ברכה, זאָל ער אונדז צוריקגעבן אונדזער געלט...

מיין טאַטע איז געשטאַנען ווי צעמישט. די מעשה מיט יענטען האָט גענומען עגבערן זיין מוח. דאָס קלאַפּן אין דער טיר פון רבין

מצד די ווייבער האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט זיינע ספיקות. ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון: זאָל ער פאַרטיידיקן דעם רבין — איז דאָך דאָס אַ בפירושע נבלה; זאָל ער פאַרטיידיקן די באַעוולהטע ווייבער — האָט ער אָבער מורא געהאַט, טאָמער איז דאָס פאָרט אַ ריכטיקער צדיק און אַ צדיק קאָן צאָרענען און שעלטן און פאַר דעם צאָרן פון אַ גוטן ייִדן האָט מיין טאַטע געציטערט. אין זיין אומבאַהאָלפנקייט האָט ער אויסגעפונען, אַז דאָס בעסטע איז — ער זאָל עוקר זיין פון שטוב. איז ער טאַקע אַוועק אין בית־מדרש.

ווען דער רבי האָט גענעפנט די טיר און אָנגעהויבן רופן מיין טאַטן: — „זונדל! זונדל!" — איז שוין מיין טאַטע אין שטוב נישט געווען. דער בעל־הבית פון הויז בין איך דעמאָלט געוואָרן און איך האָב דאָס גוט אויסגענוצט אויף אָפּצורעכענען זיך מיט די „רעאַקציאָנערע קאַפּיטאַליסטישע משרתים", מיט דעם „קלער". מיט מיין גאַנצן בקיאות האָב איך אין יענע יוגנט־יאָרן געשטודירט דעם „אַנטי־קלעריקאַלן שולחן־ערוך" און גע־דאַנקט דעם גורל, וואָס ער האָט מיר געגעבן אַזאַ גוטע געלעגנהייט צו פאַרפירן אַן אָפּענעם קאַמף קעגן דעם „רעליגיעזן שימל"...

און ביז חזקה האָב איך באַפוילן דעם רבין, וואָס האָט געציטערט ווי אַ בלאַט, אַז ער מוז אָפּגעבן די ווייבער די פינפער־זלאָטעס...

ס'זענען שוין אָבער ווינציק מאָנעריגס פאַרבליבן, ווייל אַ סך פון די ווייבער האָבן זיך פשוט פאַרשעמט און ביים ערשטן געמורמל נעלם גע־וואָרן. געבליבן זענען נאָר עטלעכע ווייבער, די „האַלב"־געבענטשטע. זיי האָט דער רבי יעדער איינער צוריקגעגעבן דאָס געלט. און אַז די שטוב און דער פּלאַץ אַרום איר איז געוואָרן ליידיק פון מענטשן, האָב איך אַריינגע־רופן דער מאַמען, זי זאָל מיר געבן דעם חשבון פון די אויסגעגעבענע געל־טער אויף עסן פאַרן רבין מיטן שמש. און פון מיין „פּראָלעטאַרישן שולחן־ערוך" האָב איך נאָך אויסגעפונען, אַז דער רבי דאַרף צאָלן פאַר דער טירחה. נאָר דאָס האָט מיין מאַמע שוין נישט געוואָלט. דער רבי האָט באַצאָלט און מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער איז שוין בערעלע קאַראַגע געשטאַנען פאַר אונדזער הויז מיט זיין געשפּאַן. דער רבי מיטן שמש האָבן אין גרויס געאייל אַרויפגעלייגט זייערע טשעמאַדאַנעס און אַוועק ווי דער שוואַרצער פעפער וואַקסט...

# דער אתרוג

1

מיט קריעת ים־סוף איז אָנגעקומען ישראלקעלע שמש צו קויפן אַן אתרוג אויף סוכות. ישראלקעלע איז אַרומגעגאַנגען מיט אים איבער די הייזער די גאַנצע אַכט טעג, אינדערפרי, כדי די ווייבער וואָס גייען נישט דאַוונען, זאָלן קאָנען בענטשן אתרוג ביי זיך אין שטוב. דערפאַר פלעגט ער נאָך יום־טוב איינמאָנען אַ גוטן אתרוג־געלט.

ער האָט אַפילו געקאָנט זיך באַנוצן מיטן קהל־אתרוג פון בית־המדרש, ווי ער איז געווען שמש; איז אָבער די צרה געווען, וואָס יענער אתרוג געפינט זיך שטענדיק ביים רב, און איידער דעם רבס בני־בית ווערן פאַרטיק מיטן אתרוג, איז שוין דער זייגער באַלד ניין, פונקט די שעה ווען מען שטעלט זיך דאַוונען אין בית־המדרש, ווו ער אַלס שמש מוז אומבאַדינגט זיין; בלייבט אים שוין גאָר ווינציק צייט צו באַדינען זיינע בעלי־בתים.

גאַנץ אַנדערש האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, ווען ער זאָל האָבן אַן אייגענעם אתרוג; ער וואָלט אויפגעשטאנען גאַנץ פרי און וואָלט געקאָנט באַווייזן צו באַדינען אַלע זיינע בעלי־בתים, און דאָס וואָלט אים נאָך יום־טוב אַריינגעבראַכט אַ גאַנץ פיינע הכנסה... און למאי לייקענען? נאָך נישט דאָס איז געווען דער גאַנצער עיקר, וואָס האָט אים אַזוי געצויגן צו האָבן אַן אייגענעם אתרוג. עס איז געווען נאָך אַ סיבה, און אפשר אַ פיל שטאַרקערע, וואָס ס'חיות איז אים אַזוי אויסגעגאנגען נאָך אן אייגענעם אתרוג:

דאָס איז געווען אַ באַהאַלטענער נקמה־געפיל, וואָס האָט געטליעט אינעם שמשס האַרץ צו זיין אייביקן קאָנקורענט, מענדל שמש, וואָס איז געווען שמש אין דער גרויסער שול.

און געווען איז יענער פונקט דער היפוך פון ישראלקעלען: אויף וויפל ער, ישראלקעלע, איז געווען אן איש־תם, וואָס האָט ניט געוווּסט פון קיין חניפה, פון קיין אונטערלעקעריי — אויף אַזוי פיל איז יענער געווען אַן אויסטויגער, ווי ער וואָלט באַשאפן געוואָרן צו שמשות. יענער האָט גע־ווּסט ווו איין און ווו אויס. האָט פאַרשטאַנען ווי צו חנפענען אַ גביר, ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען פונעם קמצן אַ זלאָטע. דערפאַר טאַקע האָט זיך ביי מענדל שמש געפירט אַ פיינע, בעל־הבתישע שטוב. ער האָט געהאַט פרנסה בכבוד גדול און חתונה געמאַכט קינדער ווי ביי לייטן. און ישראל־קעלע איז געווען אַ וויסטער אָרימאַן. זיין ווייב האָט געמוזט צוהאנדלען מיט מילכיקס און דערמיט צוגעהאָלפן צו דער פרנסה. און ווען נישט זיינע צוויי קינדער אין אַמעריקע, וואָס האָבן אויף יעדן יום טוב צוגע־שיקט עטלעכע דאָלער, וואָלט ביי אים אין שטוב קיינמאָל נישט געווען אויף יום־טוב.

ווייל פון אַלע הכנסות, וואָס אַ שמש האָט אינעם קליינעם שטעטל, פאַרנעמט אַ חתונה אַ גאַנץ פיינעם פלאַץ, און אז עס איז געווען אַ חתונה אין שטעטל, איז דאָרטן מענדל שמש געווען ווי ביי זיך אין דער היים; אומעטום איז געווען מיט אים פול; דעם מחותן האָט ער מכבד געווען מיט אַ ברייטן ברוך־הבא, אן אַנדערן — מיט אַ ברייטן טיטל „הנגיד הגביר", און אַ מחותן אַ קבצן האָט ער איבערגעלאָזט פאַר ישראלקעלען, וואָס האָט פאַר אַלעמען געהאַט אַ גלייכן ברוך־הבא. עס פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אזא חתונה האָט שוין מענדל שמש פאַר זיך אַראָפּגענומען די גאַנצע סמעטענע און פאַר ישראלקעלען איז געבליבן די בלויזע זויער־מילך. איז שוין קיין וווּנדער נישט, פאַרוואָס ישראלקעלע האָט זיין פרנסה געזוכט וואָס ווייטער פון מענדלען. ווייל לעבן יענעם איז ער ווי איינגעשרומפּן געוואָרן, פּשוט בטל געוואָרן... אז ס'איז געקומען דער יום־טוב סוכות, האָט שוין ישראלקעלע געהאַט אַ חזקה, אַרומצוטראָגן דעם קהל־אתרוג צווישן זיינע בעלי־בתים. דער רב פלעגט אים מקצר־ימים זיין, אַז ער

קומט מיטן אתרוג צו שפּעט אַהיים, אַז ער היט אים נישט אָפּ ווי עס באַדאַרף צו זיין, וכדומה נאָך אַנדערע פּאָרוואורפן.



ישראלקעלע, שמש פון יאַנאָווער בית־מדרש (דעם מחברס פעטער)





איז דורך די דייטשע רוצחים באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט צוזאַמען מיט זיין טאָכטער, איידעם און קינד; צוזאַמען מיט זיין צווייטן פעטער אביגדור אייזענמאַן און מומע שרהקע און נאָך יידן — אין איין ברידער־קבר, אין שטעטל זאַקליקאָוו.

און אַז גאָט האָט אים געהאָלפן און זיינע קינדער האָבן אים דאָס יאָר באַצייטנס געשיקט פון אַמעריקע שיינע עטלעכע דאָלער, — פּאַרוואָס־זשע

זאָל ער נישט קויפן פאַר זיך דעם שענסטן אתרוג, אז אַלע גאָטספאָרכ־טיקע ווייבער זאָלן ביי אים ווערן אַ ברכה מאַכן? אַ באַהאַלטענע פרייד האָט אָנגעפילט זיין האַרץ, ווען ער האָט געגעבן אַ טראַכט, אַז כאָטש איין מאָל וועט ער זיין קאָנקורענט קאָנען איבערשטייגן...

2

יענקל שפּיליטער איז אַלע צוויי וואָכן, זונטיק אינדערפרי, געפאָרן קיין וואַרשע. אויף זיין גלות־לאנגן וואָגן פלעגט ער ברענגען סחורה פאַר שניט־קרעמער און פאַר הורטאָוונע שפּייז־געווועלבער. די באַן־ליניע וואַר־שע־לעמבערג, וואָס האָט דורכגעשניטן יאַנאָוו, האָט ביזן שטעטל נישט דערגרייכט. די נאָענטסטע באַן־סטאַציע פון שטעטל איז געלעגן אַ מהלך פון 20 קילאָמעטער. אַהין פלעגן צופאָרן בעלי־עגלות מיט זייערע אויס־געמאָגערטע פערדלעך. זיי פלעגן פאָרן איבער די שלעכטע פוילישע וועגן, ווו נישט איין וואָגן מיט פּאַסאַזשירן, אָדער מיט סחורה, האָט זיך איבער־געקערט אין דער בלאָטע אַריין. דאָס איז געווען די סיבה, וואָס פאַר סוחרים האָט זיך בעסער געלוינט צו ברענגען זייער סחורה דירעקט פון וואַרשע מיט וועגענער. און חוץ דעם איז יענקל געווען אַן ערלעכער ייִד. מען האָט אים געקאָנט געטרויען אומגעציילט געלט. פלעגן טאַקע סוחרים מיט אים שיקן געלט אָדער בריוו צו זייערע הורטאָוניקעס קיין וואַרשע און יענקל האָט שוין אַלץ באַזאָרגט. אַזאַ „יאַזדע" פלעגט דויערן צוויי וואָכן. דאָנערשטיק אָדער פרייטיק פלעגט ער אַהיימקומען מיט זיין שווער־באַלאָדענעם וואָגן. דעמאָלט האָבן שוין די עטלעכע טרעגער פון שטעטל פאַרדינט אויף שבת.

שבת־צו־נאַכט נאָך הבדלה האָט ישראלקעלע שמש גענומען דעם לאַמטערן און זיך געלאָזט גיין צו יענקל שפּיליטער באַשטעלן פאַר זיך אַן אתרוג, אַ הדר, ער זאָל זיין איינער אין שטאָט. ער מעג באַצאָלן וויפל מען זאָל פון אים נישט פאַרלאנגען. און כאָטש עס איז געווען אין שטעטל איי־נער אַ סוחר, וואָס פלעגט ברענגען אתרוגים פון לובלין צום פאַרקויפן, האָט אָבער דער שמש ביי אים נישט געקאָנט אויסקלויבן קיין איינעם פון

זיי. ס'איז נישט געווען דער הדר, וואָס ער האָט געזוכט. דעריבער טאַקע איז ער געגאַנגען צו יענקלען, בכדי יענער זאָל אים ברענגען אַן אתרוג אַזש פון וואַרשע. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט אים מיטגעגעבן די דאָלאַרן, וואָס ער האָט באַקומען פון זיינע אַמעריקאַנער קרובים, ער זאָל זיי אים דאָרט אויסטוישן און פאַרן געלט קויפן אַן אתרוג. דערביי האָט ער אים אָנגעזאָגט:

— למען־השם, יענקל, איר זאָלט נישט קאַרגן קיין געלט. ברענגט דעם שענסטן פון וואַרשע!

און וואָס אַן אמת, יענקל האָט דעם שמש נישט אַנטוישט.

3

דריי וואָכן פאַר סוכות איזביים שמש אין אַלקער, אין דער פאַרשלאָסענער קאָמאָדע, ווו עס איז געווען באַהאַלטן זיין ווייבס צירונג, געלעגן באַהאַלטן אין אַ מעטאַלענעם קעסטעלע, איינגעהילט אין דער איידלסטער וואַטע — אַן אתרוג אַ וווּנדער. אויך אַ פיין געפלאָכטענער לולב איז געשטאַנען באַזונדער אָפּגעשלאָסן אין אַלמער, אויסבאַהאַלטן פאַר אַ בייז אויג. דאָס אתרוגל איז טאַקע געווען אַ זעלטענער: נישט צו גרויס און אויך נישט צו קליין. זיין שאָל איז געווען העל־גרין, ווי אַ נישט־צייטיקער עפּל אויפן בוים באַגינען, וואָס ווערט געוואַשן פון דעם מאָרגנטוי און די פריע זונען־שטראַלן טריקענען אים און צייטיקן זיין שאָל. ביים סאַמע שפּיץ פון דעם אתרוג איז אַרויסגעוואַקסן אַ שיין געטאָקט קנעפּעלע, וואָס איז געווען באַהאָפטן מיט אַ דין, דין שטענגעלע, וואָס רופט זיך אָן פּיטום. דאָס איז די קרוין פון אתרוג, מיט וועלכן מען מוז זיין גוט געהיטן, ווייל ביי דער קלענסטער אומפאָרזיכטיקייט קאָן דער פּיטום זיך אָפּברעכן און דאַן איז שוין דער אתרוג פּסול...

ישראלקעלעס אויגן האָבן געשיינט פון פרייד. אַ קלייניקייט, איינער אין שטאָט! אַלע מאָל האָט ער געעפנט די קאָמאָדע, פאָרזיכטיק אויפגעמאַכט דאָס קעסטעלע; דער דופט פון דאָרט האָט אים ווי פאַרשיכורט. ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט זעטיק אָנקוקן דערויף. פאַר תענוג האָט ער

געשמייכלט אין דער באָרד אַריין, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן פאַרזווּבן מיט זילבערנע פעדים. זיינע תמימותדיקע אויגן האָבן זיך געצונדן מיט אַ גליקלעך פייערל פון דערהויבונג. די פרייד פון זיין נצחון איבערן קאָנ־קורענט איז ווי צעשמאָלצן געוואָרן אין דער שיינקייט פֿון דער דבר־מצוה, אין דער פראַכט, וואָס האָט פאַרשאַפט נחת־רוח פאַר דער נשמה...

מאָטעלע שוסטער, חיה־ביילע גיטלס איידעם, איז דעם ערשטן טאָג סוכות אויפגעשטאנען גוט פרי, גענומען דעם טלית און געגאַנגען דאַוונען אין דעם קליינעם שולכל, ווו עס האָבן געדאַוונט בלויז אַרבעטס־מענטשן פון זיין ס׳גאַל. זיי האָבן מער געשמועסט אין פאָליש ווי געדאַוונט. זיין פרוי און די שוויגער זענען געבליבן אין דער היים. זיין פרוי זלאַטע איז געווען שווער אינעם לייב; שוין געווען כמעט אויף דער צייט. זי איז מער געלעגן, ווי ארומגעגאַנגען.

איר מוטער חיה האָט זיך זייער געשראָקן פאַר איר טאָכטערס שוואַנ־גערשאַפט: איר טאָכטער איז, נישט דאָ־געדאַכט, געווען אַ קריפּל. אַ הויי־קער איז ביי איר אָנגעוואַקסן פון פאָרנט און פון הינטן. דעם פעלער האָט זלאַטע באַקומען נאָך פון דער קינדהייט, ווען זי איז נאָך אַ קליין מיידעלע געווען. דאָס קינד איז געווען אַן אומרו, געקראָכן אויף די גלייכע ווענט. די מוטער האָט נישט געהאַט קיין צייט אויף איר אַכטונג צו געבן. איינמאָל איז דאָס קינד אַראָפּגעפאלן פון אַ לייטער און זיך צעבראָכן דעם רוקן־ביין. זי איז שוין אַזוי געבליבן אַ קאַליקע אויפן גאַנצן לעבן. נאָך דער ער־שטער וועלט־מלחמה, ווען חיה איז געוואָרן אַ וויסטע אלמנה מיט צוויי קליינע קינדער, האָט זי דאָס עלטערע יינגל אָפּגעגעבן פאַר אַ שוסטער אין זי מיט דער טאָכטער האָבן זיך דערנערט פון וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט. זי האָט געקאָכט עסן פאַר פרעמדע יונגע־לייט, וואָס האָבן געאַרבעט אין שטעטל. צווישן די עסערס איז אויך געווען איר איצטיקער איידעם, מאָ־טעלע. מען האָט אים געגעבן אַ צונאָמען „קראָליק״, ווייל די פאָרם פון זיין פּנים איז געווען ענלעך צו יענעם חיהלע, וואָס שטופּט דאָס איינגעפאַלענע נעזל פאָרויס. מיטן גאַנג איז ער אויך געווען ענלעך צו אַ קראָליק. איין פוס האָט אונטערגעכאַפּט דעם צווייטן, כדי זיין גופעלע זאָל נישט פאלן. ביי יעדן טריט האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט פאַלט ער. און אַזוי גייענ־דיק און פאַלנדיק, איז ער דאָך געבליבן שטיין אויף ביידע פיס. און עס איז

געשלאָסן געוואָרן אַ קאַנטשאַפּט צווישן אים און זלאַטען, וואָס איז מיט דער צייט פאַרוואנדלט געוואָרן אין אַ ליבע. ביז אין אַ געוויסן טאָג האָט זיי חיה אָפּגעטראָטן דעם אַלקער און זיי חתונה געמאַכט.

מאָטעלע האָט זיך צוזאמענגעקלאַפּט אַ וואַרשטאַטל; אַביסל געצייג האָט ער געהאַט. מיט אַ קעסטעלע אויף די פּלייצעס איז ער אַרומגעגאַנגען צווישן די דערפער, פויערישע שטיוול פאַרריכט, געלייגט האַלבע זוילן, אויף „טשיזמעס" גרויסע לאַטעס געלייגט און דערפון געצויגן פּרנסה. אַז זיין ווייב איז שוואַנגער געוואָרן, האָט יעדער זיך געפרעגט: ווי אַזוי וועט אַזאַ קריפּל געבוירן אַ קינד? די מוטער האָט זי אָפּגעהיטן ווי ס'אויג אין קאָפּ. ביי יעדער מוטער, ווען איר קינד ווערט פיזיש געשטראָפט, איז איר ליבשאַפט צום קינד פיל שטאַרקער. חיה איז איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן, איר פאַרלאָפן אַלע וועגן. דעם ערשטן טאָג סוכות האָט זי באַשלאָסן נישט צו גיין אין שול אַריין דאַוונען, נאָר בלייבן מיט איר טאָכטער אין שטוב, ווייל זי ריכט זיך שוין אַ ליאדע שעה...

4

עס איז גאָרנישט צום פאַרשטיין, ווי אַזוי קאָן אַ מענטשלעך האַרץ אין זיך איינזאַפּן אַזויפיל פרייד. יענעם ערשטן טאָג סוכות אינדערפרי האָבן ישראלקעלעס אויגן געלויכטן, אַ פרייד האָט באַשטראַלט זיין פּנים און זיין באָרד, וואָס איז נאָך געווען נאַס פון דער פרימאָרגן־טבילה.

גאַנץ פרי האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס אַריין מיט זיין שיינעם לולב, וואָס זיינע גרינע טייטל־בלעטער האָבן זיך באַוועגט אין זיין האַנט פונעם ווינטל, וועלכער האָט מחיהדיק געבלאָזן. מאַיעסטעטיש האָבן זיך אַרום דעם לולב געקייטלט די געקרייזלטע מירטן־בלעטער, וואָס האָבן זיך אַריינגעפלאָכטן דורך אַ רינגעלע אין אַ לולב־בלאַט. יעדן צווייגעלע האָט אַ געפלאָכטן רינגעלע פון אַ געניטער מייסטער־האַנט אָפּגעטיילט פון די איבעריקע שוועסטער־צווייגעלעך און זיי איינציקווייז באַהאַפטן מיטן לולב. פאַרשטעקט אין באַזונדערע רינגעלעך זענען געווען די שמאָלע און לאַנגע ווערבע־בלעטער, וואָס זענען ערשט נעכטן אָפּגעריסן געוואָרן פון די בוי־

געוודיקע ווערבעס ביים טייכל, ביי דער וואַסער־מיל. זיי זענען פון אַנ־דערע רינגעלעך אַריינגעפלאָכטן געוואָרן אינעם נידריקסטן טייל פון לולב. די פרימאָרגן־זון האָט זייערע טויאיקע בלעטער אויסגעגלייכט, אַרויפגעצויגן צום סאַמע שפּיץ.

יענעם פרימאָרגן האָט דער לולב אין זיינע הענט אויסגעזען ווי אַ צויבער־ביימל, וואָס וואַקסט אַרויס פון זיינע פינגער, שוועבט אין דער לופטן, בייט כישופדיק די קאָלירן, ווען עס בלאָזט דער ווינט. און דאָס אתרוגל, וואָס ער האָט געטראָגן אינעם מעטאַלענעם קעסטעלע, פאַר־באָרגן פון אַ בייז אויג, האָט נאָר ער אַליין געזען אין זיין דמיון. אין יענעם פרימאָרגן האָט אַלץ אין אים געזונגען. ער האָט גאָרנישט געפילט קיין מידקייט אין זיינע פיס, וואָס האָבן אים ווי אַ ווינט געטראָגן פון הויז צו הויז. ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּרייסן פון דער שטוב, אין וועלכן ער האָט אַריינגעבראַכט דעם אתרוג. ווי די פליגן זענען זיי אים באַפאַלן, די בני־בית. אַפילו מאַנסביל, חסידים, האָבן ביי דעם אתרוג אַ ברכה געמאַכט, און אים נישט פריער אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט, איידער מען האָט אים גוט באַשמעקט...

בליך־שנעל האָט זיך צעטראָגן איבערן שטעטל, אַז אַזאַ אתרוג ווי ישראלקעלעס האָט מען נאָך נישט געזען. מען באַפאַלט אים פון אַלע זייטן. ווייבער רייסן פון אים שטיקער. איינע האַלט זיך פאַר אַ גאַנצע יחסנטע, בכן איר מאַן לערנט אין בית־מדרש, ווו ער, ישראלקעלע, איז שמש, דעריבער דאַרף דער שמש ביי איר זיין דער ערשטער מיטן אתרוג...

דער שמש שטראַלט פון גליק. ער בייזערט זיך חלילה נישט. ער ענטפערט יעדן אזוי העפלעך: — „אָט גיי איך שוין צו אייך"... און ער גייט נישט, נאָר ער פליט, עס טראָגט אים אַן אינערלעכע פרייד אויף אירע פליגל.

און אָט גייט ער אַרויס פון פריידעלע דער בעקערינס שטוב. חיה, אַ נאָנטע שכנה, וואַרט אים אָפּ ביי דער טיר. איר טאָכטער דרייט זיך אַריין און אַרויס. זי האָט נאָך היינט נישט געהאַט אין איר מויל, און וויפל איר מוטער בעט זיך נישט ביי איר, אז זי זאָל עפּעס טועם־זיין, ווייל אין אַזאַ צייט מעג מען עסן פאַרן אתרוג־בענטשן, וויל אָבער זלאַטע נישט הערן

דערפון, ווייל טיף אין האַרצן ווייסט זי, אַז איר שטייט פאָר אַ שווער האָבן, היט זי זיך דעריבער פאַר דער מינדסטער עבירה.

אַז חיה האָט דערזען דעם שמש אַרויסגיין פון פריידעלעס שטוב, איז זי אים פאַרלאָפן דעם וועג, אים געבעטן, ער זאָל אַריינגיין צו איר, ווייל זי און איר טאָכטער ווילן בענטשן אתרוג.

וואָלט דער שמש איצט נישט געווען הוילע פרייד, סאַמע גוטסקייט, וואָס האָט געשפרודלט פון זיין נשמה, וואָלט ער זי אַפילו נישט געהערט. ווינציק בילכערע בעלי־בתים האָט ער איצט צו באַזאָרגן מיט זיין אתרוג. יענע וואָס באַצאָלן אַ פיינעם אתרוג־געלט? ער יאָגט פון זיך אַזוי אויך אַרויס די נשמה. עס איז שוין באַלד ניין דער זייגער. ער דאַרף נאָך זיין אויף אַזוי פיל ערטער, ווו מען וואַרט אויף אים, און אין בית־מדרש מוז מען אויך זיין צו דער צייט. נאָר צופיל גליקלעך איז ער איצט געווען, אַז אים זאָל איצט קומען גאָר אויפן רעיון וועגן מער, אָדער ווייניקער געלט, צי גאָר אינגאַנצן אומזיסט.

פאַרטייעט, מיטן לולב פאָראויס, גייט דער שמש איר נאָך אינעם אַלקער, דערלאַנגט איר דעם לולב, נעמט אויך פאָרזיכטיק אַרויס דעם אתרוג. חיה מאַכט פאָרכטיק די ברכה, גיט אַ שאָקל מיטן לולב, קערט איבער דעם אתרוג מיט דעם פיטום אַראָפּ, מאַכט אַ שהחינו...

זלאַטע איר טאָכטער קוקט און טראַכט... זייער פיל געדאַנקען מאַ־טערן איצט איר מח. זי ווייסט דאָך, אַז זי איז שוין אויף דער צייט; אַז אָט־אָט... זי בעט יעדן טאָג ביי גאָט, אַז זי זאָל גרינג אויפגעבונדן ווערן, אָבער אַ וואָרעם עגבערט זי, פרעסט איר האַרץ. עס קומען איר אויפן געדאַנק די אַלע סגולות, וואָס זענען פאַראַן צו אַ לייכט „האָבן״, נאָר זי קאָן צו זיי נישט דערגרייכן. פאַראַן גוטע־ייִדן, וואָס גיבן קמיעות, אָבער זי האָט נישט קיין געלט צו זיי צו פאָרן. סגולות אויפן נאָכן געבוירן און פאַר דעם קינד האָט זי זיך שוין אָנגעגרייט; די אַלע שיר־המעלותן האָט זי זיך שוין פאַרשאַפט; אָבער צו אַ לייכט „האָבן״, ווייסט זי אויף זיכער, אַז די בעסטע סגולה איז — אָפּצובייסן אַ פיטום. „ווי לייכט ס׳קאָן קומען איר הילף״... — בליצט איר אין דער רגע אַדורך אין מוח.

דער שמש דערלאַנגט אים דעם לולב. ער יאָגט זיך זייער. דער זייגער איז שוין נאָך ניין. אין בית־מדרש שטעלט מען זיך שוין דאַוונען. ער

מוז דאָך כאַטש אָנקומען צו הלל. דעם אתרוג, וואָס חיה האָט אים דער־לאַנגט אַן איבערגעקערטן, גלייכט ער צוריק אויס לויטן דין, מיטן פּיטום אַרויף, און גיט אים זלאַטען אין דער לינקער האַנט אַריין. און נאָך איידער ער האָט באַוויזן מיט איר אַ ברכה צו מאַכן, האָבן צוויי שורות ווייסע געזונטע ציין זיך איינגעביסן אינעם פּיטום. זי האָט אים גענומען קייען, כדי וואָס שנעלער אים אַראָפּצושלינגען, נאָר די ביטערקייט פון דער פּירה האָט איר אָנגעפּילט דאָס מויל מיט שפּייעכץ, וואָס האָט איר גע־שלאָגן צום ברעכן. האָט זי אים מיט עקל אויסגעשפּיגן...

5

חול־המועד סוכות איז דער רב מיטן דיין געקומען מבקר־חולה זיין דעם קראַנקן שמש, וואָס איז געלעגן צו בעט מיט הויכן פיבער.

יענעם פרימאָרגן, ביי זלאַטען אין אַלקער, האָט ער דעם אתרוג באַגאָסן מיט הייסע טרערן. טרערן, וואָס האָבן זיך געגאָסן פון זיין צע־בראָכן האַרץ. אַלע אברים אין אים האָבן דעמאָלט געוויינט. באַוויינט זיין וויסטן גורל, וואָס איז ווי אַ גילגול אַראָפּגעשליידערט געוואָרן אויף דער זינדיקער וועלט און קאָן נישט האָבן קיין תיקון. צו מלמדות האָט ער נישט געטויגט. פאַר שמשות טויג ער אפשר יאָ, אָבער ער האָט קיין מזל נישט. צו גרויס איז געוועזן זיין גליק מיט אַ מינוט פריִער, אַז אַ מענטש זאָל קאָנען באַגרייפן, ווי גרויס איז דאָס אומגליק, וואָס האָט מיט אים איצט געטראָפן. ער האָט אויפגעהויבן פון דער ערד דעם אויס־געשפּיגענעם און האַלב־צעקייטן פּיטום. אויטאָמאַטיש האָבן זיינע פינגער אים געפּרוווט צוריק באַהעפטן צום פריִערדיקן אָרט... אָדער אפשר האָט דער שמש אים געוואָלט צום לעצטן מאָל זען א גאַנצן, אַזאַ שיינעם ווי פריִער, און דערמיט היילן זיין צעבראָכן האַרץ. אַזוי צי אנדערש, די פּיס האָבן זיך ביי אים אונטערגעבראָכן, פייערדיקע רעדער האָבן זיך אָנגע־הויבן דרייען פאַר זיינע אויגן, צוזאמען מיטן לולב, מיט די מענטשן, מיט די ווייבער, מיטן אַלקער. אַ קאַלטער שוויס האָט אים באַגאָסן און מיט גרויס מי האָט ער זיך אַהיים דערשלעפּט...

זיין ווייב האָט אים נישט דערקאָנט. זי האָט געמיינט, אַז ער איז אראָפּ פון זינען. ער האָט קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען פון זייןׅ מויל, אויסער דאָס האַלבע וואָרט: פּיט — פּיט... זי האָט זיך שוין משער געווען וואָס דאָ איז געשען. זיין פּנים האָט געברענט ווי פייער. ער איז געפאַלן פון די פיס. מיט גרויס מי האָט זי אים אַריינגעלייגט אין בעט אַריין. אין שטאָט איז מען באַלד געוואָר געוואָרן פון דער געשעעניש. אַלץ האָט זיך געקאַטשעט פון געלעכטער. לצים האָבן אַ צייט לאַנג גע־האַט פון וואָס צו חוזקן. ווי האָבן זיי דען געקאָנט פאַרשטיין ישראלקעלע שמש׳ס צער?...

און ווען דער רב און דער דיין זענען אים געקומען מבקר־חולה־זיין, האָט ער שוין קיין פיבער נישט געהאַט, אָבער גערעדט האָט ער גאָרנישט. נאָר טרערן האָבן זיך געקייקלט איבערן פּנים, איבער דער איבער־נאַכט גרוי־געוואָרענער באָרד. ווי טראָפּנס קוועקזילבער האָבן זיי זיך געשפּאָלטן, אויסגעשטעלט אויף דער באָרד אין אַ פאָרם פון אַ פראַגע־צייכן:

— פאַרוואָס???

# בטחון

1

— ווּעסט שוין וויסן אויף אַ צווייט מאָל, מאַן מיינער, אַז דו ווּעסט ווּעלן פאַרבעטן מענטשן אויף ווּעטשערע, דאַרף מען פריִער פרעגן ביים ווייב, צי זי האָט אין שטוב עפּעס צום עסן. — אַזוי האָט מיין מאַמע גע־לערנט מיטן טאַטן אַביסל דרך־ארץ, נאָכדעם ווי ער האָט אומגעפרעגט זיך אַהיימגעבראַכט פון מנחה־מעריב דריי יִדן — אורחים אויף ווּעטשערע. אין שטוב איז גאָרנישט געווען אָנגעגרייט, אַ חוץ ברויט, וואָס די מאַמע האָט אָפּגעבאַקן אויף אַ גאַנצער וואָך. דער טאַטע איז געגאַנגען דאַווענען מנחה־ומעריב. אין שטוב מיט דער מאַמען זענען מיר געבליבן — פינף קליינע קינדער. די קעלט איז אין שטוב געווען ערגער ווי אין דרויסן, ווייל אויב מען האָט שוין אַפילו איינגעהייצט דעם אויוון, איז דאָס אויך געווען מיט נאַס האָלץ און די מאַמע האָט פון זיך די קישקעס אַרויסגע־בלאָזן, איידער דאָס האָלץ האָט זיך דערברענט, דערביי האָט זיך די שטוב אָנגעפילט מיט רויך. האָט מען שוין געמוזט עפענען די טיר, אַז מען זאָל נישט דערשטיקט ווערן. איז דען אַ וווּנדער, וואָס אין שטוב איז געווען אַזוי קאַלט?

2

די מאַמע האָט שוין באַוויזן מיט אירע קלוגע רייד אונדז צו פאַר־מאַכן די מיילער, וואָס האָבן אין איין אָטעם געשריִען: „מאַמע, איך בין

הונגעריקן!". זי האָט אונדז געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אין אַ שטוב, ווו ס'איז פאַראַן אַ שטיקל ברויט מיט אַ ציבעלקעלע, איז שוין נישטאָ קיין הונגער.

— וואָס זאָל איך טון? — האָט זי געפרעגט אומבאַהאָלפן — וואָלט איך געהאַט אַן איי אין שטוב, וואָלט איך פאַר אייך געמאַכט אַ געפּרעגלץ און וואָלט אייך דערמיט דאָס ברויט באַשמירט.

מיר האָבן זיך דערווייל באַלעקט מיט געפּרעגלץ, וואָס די מאַמע וואָלט אונדז געמאַכט.

— וואָלט איך געהאַט אין שטוב פּוטער, — האָט די מאַמע ווייטער גערעדט — וואָלט איך אייך דאָס ברויט דערמיט באַשמירט. אַזוי ווי איך האָב ניט ניט דאָס און ניט יענץ, און קיין געלט האָב איך אויך ניט, און דער סלוי פון די באָרווזקעס איז שוין אויך ליידיק, וועל איך אייך צו־שניידן אַ ציבעלקעלע, וועט איר עסן מיט ברויט. שאַט, ווייסט איר גאָר וואָס? כ'וועל אייך אָנרייבן דאָס ברויט מיט קנאָבל, איז דאָס טעם גן־עדן.

און מיר האָבן טאַקע געפילט דעם טעם גן־עדן, עסנדיק דאָס ברויט אָנגעריבן מיט קנאָבל און פאַרביסן מיט אַ ציבעלקעלע.

די מאַמע האָט געמאַכט ליכטיק. דאָס פאַרקאָפּטשעטע גלעזל פון לאָמפּ האָט זי אויסגעפּוצט, אַז ס'האָט געגלאַנצט. אין דער ליכטיקייט פון דער שטוב האָט מען דערזען דעם פראָסט, וואָס האָט אַריינגעקוקט דורך די שויבן אויף וועלכע ס'זענען געווען „אויסגעמאָלן" צעפּלאָשעטע פערד, ווילדע חיות מיט אויסטערלישע הערנער. ס'האָט זיך דערהערט אַ סקריפּ פונעם לאָדן: דאָס האָט דער טאַטע, ווי זיין שטייגער איז געווען, צוריק־קומענדיק פון מנחה־מעריב, זיי פאַרמאַכט.

— דער טאַטע גייט!

3

— אַ גוטן אָוונט, ריווטשע! — האָט דער טאַטע הויך אַ זאָג געטון, אַריינקומענדיק אין שטוב. הינטער אים זענען געגאַנגען דריי יונגעלייט פון חסידישן אויסזען, ציכטיק געקליידעט, אפּנים סוחרים.

— ריווטשע, איך האָב דיר געבראַכט געסט: מיין איטשען, מיין יאָס־

לען און מיין זעליקן. דערקענסט זיי נישט? — ווונדערט זיך דער טאַטע, הלמאי זי קען נישט זיינע חברים פון זיין שטאָט, חברים נאָך פון זיין יוגנט. אַלע האָבן שוין פון לאַנג חתונה געהאַט, האָבן קינדער. זיי ווױנען אין אַ צווייטער שטאָט. געקומען זענען זיי אין אונדזער שטעטל וועגן מסחר, זיי שטייען איין אין אַ האָטעל. צופעליק האָבן זיי זיך געטראָפן אין בית־המדרש צווישן מנחה־מעריב, האָבן זיי זיך דערקענט. אַ פרייד, אַ גדולה. אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער — און מיין גוטער טאַטע האָט זיי ברייטהאַרציק פאַר־בעטן צו אונדז אין שטוב אויף וועטשע־רע.



מוטער פון מחבר.

און כאָטש די מאַמע האָט זיי כמעט ווי נישט געקענט, האָט זי דאָך זיי אויפ־גענומען האַרציק, מיט אַ פיינעם „ס'קאָצל קומט", אויסגעפרעגט זיך אויף זייעריקע.

— ריוועטשע־קרוין — זאָגט דער טאַ־טע תמימותדיק — דו וועסט גרייטן צום טיש, מירן עסן וועטשערע.

מיין מאַמעס פּנים איז געוואָרן רויט ווי פייער, און גלייך נאָכדעם בלייך גע־וואָרן ווי קרייד. וואָס זאָל זי איצט טון? קיין גראָשן אין שטוב האָט זי נישט. וואָלט ער איר צוּוויסן געגעבן פרי'ער, וואָלט זי זיך געווען געבאָרגט און צו־געגרייט עטלעכע אייער, אַ קוואָרט מילך, אַ שטיקל פּוטער — זאָל זיין אַ מילכיקע וועטשערע. אָבער איצט איז שוין גוט פינצטער. ווו וועט זי איצט לויפן באָרגן געלט? זי האָט געטראַכט אים אַוועקרופן אין דער זייט און אים איינרוימען אַ סוד אויפן אויער: „מאַן מיינער! דו האָסט מיר איבערגעלאָזט געלט?"... זי האָט זיך אָבער איבערגערעכנט, אַז דערמיט וועט זי זיך פאַרשאַפן בושה און אים האַרצווייטיק. זי האָט גע־ווּסט, אַז מיין טאַטע טראָגט קיינמאָל נישט קיין געלט ביי זיך. פאַרדינט

ער אַ זלאָטע, גיט ער דאָס איר אָפּ. צו גיין באָרגן אין דער קראָם — האָט זי זיך געשעמט. דאָס ביסל אָנגעברענטע גריץ, וואָס איז געבליבן פֿון מיטיק פֿאַרן טאַטן אויף וועטשערע, וועט אויך נישט קלעקן פֿאַר אַלע פֿיר. זי האָט געטראַכט אַ ווײַלע און געפּאַסט אַ באַשלוס:

זי האָט פֿאַרשפּרייט אַ ווייס, קלאָר טישטוך אויפֿן טיש, אַרויפֿגעשטעלט די שענסטע טעלער, די געבלימלטע, וואָס מען פֿלעגט נוצן פֿאַר געסט; באַלייגט די טעלער מיט מעסער־לעפֿל־גאָפּל. אַ געבלימלטער בלויער קרוג מיט וואַסער האָט באַשיינט דעם גאַנצן טיש; דאַן האָט זי אַרויפֿגעשטעלט ברויט מיט זאַלץ. דער טאַטע האָט זיך דערווייל פֿאַרשמועסט מיט די ייִדן וועגן תּורה און וועגן רבין. איינער פֿון זיי — ווייזט אויס, אַ בעל־מנגן — האָט על רגל אחת גענומען קנעלן מיטן טאַטן דעם לעצטן ניגון, וואָס ער האָט געבראַכט פֿון טריסק. נאָכדעם ווי דער טיש איז געווען געגרייט ווי פֿאַרן קייסער, האָט די מאַמע, אומבאַמערקט פֿון קיינעם, מיך אָנגענומען פֿאַר דער האַנט און איז מיט מיר אַרויס פֿון שטוב.

ווי פֿאַר אַ זייער וויכטיקער שליחות האָט די מאַמע זיך פֿאַרנומען מיטן וועג הינטער דער שטאָט. מיט אירע שנעלע טריט איז זי כמעט ווי געלאָפֿן. איך האָב געמוזט אונטערשפּרינגען, כּדי זיך אויסצוגלייכן מיט אירע טריט. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פֿיס. דער פֿראָסט האָט געקנאַקט. די פֿולע לבֿנה האָט זיך געשפּיגלט אינעם שניי און מיליאָ־נען דימענטן־שפּריצלעך האָבן געפֿינקלט, זיך געמיניעט אויפֿן אויבער־פֿלאַך פֿון דעם גאַנצן אַרום, ווי ווײַט דאָס אויג האָט נאָר דערגרייכט.

אַ שליטעלע האָט אונדז אויסגעמיטן און איבערגעלאָזט צוויי טיפֿע שניטן אינעם שניי, ווי צוויי געוואַלדריסן אין אַ ווייסן ליילעך. כאָטש דער פֿראָסט איז געווען אַזוי שטאַרק, איז מיר דאָך געווען הייס אין אַלע אבֿרים. פֿון דער מאַמעס אויגן האָבן אַרויסגעגלאַנצט פֿאַרסטאַיעטע טרערן. אויפֿן שטערן איז איר אַרויסגעקומען אַ שווייס, וואָס איז געבליבן פֿאַרגליווערט. און בײדע צוזאַמען — דער שווייס און די טרערן — האָבן זיך אויסגעמישט אין איין פֿאַרסטאַיעטן גליווער. זי האָט גאָרנישט גערעדט; נאָר נאָכן אָפּגיין אַזוי ווער ווייסט וויפֿל קילאָמעטער האָט זי זיך פֿאַרנומען אויף צוריק.

ווייזט אויס, אַז די מאַמע האָט נאָר געוואָלט פּטרן עטלעכע שעה... אַרומצוגיין אין שטאָט די עטלעכע שעה שפּעט בײַנאַכט האָט דאָך קיין זי־

נען נישט. צו פאַרברענגען ווידער די צייט ביי באַקאַנטע האָט זי זיך געשעמט, טאָמער וועט דער טאַטע זי אַרויסשיקן זוכן. וואָס־זשע וועט זי ענטפערן די מענטשן? דעריבער איז צום גלייכסטן אַוועקצוגיין עטלעכע קילאָמעטער פון שטאָט. אַליין צו גיין איז איר געווען פריקרע, האָט זי מיך דעריבער מיטגענומען.

ווי לאַנג מיר זענען אַזוי געגאַנגען, ווייס איך נישט, נאָר אַז מיר זע־נען געקומען אין שטאָט אַריין, זענען שוין אַלע לאָדנס געווען פאַרמאַכט. נישט ווייט פון אונדזער שטוב האָט די מאַמע דערזען מיינע צוויי שוועס־טער. ווער ווייסט ווי לאַנג זיי זענען אַזוי אַרומגעלאָפן אונדז זוכן? אַז זיי האָבן אונדז דערזען, זענען זיי אין איין אָטעם צוגעקומען:

— מאַמעשי! וווּ ביסטו געווען? שוין צוויי שעה ווי מיר זוכן דיך אַרום; מיר זענען שוין געווען ביים זיידן, ביי אַלע מומעס און פעטערס און מען האָט דיך נישט געקאָנט געפינען.

די מאַמע האָט זיי באַרויִקט און געפרעגט צי די ייִדן זענען נאָך דאָ אין שטוב.

— ניין, נישטאָ! — האָט די שוועסטער געענטפערט — זיי זענען געזעסן אפשר צוויי שעה און געוואַרט, אַז דו זאָלסט דערלאַנגען עסן צום טיש, און אַז דו ביסט נישט געקומען, האָבן זיי געבענטשט און זענען אַוועק. נאָכדעם האָט דער טאַטעשי געפרעגט: „צו וואָס האָט די מאַמע גע־שטעלט טעלער אויפן טיש? מען האָט דאָך זיי גאָרנישט באַנוצט". און פלוצים — האָבן זיי ביידע דערציילט אין איין אָטעם — האָט ער זיך דער־מאָנט, אַז דו ביסט נישטאָ, האָט ער אונדז געשיקט דיך זוכן. מיר זענען שוין אויסגעווען די גאַנצע שטאָט. וווּ ביסטו געווען, מאַמעשי?..

דער מאַמעס פאַרוויינטע אויגן האָבן זיך צעשמייכלט:

— איך בין געגאַנגען קויפן „ביטחון" און מען קריגט דאָס נישט פאַר קיין געלט...

4

אין שטוב האָבן מיר געטראָפן זיצן דעם טאַטן ביים טיש. ער האָט אַריינגעקוקט אין אַ ספר. די מאַמע האָט געשוויגן. זי האָט דערוואַרט

כאָטש אַ פאָרוווּרף פאַר איר האַנדלונג, בכדי זי זאָל אים כאָטש קאָנען אַריינזאָגן, אויסגיסן פאַר אים איר ביטער האַרץ. ווייזט אָבער אויס, אַז דאָס גאַנצע שטיקל אַרבעט, וואָס זי האָט היינט בייניאַכט אָפּגעטון, האָט מיין טאַטן גאָרנישט געאַרט. דאָס איז ביי אים געווען גאַנץ נאַטירלעך. זיי, די געסט, האָבן זיך געוואַשן, געטונקען ברויט אין זאַלץ, צוגעטרונקען וואַסער, געשמועסט דברי־תורה און געבענטשט במזומן. איי, די טעלער, וואָס די מאַמע האָט אַרויפגעשטעלט? מילא, וואָס אַ יידענע טוט אָפּ זאַכן לבטלה...

די מאַמע האָט זיך אָבער נישט געקאָנט שענקען און אָנגעהויבן מיט אים לערנען אַ קאַפּיטל דרך־ארץ. דער טאַטע האָט רויק אויסגעהערט און געזאָגט:

— מה רעש? ברויט — האָבן מיר, וואַסער, ברוך־השם, האָבן מיר אויך, און אַ בורא־עולם האָבן מיר אוודאי און אוודאי — טאָ וואָס־זשע נעמסטו דיך אַזוי צום האַרצן?

די מאַמע, ווי זי וואָלט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, האָט געמורמלט:

— ווו נעמט מען דיין בטחון?...

# אָפּגעקומען מיט שרעק

1

שוין עטלעכע וואָכן פאַר ימים־נוראים, נאָכדעם ווי כעוועט איז אַוועק מיט אַ שייגעץ, האָט מען שוין געוווּסט, אַז די זאַך וועט נישט אָפּגיין גלאַט. ווייל אין דעם עסק זענען געווען פאַרמישט צוויי שטאַרקע צדדים: דער צד פון שייגעץ, מיט וועלכן כעוועט איז אַוועק, איז גאָרנישט געווען אַזוי שטאַרק אַנטקעגן איר משפּחה, וואָס האָט געזוכט זיך נוקם צו זיין אָן איר פאַר דער משפּחה־שאַנד. זיי וואָלטן זי זיכער געווען אָפּגעראַמט פון וועג און שטאָט וואָלט זיך לגמרי נישט מצער געווען, ווען ס׳זאָל אַזוי האָבן געשען. „אַ שיינע ריינע כּפּרה!“ — וואָלטן אַלע ייִדן געזאָגט.

איז אָבער דאָ געווען פאַרמישט דער גאַדישאָווער פּריץ. ער אַליין, בכבודו ובעצמו האָט אָנגעבאָטן שוץ דער משומדת און איר חתן אינעם קלויסטער פון זיין גוט, וווּ גלחים און נאָנעס האָבן כעוועטן געלערנט די קאַטוילישע דינים און זי צוגעגרייט צו דער שמד. דאָרטן איז זי געווען גוט געהיטן. איר משפּחה וואָלט צו איר קיינמאָל נישט געקענט צוקומען.

מען האָט געוווּסט, אַז די שמד־צערעמאָניע האָט באַדאַרפט פאָרקו־מען אין דעם יאַנאָווער קלויסטער מיט גרויס פּאַראַד. זיי, די קריסטן, האָבן שוין אַפילו געהאַט איינגעטיילט די כּיבודים צווישן די אַלע פּריצים, וואָס ווינען אין יענער געגנט. אַזוי האָט דער גאַדישאָווער פּריץ באַדאַרפט זיין דער הויפּט־מחותן. באַלד נאָך סוכּות, אין דעם טאָג פון „שוויענטי פּיאָטער“, ווען ס׳גייעס פון אַלע דערפער וועט זיין אין שטאָט, וועלן מיט

גרויס פֿאַראַד אָנקומען די פּריצישע בריטשקעס, צװישן װעלכע ס׳װעט פֿאָרן כּעװעט, אָנגעטאָן אינעם חופּה־קלייד. דערפֿאַר טאַקע האָט די שטאָט אַזױ געציטערט: מען האָט געװוּסט, אַז איר משפּחה, גוט־באַקאַנטע מעסער־העלדן, װעלן זיך פֿאַר קײן זיך נישט אָפּשרעקן, כּדי כּעװעטן אומצוברענ־גען. און כאָטש דער רבֿ האָט צו זיך גערופֿן איר פֿאָטער און האָט אויף אים גוזר געװען אין נאָמען פֿון קהל, ער זאָל זען צו פּועלן בײַ דער גאַנצער משפּחה, אַז זײ זאָלן איר נישט הרגענען, װײַל ס׳קאָן געשען אַן אומגליק אויף דער גאַנצער שטאָט ייִדן, האָט דאָס אָבער גאָרנישט געהאָלפֿן. ער, דער פֿאָטער, האָט זיך געקלאַפּט דעם קאָפּ אָן װאַנט בײַם רבֿ אין שטוב און זיך צערעװעט װי אַן אָקס:

— רבי! — האָט ער זיך געקלאַפּט מיט די צװײ געזונטע פּויסטן אין קאָפּ — מיר איז שוין אַלצאיינס; איך האָב שוין סײ װי סײ פֿאַרלוירן בײדע װעלטן.

און אין זײַנע רויטע אויגן האָט זיך צעפּלאַקערט אַ פֿײַערל פֿון נקמה, פֿון „תּמות נפשי עם פּלישתּים״. קײנער האָט נישט געקענט פֿאַרשטײן װעלכער כּוח האָט דאָס געטריבן איר פֿאָטער און זײַן גאַנצע משפּחה, אַז זײ זאָלן אײַנשטעלן זײער לעבן און זײער פֿרײַהייט צוליב אַזאַ „תּכשיט״. האָט דאָך די שטאָט געװוּסט װער כּעװעט איז געװען. האָבן דאָך אַלע גע־װוּסט, אַז אין איר הײם איז געװען אַ שאַנד־הויז און זי איז דאָרטן געבוירן און דערצויגן געװאָרן. און איר פֿאָטער איז אויך נישט געװען פֿון יאַנקל שאַפּשאָװיטשעס שניט. יענער האָט דאָך אָפּגעהיט זײַן רבֿקהלען װי אַן אויג אין קאָפּ, כּדי זי נישט מטמא צו זײַן... ס׳איז פֿאַר קײנעם קײן סוד נישט געװען, אַז אויב ס׳האָט אויסגעפּעלט „סחורה״ פֿאַר די קאָזאַקן אין זײַן „הײזל״, איז זײַן טאָכטער אויך געװען אַ „סחורה״... זי האָט נאָר נישט געטויגט פֿאַר דער „סחורה״, װײַל אויסער דעם װאָס זי איז געװען מיאוס װי די נאַכט האָט זי נאָך געהאַט אַ קול פֿון אַ זכר און אַ פּאָר ידים, װאָס װײ איז געװען צו יענעם, װאָס האָט באַקומען פֿון איר אַ קלאַפּ. איז כּעװעט בכן קײן צדיקות נישט געװען און אַז איר גאַנצע משפּחה איז אויך נישט באַשטאַנען פֿון צדיקים האָבן אויך אַלע געװוּסט... שטעלט זיך בײַ אַלעמען אַ קשיא: פֿאַרװאָס האָבן זײ פֿאָרט אַזױ אײַנגעלײגט װעלטן, באַדאַי גײן אויף קידוש־השם, אַבי כּעװעטן אָפּצוראַטעװען, — זאָל זײַן אַ לעבעדיקע

אָדער אַ טויטע — פון דער שמד?... ווער קאָן דען פאַרשטיין די סודות פון קיום ביי דעם ייִד פון דער אַלטער היים? ס׳האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז איינער איז שוין אַזוי מאָראַליש געזונקען, אַז ס׳איז שוין ביי אים קיין פראַגע נישט פון ייִד אָדער גוי. אָבער ווען ס׳איז געקומען צום „בייטן דאָס רענדל״, האָט מען ערשט געזען, ס׳אַראַ גבורה ס׳איז פאַראַן אינעם פינטעלע ייִד, וואָס אַפילו די נידעריקסטע, מאָראַליש־געפאַלענע האָבן אויך צוליב זייער גלויבן געקאָנט גיין אויף קידוש־השם...

די שפּאַנונג אין שטעטל האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אַ שפּאָר ביסל צייט. אין די פּאָרכטיקע טעג פון עשרת ימי תשובה האָבן ייִדן גאָט געבעטן, אַז ס׳זאָל געשען אַ נס און די משומדת זאָל איינגעמען אַ מיתה־משונה, נישט דורך די הענט פון איר משפחה, נאָר אַזוי: ס׳זאָל איר אַ דונער דערהרגענען. פעלט דען אויס ביים רבונו־של־עולם טויטן פאַר איר, אַז ייִדן זאָלן דער־לעבן אַ נקמה און ס׳זאָל דאָך קיין ייִדן נישט שאַטן.

אַזוי האָט געדויערט די אויפרעגונג פון דער שטאָט ביז יום־כפּור צו כל־נדרי. ייִדן זענען געגאַנגען אין שול אַריין אויסבעטן זיך אַ גוט יאָר. אַ דריבנע רעגנדל — פון יענע פּוילישע האַרבסט־רעגנדלעך, וואָס שמייסן ווי מיט דינע ריטלעך און נעצן דורך ביז דיביינער — האָט אַלע ייִדן, וואָס זענען געשטאַנען אין דרויסן, אַריינגעטריבן אין פּאָליש, ווו ס׳איז געווען ענג און הייס און ווו די וואַקסענע ליכט האָבן זיך געשמאָלצן און געבויגן. מ׳האָט אַלע מאָל געמוזט אַריינרופן דעם שבת־גוי ער זאָל זיי אויסגלייכן, בכדי צו פאַרהיטן פון אַ שריפה.

פון דער ווייבערשער שול האָבן זיך געהערט אָפּגעהאַקטע שלוכצן און יללות. די אַלע „ש־ש־שאַ״, וואָס די מאַנסבילן האָבן אַרויפגעשריגן, האָבן דאָס געוויין נישט געקאָנט איינשטילן. דאָס האָט די פאַרשעמטע מוטער פון כעוועט מיט איר גאַנצער משפחה, שוועסטער און מומעס איינ־געלייגט וועלטן, געוואָלט אויף כח אַרויסבאַקומען פון גאָט אַ ווייסטן סוף אויף כעוועטן.

— רבונו־של־עולם! — האָט די מוטער געיאָמערט — באַווייז אַ נס. ס׳דונערט איצט אין דרויסן, טאָ זאָל אַ דונער זי דערהרגענען...

און פּונקט ווען דער חזן האָט אָנגעהויבן זאָגן „כל־נדרי״, איז דער נס געשען — אָבער נישט פון קיין דונער: אַן איבערגעטויענע פּאַר אַ יונג

האָט זיך כעוועט באַוויזן אויף די טרעפּ פון דער ווייבערשער שול, זיך גע־וואָרפן אויף דער ערד, געקלאַפּט זיך דעם קאָפּ אָן וואַנט און געריטשעט ווי אַ חיה, וואָס איז באַהערשט פון פּחד. מיט באַנומענע קולות האָט זי געשריגן: „ייִדן! ראַטעוועט מיך! כ׳וויל זיין אַ ייִדישע טאָכטער!" — און ווידער זיך געוואָרפן אויף דר׳ערד און געוואָיעט: — „ייִדישע קינדער, טרעט אויף מיר, דערהרגעט מיך, איך האָב דאָס פאַרדינט, מאַ־מע!" — און זי איז אַ פאַרחלשטע געבליבן שטיל. שטיל איז אויך פּלוצים געוואָרן צווישן די ווייבער. אַלץ האָט זיך געשפּאַרט, כדי וואָס ווייטער צו זיין פון דער טיר, ווו כעוועט איז געלעגן אַ פאַרחלשטע. ווי חיות האָבן זיך אויף איר געוואָרפן איר מוטער מיט איר גאַנצער משפּחה, זיי האָבן איר געקאָ־פּעט, געטראָטן מיט די פיס, זי געריסן פאַר די האָר און זי איז געלעגן מיט אַ שוים איבערן מויל, די אויגן פאַרגלייזט — טויט!...

## 2

רבקהלע זונדלס האָט איבערגעלאָזט דאָס מחזור אויפן שטענדער, אי־בערריסנדיק די תּפילה־זכה, וואָס זי האָט געהאַלטן אינמיטן זאָגן מיט די ווייבער. מיט איין שפּרונג איז זי שוין געווען ביי דער פאַרחלשטער כעוועט. מיט אַלע כּוחות האָט זי פון איר מוטער אָפּגעריסן, וואָס האָט זי געקאָפּעט. „לאָז זי אָפּ!" — האָט רבקהלע באַפוילן. די מוטער, אפּנים פון דרך־ארץ פאַר רבקהלען, האָט אויפגעהערט שלאָגן און געהאָלפן ראַ־טעווען איר טאָכטער פון חלשות. דאָס איז געווען אַזאַ חלשות, אויף וואָס מוטער און טאָכטער האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען. זיי האָבן ביידע געוווּסט, אַז פון אַזאַ חלשות וועט זי נישט שטאַרבן. נאָר רבקהלע איז געווען דער־שראָקן אויף טויט. ווען כעוועט האָט דערפילט, אַז עס דראָט איר שוין נישט קיין קלעפּ, האָט זי זיך אויפגעהויבן און זיך געזעצט נעבן רבקהלען, וועלכע האָט מיט איר געזאָגט די תּפילה־זכה וואָרט ביי וואָרט. רבקהלע האָט זיך באַמיט איינצושטילן די ווייבער; האָט ביי זיי געבעטן רחמים, אַז זיי זאָלן זיך באַרויִקן, ווייל דאָס קען נאָך ברענגען אַ צרה אויף ייִדישע קעפּ; ס׳איז געווען אוממעגלעך זיי איינצושטילן. די נייעס פון כעוועטס אַנטלויפן האָט זיך ווי אַ בליץ צעטראָגן איבער דער גאַנצער שול.

מאַנצבילן האָבן אָנגעהויבן אַרויפצוקוקן צו די ווייבער. ס'איז געוואָרן אַ געלויף ווי אויף אַ בייז־ווונדער.

רבקהלע האָט באַפוילן דער מוטער שטילערהייט, אַז די משפחה זאָל שאַפן אַ פערד און וואָגן און שוין זי אַוועקפירן צו זייערע קרובים, אין אַ צווייט שטעטל אַריין. בעת די „יעלות" האָט מען כעוועטן בגנבה אַרויסגעפירט פון דער ווייבערשער שול דורך אַ הינטער־טיר, וואָס איז געווען פאַרשפאַרט מיט דער מיטה. מען האָט אָפּגערוקט דאָס טהרה־ברעט און פון דאָרטן־אַרומער האָט מען זי אַרויסגעפירט הינטער דער שטאָט, ווו ס'האָט אויף איר געוואַרט אַ פערד־און־וואָגן, וואָס האָט זי אַוועקגעפירט. ווען זי איז שוין געווען ווייט פון שטאָט, האָט שוין יעדער איינער געוווסט, אַז כעוועט איז אַוועק פון דעם שייגעץ. אַ נצחון־פרייד איז געווען אין יעדן יִדישן האַרץ.

אָבער אויך אַ באַהאַלטענער פחד האָט אַלעמען געגאָגט: „ווער ווייסט מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן?"...

3

הערשעלע וואַסער־טרעגער האָט שוין געהאַט אַ חזקה, ווער ווייסט זינט וויפל יאָרן, די נאַכט פון כל־נדרי צו שטיין ביים ארון־קודש, אָנגעטון אין קיטל און טלית, מיט נייע שקאַרפעטקעס אויף די פיס, וואָס ער פלעגט טראָגן פון איין יום־כפור צום צווייטן. די גאַנצע צייט פון די תפילות ביזן סוף שיר היחוד האָט ער געעפנט דעם ארון און אים צוריק פאַרמאַכט. קיין למדן און ירא־שמים איז ער נישט געווען און פאַר וועלכע מעשים טובים עס איז אים צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד — דאָס איז געווען אַ רעטעניש פאַר אַלעמען. געשטאַנען איז ער דאָרטן ווי אַ סאָלדאַט, מיטן מחזורל אין דער האַנט, גרייט אויף יעדן באַפעל. ווען דער חזן איז צוגעקומען צו אַ פסוק, ביי וועלכן מען האָט באַדאַרפט עפענען דעם ארון, האָט דער שמש געגעבן אַ קלאַפּ מיטן האַמער אין שולחן. דאָס איז געווען זיין ריכטיקער סיגנאַל, און הערשעלע איז געשפרונגען איבער די צוועלף שטיגן צום ארון־קודש, פאַרצויגן דאָס פרוכת, געעפנט דעם ארון און דאָס האָט

געדויערט געצײַילטע רגעס. אַראָפּגעגאַנגען פון די שטיגן איז ער שוין געלאַסן, ווי ער וואָלט געמאָסטן די צוועלף שטיגן. און כדי נישט צו פאַר־שעמען דעם ארון האָט ער זיך גערוקט הינטערווײילעכץ ביז אַראָפּ. ווען דער שמש האָט ווידער אַ קלאַפּ־געטון אין שולחן, האָט ער געוווּסט, אַז מען דאַרף אים צוריק פאַרמאַכן. צום פאַרמאַכן דעם ארון האָט ער זיך שוין נישט געאײַלט. ער האָט געטראַכט: „צו פאַרמאַכן די שערי־רחמים — צו וואָס איז דער געאײַל?״... אַזוי האָט ער אָפּגעהיט דעם מנהג פון פּתיחת הארון אַלע יאָרן אין דער נאַכט פון כל־נדרי.

## 4

אַ געמורמל האָט זיך געקוילערט פון פּאָליש אין שול אַרײַן, וואָס אַמאָל אַלץ ווײַטער, ביז עס איז אָנגעקומען צו דער מזרח־וואַנט. ייִדן האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן דערשראָקן. געגנוי וועגן וואָס דאָ גייט — האָט קיינער נישט געוווּסט. איינער האָט געזאָגט: „פּאָליציי האָט אַרומ־גערינגלט די שול״, האָט שוין דער צווייטער געזאָגט — אַז מען שלאָגט ייִדן, ס׳האָט זיך שוין אין שול געהערט אַ געשריי: „אַ פּ־אָ־ג־ר־אָ־ם״... ייִדן האָבן זיך אָפּגערוקט פון דער טיר, צוזאַמענגעדריקט זיך אַלץ טיפער אינעווייניק צום באַלעמער. יעדן איז געקומען אין זינען די מעשה־כעוועט. אַן אימה איז אַלעמען באַפאַלן. אין דער טיר פון שול האָט זיך באַוויזן דער פּאָליציי־נאַטשאַלניק פּעטריינסקי מיט זיין ריזן־פיגור פון אַן אַטלעט. אַז נאַטשאַלסטווע זאָל קומען אין שול אַרײַן צו כל־נדרי — דאָס איז ביי ייִדן קיין נייעס נישט. ווייל אַלע יאָר פלעגן פאַר „טשעקאַוואָשטש״ קומען אין שול אַרײַן דער פּאָוויאַטאָווער דאָקטער, דער ריכטער פון שטאָט, דער סטאַ־ראָסטע און נאָך אַנדערע פּריצים. ס׳האָט זיך זיי געוואָלט הערן זינגען כל־נדרי, וואָס האָט אַ שם אַפילו אין דער קריסטלעכער מוזיקאַלישער וועלט.

דעם יום־כפור זענען זיי אויך געקומען. דער שמש האָט זיי, ווי גע־הויבענע געסט, אַרויפגעפירט אויפן באַלעמער. די, וואָס האָבן אויסגעטון די היטלען, האָט ער איידל איבערגעבעטן און זיי האָבן די היטלען צוריק אָנגעטון. אָבער יענע זענען דאָך שוין לאַנג אַוועק. טאָ וואָס־זשע האָט דאָ איצט צו טון דער פּאָליציי־נאַטשאַלניק?

עטלעכע געוואַגטע יונגעלייט האָבן אים געפרעגט וואָס ער וויל, האָט ער זיי גענטפערט שטרענג: ער וויל זען דעם ראַבין!

דער רב האָט מפסיק געווען אינמיטן שיר היחוד און צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע בעל־בתים צוגעגאַנגען און געפרעגט וועגן וואָס דאָ גייט. האָט ער זיי געזאָגט, אַז מען האָט געפונען אין שפּאַציר־גאָרטן ליגן אַ טויטן ייִדן, איינגעהילט אין קיטל און אין טלית; דעריבער פאַרלאַנגט ער, אַז דער רב און נאָך עטלעכע ייִדן זאָלן מיט אים איצט צוגיין אין גאָרטן אַריין, כדי צו דערקענען דעם טויטן און די שולדיקע אויסצוגעפינען.

ייִדן האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט: „אַבי חלילה נישט קיין פּאָגראָם”.

מען האָט געפּרוּווט זיך אָפּבעטן: צו וואָס דאַרף דען גיין דער ׳רב? אַנדערע ייִדן וועלן אים אויך דערקענען. אָבער דער רב איז אַליין באַשטאַנען צו גיין זען ווער ס׳איז דער ערשטער קרבן.

כמעט די גאַנצע שול, יונג און אַלט, זענען מיטגעלאָפן מיטן רב אין גאָרטן אַריין. איינער אַליין איז דעמאָלט געבליבן אין שול ביים אָפענעם ארון־קודש הערשעלע וואַסערטרעגער. אַ הילפסלאָזער איז ער געשטאַנען און נישט געוווּסט וואָס צו טון. זאָל ער פאַרמאַכן דעם ארון, ווער דאָך הייסן, אַז ער אַליין מיט זיינע אייגענע הענט פאַרמאַכט די שערי־רחמים, וואָס זענען איצט אַזוי נייטיק צו זיין אָפן. ווינציק חייב איז ער אין דעם אומגליק? ער איז דאָך כעוועטס פעטער. ווען ער וואָלט זי געווען דערשטיקט קליינערהייט, וואָלט דאָך צו דעם אומגליק נישט געווען געקומען.

ווידער האָט ער געטראַכט: זאָל ער איצט לאָזן אָפן דעם ארון־קודש? הייסט דאָך פאַרשוועכן דעם הייליקן ארון אין דעם הייליקן טאָג פון יום־כפור...

אין זיין אומבאַהאָלפנקייט האָט ער זיך יאָמערלעך צעוויינט.

## 5

דער שפּאַציר־גאָרטן האָט שלווהדיק איינגעוויגט זיינע גרויסע און קליינעביימער אינעם שלאָף פון דער צוועלפטער שעה. ס׳האָט זיך ווו אַ ביימל אויפגעוועקט פונעם גערויש פונעם ווינט און ווידער באַלד איינגע־

דרימלט. געלע פאַרוועלקטע בלעטלעך האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד צווישן די גראָזן. דער ווינט האָט זיי געשליידערט הין און צוריק, ווי דאָס וואָלט געווען אַ טמא־זאַך און זיי פאַרטראָגן אויפן וועג צווישן די שטעגעלעך און דאָרטן אויף דער הוילער ערד האָבן די בלעטלעך ערשט באַקומען מנוחה...

אויף יענער זייט גאָרטן, נעבן דעם מאָנומענט, וווּ קינדער שפּילן אין „פאַרברענטע קאַשע“, צווישן אַ קעמפּעלע הויכע גראָזן, האָט דער עולם דערזען אַ טלית, אין וועלכן ס'איז געווען איינגעהילט משה כאַסקעלעס. ער האָט געשמאַק געשלאָפן, געכראָפּעט ווי אַ פאַרמאַטערטער פון שווע־רער אַרבעט און אַ סך לויפן. געווען איז משה אַ שוסטער, האָט געוווינט אויפן דאָרף און דאָרט פאַרראָכטן שיך. אין שול אַריין פלעגט ער קומען איין מאָל דורכן יאָר, יום־כפור. מיט זיין גאַנצע יידישן „קלאָפּערגעצייג“, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין פאָטער און וואָס איז באַשטאַנען פון אַ טלית, אַ קיטל און אַ הגדה, פלעגט ער קומען יעדן יום־כפור אין שול אַריין; ער פלעגט אָנטאָן דעם קיטל און דעם טלית, פלעגט עפענען די הגדה און אַריינקוקן אין איר ווי אַ האָן אין בני אדם. דאַוונען, אפנים, האָט ער לחלוטין נישט געקאָנט. דאָס יאָר האָט ער, ווייזט אויס, פאַרשפּע־טיקט, ווייל גייענדיק אין שטאָט אַריין, האָט ער זיכער אָפּגעטראָטן אין אַ שענק און גענומען אַן איבעריק גלעזעלע. ס'איז שוין געווען גוט טונקל, ווען ער איז געקומען אין שטאָט אַריין. גוט פאַרמאַטערט איז ער שוין געווען און אָנשטאַט אין שול אַריין איז ער פאַרקראָכן אין גאָרטן. דער דופּטיקער ריח פונעם האַרבסט און דאָס קילע ווינטעלע האָבן אים דאָ פאַרשלעפערט. און כדי מען זאָל אים זיין „יידישקייט“ נישט צוגנבענען, האָט ער זיך דאָרט אָנגעטון דעם קיטל און טלית. די הגדה האָט ער פאַר־קוועטשט צווישן די פינגער און איז אַזוי איינגעשלאָפן.

מיעשטשאַנעס, וואָס האָבן ביינאַכט שפּאַצירט אין גאָרטן, האָבן פון וויטן דערזען די ווייס־שוואַרצע שטרייפן פונעם טלית, זענען זיי געווען זיכער, אַז דאָ האַנדלט זיך אין אַ מאָרד, האָט מען וועגן דעם געמאָלדן דער פּאָליציי. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט — אַ שונא־ישראל — האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט אין קיין מאָרד; ווייל ווען ער האָט באַפוילן דער פּאָליציי, אַז זיי זאָלן אַרויסטרייבן אַלע ציווילע פון גאָרטן,

איז ער אַליין געלאָפן זען דעם טויטן און האָט נאָך פון דערווייטנס דער־הערט דאָס כראָפּען און דאָס שנאָרכן פון דעם שלאָפנדיקן שכור. אָבער דאָ האָט ער פאַרטראַכט זיין טייוולאָנישן פּלאַן; דאָ איז אים געקומען די גע־לעגנהייט צו פאַרצאַפּן אַביסל בלוט ביי די ייִדעלעך...

ער האָט באַפוילן זיינע פּאָליציי־לייט, אַז זיי זאָלן היטן די אַריינגענג פונעם גאָרטן, בכדי קיינעם צו דעם „טויטן" נישט צולאָזן. ער אַליין איז געלאָפן אין שול אַריין אָנזאָגן די ייִדן די פינצטערע בשורה. זיין פאַר־ברעכערישע נשמה האָט געפונען אַ חיות אין דעם טויט־שרעק, וואָס ער האָט די ייִדן פאַרשאַפט...

ווען דער רב און די גאַנצע עדה ייִדן זענען צוגעקומען צום גאָרטן, איז שוין דאָרט פול געווען מיט מענטשן. שווער איז אָנגעקומען דעם רב און אַלע איבעריקע ייִדן זיך דורכצושטופּן צום אַריינגאַנג (די גאַנצע שטאָט גויים האָבן אַרומגערינגלט דעם גאָרטן). און ווען דער רב און די ייִדן זענען צוגעקומען נאָנט און זיך אַריבערגעבויגן איבערן „מת", האָבן זיי שוין נישט באַדאַרפט דאָס עלעקטרישע לעמפל פון פאַטערײנסקין: זיי האָבן אים שוין סיי ווי סיי דערקענט...

דאָס ליכט פונעם לעמפל, דאָס פאָרען זיך פון די ייִדן אַרום אים האָט משה כאַצקלס אויפגעוועקט פון שלאָף. לאַנג האָט ער זיך געצויגן ביז ער האָט זיך אויפגעשטעלט. דערזען אַרום זיך אַזויפיל מענטשן, האָט ער זיך פון אָנהייב דערשראָקן. אָבער באַלד זיך געכאַפּט, אַז היינט איז יום־כפור: די קיטלען און די טליתים האָבן אים אָן דעם דערמאָנט. און ווען דער רב האָט אים געפרעגט:

— משה! וואָס טוט זיך מיט דיר! ווי נעמט דאָס אַ ייִד יום־כפור צו כל־נדרי און לייגט זיך שלאָפן אין גאָרטן?

האָט ער שכורלעך געענטפערט:

— רבי! פּיאַנעגאָ ניע סאָנדזאָן... (רבי, אַ שיכורן משפט מען נישט...).

# חברה „תפארת בחורים“

## 1

ס׳האָט זיך נאָך נישט געהאַט געענדיקט די ערשטע וועלט־מלחמה, ווען די גוטע נייעס פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט דערגרייכט אין יעדער ייִדישער שטוב פון אַלע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן. יענע צייט פון ייִדישן רענעסאַנס האָט אויך דערגרייכט ביז אונדזער שטעטל יאַנאָוו. די יוגנט פון שטעטל האָט דערוואַכט. פּוילן איז דעמאָלט געוואָרן זעלבסט־שטענדיק און מען האָט אַ סך גערעדט פון נאַציאָנאַלער מינדערהייט־רעכט. ייִדן זענען אין זייער שמחה געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען האָט געשמועסט פון אַ ייִדישער קולטור־אויטאָנאָמיע אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

מאיר־זיינוולס האָט זיך געדרייט אין מאַגיסטראַט. מיט זיין שיינעם פּויליש איז ער געווען זיכער, אַז אויב נישט „בורמיסטש“ — וועט ער „פּאָד־בורמיסטש“ זיכער ווערן... די דערוואַכטע יוגנט פון שטעטל האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געפּענטעטן ריז, וואָס האָט צעריסן די קייטן און ווייס נישט וואָס צו טון מיט דער גבורה ,וואָס שפּרודלט פון אים...

די ערשטע האָט זיך אָרגאַניזירט די ציוניסטישע יוגנט: דאָס זענען געווען מערסטנטייל טאַטנס זינדלעך, וואָס האָבן געפּטרט זייערע טעג אין טאַטנס קראָם מיט מעשה־ביכלעך. אויך בית־מדרשניקעס, וואָס האָבן אונ־טער דער גמרא באַהאַלטן פייערבערגס „וווהין“. אויפגעטרייסלט פון דער נייער צייט, פון אפּיקורסות און השכלה, האָבן אָט די יונגעלייט זיך גע־זאַמלט אין די ציוניסטישע רייען, ווער כדי צו פאָרן קיין ארץ־ישראל,

אָון ווער סתם אַזוי, כדי צו ווערן „פּאָסטעמפּאָווע״, מיט לייטן גלייך, אַראָפּ־וואַרפן פון זיך דעם בטלן פון בית־מדרש און טון אַ גוטן שידוך, אָדער אפשר גאָר פאַרפירן אַ ליבע מיט אַ מיידל (וואָס איז דעמאָלט אין שטעטל גְעווען אין דער מאָדע).

צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט דעמאָלט געהערט די סאַמע „סמעטענע״ פון שטאָט. ישראלקע זיינוולס האָט אָן דעם פּאָטערס וויסן פאַרקויפט אַ סטערטע ברעטער פון זיין טאַרטאַק און פאַר דעם געלט גע־בראַכט אַ טראַנספּאָרט אַפּיקורסישע ביכער פון וואַרשע. און אַז דער פּאָ־טער, אַ געררער חסיד, האָט די ביכער דערשנאַפּט און זיי פאַרברענט און זיין זון גוט אויסגעפּאַטשט, האָט זיך ישראלקע דערפון אויך נישט גע־מאַכט קיין גרויסן צימעס. ער האָט שוין באַקומען אַנדער געלט און גע־בראַכט נאָך אַ גרעסערע צאָל ביכער. דאָסמאָל שוין נישט צו זיך אַהיים, נאָר גלייך אין דער ביבליאָטעק, ווו ס׳האָבן זיך פאַרזאַמלט די בעל־בתישע יונגעלייט און מיידלעך פון חסידישע היימען. דאָרטן האָט יונגוואַרג גע־פירט געהיימע ליבעס. בעת זיי זענען פאַרנאַכט געקומען טוישן ביכער, האָט מען געהיים געשפּילט אין „פלירט״ (דאָס זענען געווען אַזעלכע קאָרטן־טעוועלעך, וואָס מען האָט געקויפט ביים מוכר־ספרים, מיט געדרוקטע שור־רות פון הויך־פּאָעטישע ליבע־ווערטער). מיט אָט די קאַרטלעך האָבן זיך באַנוצט די יונגעלייט, וואָס זענען אַרויס נאָר־וואָס פון בית־מדרש, וואָס ביים טרעפן זיך מיט אַ מיידל, האָט זיי ס׳האַרץ געקלאַפּט און ס׳פּנים רויט געוואָרן איבער די אויערן. ווי־זשע האָט אַזאַ יונג געקאָנט זאָגן דעם מיידל: „איך האָב דיך ליב״, אַז ביים דערזען דאָס מיידל, האָט ער פאַרלוירן ס׳לשון? דערפאַר פלעגן אַזעלכע יונגעלייט שטענדיק טראָגן ביי זיך די פלירט־קאָרטן, און אַז דאָס מיידל איז אים געפעלן געוואָרן, האָט ער איר אין געהיים דערלאַנגט אַזאַ קאַרטל. אַזוי אַרום איז די ציוניסטישע ביבליאָ־טעק פאַר דער יוגנט געוואָרן אַ קוואַל, פון וועלכן זי האָט דורשטיק גע־טרונקען וויסן און קולטור און וועלכע האָט אויך גורם געווען גוטע שידו־כים. ווו־זשע דען האָט אין יענער צייט געקאָנט קומען אַ יונגערמאַן, וואָס איז אַרויס לתרבות־רעה, אויב נישט צווישן בעל־בתישע קינדער, וואָס האָבן פון „קולטור״ געמאַכט „קול תורה״. חסידיש און נגידיש, פאַר גאָט און לייט.

## 2

געווען איז אין יענער צייט אַ צווייטער קלאַס יוגנט, אַ יוגנט וואָס האָט אפשר געשפּרודלט מיט נאָך מער לעבן, ווי די ערשטע: דאָס איז געווען די אַרבעטער־יוגנט: שניידער, שוסטער, קאַמאַשן־שטעפּער, סטאָליערס, בלעכער און אַנדערע פאַכן. און כאָטש זייער צאָל איז געווען צענפאַכיק גרעסער פון דער ערשטער, זענען זיי אָבער געווען פילפאַכיק אומבאַהאָלפענער. ווייל כאָטש מען האָט אין יענער צייט נישט געוווּסט פון קיין אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, האָבן דאָך די אַרבעטער געהאַט גענוג פרייע שעהן פון שבתים און יום־טובים; זענען זיי געווען אויך פאַראינטערעסירט צו לייענען אַ ביכל, צוזאַמענקומען זיך מיט חברים און אויסלעבן זיך אין אַ סביבה, אַ גייסטיקע און קולטורעלע. אַ טייל פון זיי האָבן אָנגעהויבן קומען אין די ציוניסטישע קרייזן, אָבער זיי האָבן זיך דאָרטן געפילט פרעמד. יאַנקל שוחטס, אַברהם־יצחק חיים אליס, מלכה ראובן פעלדשערס און נאָך זייערס גלייכן זענען געווען די רעדל־פירער פון יענעם קרייז; זיך געהאַלטן פאַר דער אינטעליגענץ פון שטאָט, געהאַט „פּליי אין דער נאָז" און האָבן געקוקט אויף די שוסטער און שניידער פון אויבן אַראָפּ. כאָטש דעם חודש־אָפּצאָל האָבן זיי געברענגט צו דער צייט, האָט דאָך די אַרבעטער־יוגנט זיך דאָרטן געפילט אומהיימלעך. עס זענען אויך געווען אויסנאַמען: אליי גאָלדנער, שלום חיה אליס זון, הגם אויך אַ בעל־מלאכה, אַ רימער, אָבער ווייל ער האָט אַ סך יאָרן געאַרבעט אין וואַרשע, האָט צו אים די קליינשטעטלדיקע אינטעליגענץ אַרויסגעוויזן אַ דרך־ארץ, וואָס האָט זיך געשטאַרקט ווען ער האָט זיי געהאָלפן איינאָרדענען אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג — „הערצעלע מיוחס". דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס יאַנאָוו האָט דורכגעפירט מיט אייגענע קרעפטן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג. ביז דאַן האָט מען געוווּסט פון אַ „מכירת יוסף־שפּיל", וואָס יונגען האָבן עטלעכע וואָכן פאַר פּורים געשפּילט אין רייכע הייזער. דאָס האָבן אַפילו חסידישע ייִדן אויך מתיר געווען. ווייל סוף כל סוף איז דאָך דאָס געווען אַ פּורים־שפּיל. אָבער אַז יונגען מיט מיידן זאָלן שפּילן טעאַטער אין אַ זאַל — דאָס האָט שוין שטאָט נישט געוואָלט דערלאָזן. שיינע

יידן זענען געלאָפן צו „נאַטשאַלסטווע", אַז מען זאָל אין דער לעצטער מינוט שטערן די פאָרשטעלונג. אָבער געזיגט האָט דאַן די יוגנט. אפשר דערפאַר וואָס זי האָט געהאט אַ צד ביי מלכות: אין זייערע רייען זענען געווען מאַקס און יהודה זבינאוויטש, וועלכע האָבן געהאט אַ פוילישע דרוקעריי און וועלכע זענען געווען „אויסגעקאָכט" מיטן אַפטייקער, האָבן געשפּילט אַ זעקס־און־זעכציק מיטן קאָמענדאנט און דעם קרייז־דאָקטער און געווען מיט גאַנץ מלכות אויף „דו".

אָט די דאָזיקע „פּאָליאַקן פון משהס גלויבן" זענען אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער נייער צייט און געוואָרן ציוניסטן. זיי זענען דאָס געווען דער שטאַרקער צד פון דער יוגנט. און זיי האָבן דאָס אין דער לעצטער מינוט געראַטעוועט די פאָרשטעלונג. אָבער די אַרבעטער־יוגנט האָט אין דאָזיקן קרייז זיך נישט געקענט געפינען קיין אָרט.

3

אַזוי ווי מיטן אויפקום פון אויטאָמאָביל האָבן זיך די פערד־געשפאַנען געמוזט צופאַסן צו די נייע באַדינגונגען, ווייל ס'האָט זיי געדראָט צו פאַרלירן זייער עקזיסטענץ, אַזוי האָבן אויך אין יענער צייט די פרומאַקעס פון שטעטל געזוכט זיך צוצופאַסן צו דער נייער צייט. ווייל דאָס בית־המדרש האָט אָנגעהויבן ליידיק צו ווערן פון בחורים. די גאַס, די נייע צייט האָט זיי געראַבן. אויף שנעל איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן די פאַרטיי „אַגודת־ישראל", מיט וועלכע ס'האָט אָנגעפירט דער תלמיד־חכם און באמת פרומער ייִד ר' שלמה האַרמאַן. די פאַרטיי האָט דאָס באַדאַרפט זיין די שוץ־וואַנט פאר דער ציוניסטישער שמד־מגיפה, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע יוגנט פון שטעטל. אמת, אַז די גאָר פרומע בחורים זענען געווען גענוג ווייט פון ציוניסטישע אָדער אַנדערע אידייען, אָבער די קלוגע פרומע יידן פון יענער צייט האָבן געהאַלטן פון דעם מאמר „מה שלא יעשה השכל, יעשה הזמן". האָט מען דער יוגנט עפּעס געמוזט געבן פון דער צייט, נאָך בפרט, אַז ס'האָט זיך דאַן געשאַפן די „מזרחי"־פּאַרטיי, וועלכע איז באַשטאַנען פון די זיידענע יונגעלייט, קעסט־קינדער, דורכאויס לומ־

דים, נאָר מאָדערנע. זיי האָבן אויסגעשריבן אַ בלאַט־צייטונג אַזש פון וואַרשע און זענען געווען די, וואָס האָבן געבראַכט אַלע נייעס אין שטעטל אַריין.

אָט די „מזרחי"־יוגנט איז געווען דער פּחד ביי די פרומע ייִדן. זיי האָבן געציטערט, אַז בית־מדרשניקעס זאָלן נישט אַוועק אין זייערע וועגן, ווייל פון בית־מדרש ביז „מזרחי" איז נישט ווייט און פון „מזרחי" צום ציוניזם איז נאָר איין שפּאַן, און ווי ווייט איז פון ציוניזם צו שמד?..

דערפאַר האָבן אַזוי די אגודהניקעס געאַרבעט מעשים אין שטעטל. קודם האָבן זיי געשאַפן אַ ישיבה. אַנשטאָט וואָס פריער האָבן ייִנגלעך געלערנט אין בית־מדרש, אָן טאָלק און גערופן האָט מען זיי „באַנק־קנייטשערס", האָט מען איינגעשטעלט אַ ישיבה און זי איינגעטיילט אין „כיתות". און געלערנט מיט די בחורים האָבן נישט עפּעס סתם מלמדים, מיט קאָל־טענעוואַטע בערד און שמוציקע פּאַטשיילעס, נאָר אויסגעפּוצטע ייִדן, לומדים, וואָס האָבן געקענט מסביר זיין אַ שטיקל גמרא און אַריינבראָקן עטלעכע פרעמדע אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער... און כאָטש טייל בחורים האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען, האָט דאָס אָבער ביי זיי אויסגעזען זייער מאָ־דערן, שוין באַלד ווי ביי „יענע לייט", וואָס ס'האַרץ ציט אַזוי צו זיי...

ר' שלמה האַרמאַן, וואָס איז געווען דער ראש ישיבה און דער פירער פון דער אגודה, האָט געלערנט מיט דער פינפטער און זעקסטער כיתה. בערל־מענדל ישראל טעפּערס — מיט דער דריטער און פערטער. ער איז אויך געווען דער משגיח. און דער אַלטער ר' יאַנקל, דער זאַקליקאָווער מלמד, וואָס איז געווען אַ ווונדערלעכער בעל־תנ"ך און אויך ווועלכן חסי־דישע ייִדן האָבן געדרייט מיט די נעזער, האָט מיט אַלעמען געלערנט תנ"ך. אַזוי אַרום האָבן די פרומע מיט דער הילף פון דער מאָדערנער ישיבה, נישט נאָר געהאַלטן אין זייערע רייען די פרומע בית מדרשניקעס, נאָר אויך אַ סך בחורים און יונגע לייט, בעל־מלאכות, וואָס האָבן אַמאָל גע־לערנט אין אַ חדר, האָבן זיך אָנגעהויבן טוליען צו דער אגודה. אין די שבתים און יום־טובים האָט מען דאָרט מיט זיי געלערנט „עין יעקב" און תנ"ך. אַזוי האָבן די נישט גאָר פאַרגרעבטע בעל־מלאכות, וואָס האָבן זיך אין די ציוניסטישע רייען קיין אָרט נישט געקענט געפינען, זיך דאָ גוט געפילט. מען האָט זיי מקרב געווען, מען האָט מיט זיי געלערנט אַגדה,

מען האָט זיי אָנגעוויזן אויף ר׳ יוחנן הסנדלר און ר׳ יצחק נפחה, וואָס זענען טאַקע געווען בעל־מלאכות. אָבער גלייכצייטיק גרויסע תנאים אא״וו. זיי, די אַרבעטער, וואָס זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין די רייען פון דער אגדה, האָבן משפיע געווען אויף זייערע חברים אַרבעטער, וואָס וואָלטן ביי אַנדערע אומשטענדן נישט געטראַכט פון פרומקייט, און ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל נישט זיין איז אָבער געווען אַ פאַקט, אַז כמעט די גאַנצע אַרבעטער־יוגנט פון שטעטל האָט געלאָזט שרייבן אַ ספר־תורה אין שול אַריין. און ווען מען האָט דאָס ספר געפירט אין שול אַריין האָבן זיך יונגע אַרבעטער פון שטעטל משמח געווען מיט דער תורה, געטאַנצט אין גאַס, ווי דאָס וואָלטן געווען אַלטע ייִדן, לויטער צדיקים. לצים דערציילן, אַז ווען שימעלע רעלעס האָט געטאַנצט אין גאַס מיט דער תורה, איז צו אים צוגעקומען דער עלטערער ייִד ר׳ לייבעלע און אים געבעטן, אַז ער זאָל אים דערלויבן צו נעמען די תורה אין האַנט אויף איין מינוט, בכדי מקיים צו זיין אַ מצוה, האָט אים שימעלע געענטפערט: „פאַשאָל! די תורה טראָגן ייִדן״. געמיינט האָט ער דערמיט צו זאָגן, אַז דאָס ספר טראָגן נאָר בחורים און נישט קיין באַווייבטע. דער סופר פון שטעטל האָט נאָך זינט ער לעבט אַזויפיל נישט פאַרדינט, ווי דעמאָלט, בעת דער „אַרבעטער־קלאַס״ האָט געפירט דאָס ספר אין שול אַריין...

4

ביי טילע שמואל־וויגדערס אינעם גרויסן אַלקער איז שבת אויפן טיש געשטאַנען אָנגעשטעלט פון כל־טוב: בראָנפן און ווישניאַק, האָניק און צוקער־לעקעך; אַ חוץ דעם האָבן זיך געבראָטענע גענדזלעך געוואַרעמט אין אויוון און גרויסע בעקענעס, פול מיט בראָט־יויך און גריוון, האָבן פאַרשמעקט די גאַנצע שטוב. דאָס האָט טילע אָנגעגרייט פאַר דער יוגנט, וואָס הויבט זיך אָן אַרויסצורוקן פון שול באַלד נאָך כתר. דאָס זענען ייִנגלעך, וואָס הויבן שוין אָן מיט אייגענע כוחות צו פאַרדינען אַ זלאָטע און שאַפן זיך גלייך אַן אילוזיע, אַז זיי זענען גרויסע. און כאָטש דער טאַטע האָט נאָך איבער זיי געגוג דעה צו זאָגן; ער, דאָס ייִנגל, מוז נאָך

מיטן טאַטן גיין אין בית־מדרש דאַוונען, דער טאַטע קאָן נאָך ביי אים אָפּ־נעמען חשבון: „ווו ביסטו געווען?", אָבער די יינגלעך הויבן שוין דאַן אָן צו ווערן זעלבסטשטענדיק, און די ערשטע שריט צו זעלבסטשטענדיקייט פירן שבת נאָכן דאַוונען צו טילען קידוש מאַכן. טילע ווייסט ווי זיי אויפצונעמען. זי קאַרגט זיי נישט קיין חניפה. דעם נעמט זי אויף מיט אַ „סקאָצל־קומט" און יענעם — מיט אַ גוט־ברודערישן קלאַפּ אין דער פלייצע: „אַ! אַ גאַסט! אַ גאַסט!" דאָס יינגל דערפילט זיך דעמאָלט ווי אַ דערוואקסענער און כדי צו ווייזן פאַר די איבעריקע חברים, אַז ער איז שוין טאַקע אַ גרויסער, טרינקט ער אויס אַ גרויס גלעזל בראָנפן מיט איין שלוק. אמת, ער פאַרהוסט זיך אַביסל. בייסט ער גלייך צו אַ שטיקל לעקעך און אַלץ איז שוין צוריק אין אָרדענונג. זיי, די אָנפאַנגער, רופט אָן טילע „קידוש־מאַכער", ווייל זיי פאַרנעמען נישט צו לאַנג דעם פלאַץ: אַריינגע־קומען, אויסגעטרונקען אַ גלעזעלע בראָנפן, צוגעביסן אַ שטיקל לעקעך, גייט מיט טילען אַריין אין אַ צווייטן חדר, ווו ער באַגייט די ערשטע עבירה: פראַנק און פריי ציט ער אַרויס פון אַ גנבישער קעשענע געלט, וואָס ער האָט אויסבאַהאַלטן פאַרן טאַטן (אַ טאַטן פאַרגלוסט זיך אַמאָל אַ זוך טון ביים זון אין קעשענע, אין די שבתדיקע הויזן, אָבער מעג דער טאַטע זוכן פון היינט ביז מאָרגן, וועט ער די גנבישע קעשענע נישט געפי־נען). דאָס איז זיין ערשטע עבירה: דאָס באַצאָלן אום שבת, אָבער ער פייפט שוין אויפן רבש׳ע. ביי טילען זענען אָט די חברה די בעסטע קונים. זיי דינגען זיך קיינמאָל נישט און אויב ס׳פעלט אַזעלכע אויס עטלעכע גילדן, איז אויך נישט געפערלעך. ער וועט שוין נאָך שבת פון אונטער דער ערד זיך שאַפן געלט און באַצאָלן דעם חוב, ווייל מער וואָלט שוין אַזעלכן נישט געפלעט, ווען טילע זאָל גיין צו דער מוטער מאָנען דעם חוב...

## 5

ס׳איז געווען אַ לאַנגער חול־המועד־פסח, וואָס פאַר אָרעמע בעל־ביתטעס איז דאָס אַן אומגליק: ס׳קומט איר צו אַ שבת צום יום־טוב. דער־פאַר פאַר יונגע־לייט „חול־המועדניקעס" איז עס אַ גליק, ווייל ס׳זענען

דאָ פיר לאַנגע טעג, וואָס מען טאָר נישט אַרבעטן, מען מעג אָבער טון אַלע אַנדערע זאכן, ווי: פאָרן, רויכערן, האַלטן געלט ביי זיך אא״וו. דאָס זענען טעג, וואָס נעמען נעמט מען ביי זיי אַלץ און געבן זיי דאַרף מען גאָרנישט. חדר־ייִנגלעך שפּילן דעמאָלט אין ניס, חתן־בחורים פאָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך אָנקוקן כלות; אַלטע ייִדן וואַרעמען זייערע קאַלטע לייבער אויף דער ליבער פרילינג־זון אא״וו.

שימעלע רעלעס, וואָס איז געווען דער קייסער צווישן די „מכירת־יוסף־שפּילער״, האָט יענעם חול־המועד־פּסח צוזאמענגערופן אַלע זיינע „אונטערטאַנען״ צו טילען אויפן פּסחדיקן קידוש. נאָכדעם ווי מ׳האָט אָפּגעשפּילט שיינע עטלעכע וואָכן דעם „מכירת־יוסף״־שפּיל אין רייכע הייזער, האָט מען געטרונקען און געגעסן געבראָטענע גענדזלעך פון טילעס בראָט־איוון און עס זענען נאָך אַלץ געבליבן שיינע הונדערטער אין דער קאַסע. ס׳איז פשוט נישט געווען וואָס צו טון מיטן געלט. אַז אַלע זענען שוין געווען בגילופין, האָט זיך שימעלע אויפגעשטעלט, געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש, אַז אַלע גלעזעלעך זענען אונטערגעשפּרונגען און אויסגערופן: „קינדער! זאָל זיין שטילז!״ כאָטש די אַלע וואָס האָבן מיט אים איצט צוזאמען געטרונקען זענען געווען זיינע חברים, האָט ער זיך אָבער איצט, אַביסל בגילופינדיק, געפילט אין דער ראָל פון אַלטן פאָטער יעקב, וואָס ער האָט געשפּילט אין „מכירת־יוסף״. און ווי אַזעלכער האָט ער זיי אין אַ באַפעלערישן טאָן געזאָגט:

— קינדער! ס׳איז שוין צייט צו מאַכן אַ פאַראיין. לאָמיר זיי ווייזן, די הינטישע זין, וואָס האָבן פליי אין די נעז, אַז אונדז פייפן אויף זיי! וואָס מיינען זיי, אַז אונדז בעל־מלאכות דאַרפן זיך ביי זיי בעטן? ס׳שטייט זיי נישט אָן זיך מיט אונדז צו חברן? איך וועל זיי ווייזן, אַז אונדזער פאַראיין וועט זיין גרעסער פאַר זייערן! זיי מיינען — די שטייפע קעלנער — אַז מיט זייערע ריידעלעך „טשאַטשינא־מאַטשינא״ וועלן זיי אונדז מאַכן פאַר די שקאָפּעס און זיי וועלן זיין די שמייסער. אין זייער טאַטנס טאַטן אַריין! איך, שימעלע רעלעס, וועל מאַכן אַ פאַראיין, אַז די כאָליערע וועט עס נעמען. זיי וועלן זיך נאָך ביי אונדז בעטן, אַז מיר זאָלן זיי אַריננעמען צו אונדז. בין איך גערעכט, צי ניין?

אַלע צוזאמען האָבן געענטפערט:

— גערעכט, שימעלע, גערעכט װי דער טאָג.

און טאַקע דעם זעלבן חול־המועד־פּסח איז בײַ טילען געשאַפֿן געװאָרן דער פֿאַראײן פֿון בעל־מלאכות, װאָס האָט זיך גערופֿן מיט אַזאַ שײן־קלינגענדיקן נאָמען „חברה תפארת בחורים“.

6

װאָלט יאַנאָװ נישט געלעגן אַזױ װײַט פֿאַרװאָרפֿן אין אַ העק, װאָס די נאָענטסטע באַן־סטאַציע איז געװען 20 קילאָמעטער פֿון שטעטל, װאָלט זיך װאַרשע אפֿשר געװען דערמאָנט אין אַזאַ שטעטעלע, װאָס האָט אַזאַ ברױזנדיקע אַרבעטער־יוגנט, װעלכע איז װי טײג, װאָס יערט און לאָזט זיך קנעטן. און געקנאָטן און פֿאָרמירט האָט זיך אין יענע יאָרן אַן אַרבעטער־יוגנט אין אַלע שטעט און שטעטלעך פֿון פּױלן. דער „בונד“ איז דעמאָלט געװען די שטאַרקסטע אַרבעטער־פּאַרטײ אויף דער ייִדישער גאַס. אַזױ װי אין סדום איז קײן אײן צדיק נישט געװען, אַזױ איז, װי אומגלױבלעך דאָס זאָל נישט זײַן, אויך אין יאַנאָװ קײן אײן באַװוּסט־זיניקער אַרבעטער נישט געװען, װאָס זאָל געװען זײַן פֿעיִק צו פֿירן די אַרבעטער־מאַסע אויפֿן קאָנסטרוקטיװן װעג פֿון אָרגאַניזאַציע. און דאָס איז געװען די סיבה, פֿאַרװאָס כּמעט אַ גאַנצע שטאָט יוגנטלעכע אַרבעטער זענען אַ צײַט לאַנג מיטגעריסן געװאָרן מיט אַ חברה, װאָס האָט קײן שום ציל נישט געהאַט, אויסער צו מאַכן קידוש און עסן גענדזנס בײַ טילען און פֿירן אַ ספֿר־תּורה אין שול אַרײַן.

דעם זעלבן חול־המועד־פּסח, האָבן בײדע שמשים פֿון שול און בית־המדרש אויסגערופֿן, אַז ס'האָט זיך געגרינדעט אַן אַרבעטער־פֿאַראײן „חברה תפארת בחורים“, װאָס סאַמע בעל־מלאכות קענען זיך דאָרטן פֿאַרשרײַבן. מודעות זענען צעקלעפּט געװאָרן אין שול און אין בית־מדרש װעגן דעם, אַז אײנעם קלײנעם שולכל פֿאַרשרײַבט מען בעל־מלאכות, װאָס װילן אָנגענומען װערן אין דער חברה. ס'האָט נישט לאַנג געדױערט און כּמעט די גאַנצע אַרבעטער־יוגנט איז אַרײַנגעצױגן געװאָרן אין דער חברה.

געלט איז דאָרטן אַריינגעפּלאָסן ווי פון אַ קוואַל, ווייל יעדער איינער האָט אין פּאַראַיין־קאַסע געצאָלט אַ האַלבן רובל אַ חודש. קיין אויסגאַבן זענען נישט געווען, איז טאַקע די קאַסע געוואַקסן אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען דאָס, וואָס דער גרעסטער גביר וואָלט דאָס נישט געקאָנט. און דאָס איז: לאָזן שרייבן אַ ספר־תורה אין שול אַריין...

דאָס ספר, וואָס אהרן סופר האָט געשריבן, האָט געשמט מיט זיין קדושה. געוויינטלעך פלעגט ער שרייבן אַ ספר נאָר אויף באַשטעלונג, און כדי צו באַשטעלן ביי אהרן סופר אַ ספר־תורה, האָט מען זיך באַדאַרפט גוט אונטערגאַרטלען, ווייל ער איז געווען אַ גרויסער קמצן, האָט באַדאַרפט שפּייזן אַ ווייב מיט אַ פולע שטוב קינדערלעך, און ווי אָרעם ער האָט נישט געלעבט, האָט ער דאָך באַדאַרפט פיר אָדער פינף ריבל אַ וואָך. ביים שרייבן דעם ספר האָט ער זיך נוהג געווען, אַז פאַר יעדן „שם" איז ער זיך געגאַנגען טובל זיין. היינט מאַכט זשע דעם חשבון, וויפל מאָל ער האָט זיך באַדאַרפט טובל זיין דורכן טאָג? און ווען מיר זאָלן נאָך צורעכענען, אַז נאָך יעדע דריי־פיר פסוקים האָט ער געביטן די גענדזענע פעדער, וואָס ער האָט זיי אַליין צוגעשניצט, באַקומען מיר דעם חשבון, וויפל צייט ער האָט באַדאַרפט אויף אָנצושרייבן אַ ספר־תורה.

יענע צייט, וואָס אהרן סופר האָט דאָס ספר געשריבן פאַר דער חברה, איז געווען די בעסטע צייט אין זיין לעבן. דאָס איז געווען אַ צייט פון שפע. אין זיין שטוב איז נאָך קיינמאָל אַזוי פיל „זעט" נישט געווען. די חברה האָט געצאָלט וואָכן־געלט מיט דער ברייטער האַנט.

דעם טאָג, וואָס זיי האָבן דאָס ספר געפירט אין שול אַריין, האָט קיין שום בעל־מלאכה נישט געאַרבעט. דאָס מענטעלע צום ספר האָט זונדל לערער אויסגעכתיבהט און רבקהלע זיין ווייב האָט דאָס אויסגעהאָפטן מיט בראָקאַט און מיט זייד. די קרוין וואָס זי האָט דאָרטן אויסגעהאָפטן, איז געווען פון קרעלן געפעדימט אין גאָלד. ביי די זייטן פון דער קרוין האָט זי אויסגעהאָפטן צוויי פייגל מיט פונאַנדערגעשפּרייטע פליגל, אַזוי אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי פליִען אַרום דעם ספר און באַשיצן דאָס מיט זייערע פליגל. מענדעלע קצב האָט אַכט טעג געאַרבעט ביים לאַמטערן, וואָס ער האָט אַזוי מאַיעסטעטיש געטראָגן פאַראויס. דאָס טראָגן אַן אָנגע־

צונדענעם לאמטערן בײ אַ ספר פּירן איז שוין געװען מענדעלע קצבס אַ חזקה. מען זאָגט, אַז דעם לאַמטערן האָט ער נאָך געירשנט פון זײן פּאָטער. און געדינט האָט דער לאַמטערן צו אַלע ייִדישע פײערלעכקײטן, װאָס פלעגן פאָרקומען אין שטאָט. אַז ס'איז אַמאָל געקומען אין שטאָט אַרײַן דער ביסקופּ בײַנאַכט און ייִדן זענען אים אַנטקעגן געגאַנגען מיט ברויט און זאַלץ, איז מענדעלע קצב געגאַנגען פאָראױס מיטן לאַמטערן, אין װעלכן עס האָט געברענט אַ גרויסער לאָמפּ. אויף אַלע פיר טאָוול־נע װענטלעך זענען געװען אויסגעשניטענע גרויסע ייִדישע אותיות. אויף אײן זײט זענען געװען אויסגעשניטן די לוחות מיט די צען געבאָט; דאָס װענטל איז געװען פאַרקלעפּט מיט רויט פּאַפּיר און בעת דאָס ליכט האָט דורכגעשײנט, האָט מען די לוחות געזען אין דער נאַכט פון זײער װײַט. פון דער צװײטער זײט זענען געװען אויסגעשניטן צװײ לײבן מיט אָפענע פּיסקעס. די דריטע זײט איז געװען אויסגעשניטן אין אַ קרוין, װי אַ כתר־תורה. די קרוין איז געװען באַקלעפּט מיט גאָלד־פּאַפּיר. אויף דער פערטער זײט זענען געװען אויסגעמאָלן צװײ הענט, װאָס דוכענען. דער לאַמטערן איז געװען צוגעקלאַפּט צו אַ הויכן דראָנג און מענדעלע האָט אים געטראָגן בײ יעדן פּאַראַד. און איצט, װען זײנע מענטשן דאַרפן פירן אַ ספר, האָט ער דעם לאַמטערן אַזוי אויסגעמײסטרעװעט, אַז מען איז געלאָפן אויף װוּנדער. שמײסער, װאָס האָבן געאַרבעט בײ קאָניאַרזשעס, האָבן זיך די שענסטע פערד אויסגעקליבן, זײ באַפּוצט מיט אַ סך װײסע, רויטע און בלויע סטענגעס, אין די פערדישע גריװעס צעפּעלעך פאַרפלאָכטן און זײ פאַרקניפּט מיט רויטע שלײפן. הערשל קאָזאַק האָט אויסגעפּוצט זײן אָגער, צוגעשוירן אים די גריװע און דעם װײדל, אָנגעטון אים נײַע שלײעס, און באַדעקט מיט אַ רויטן זאָטל. דער אַגער האָט אויסגעזען װי דעם קײ־סערס פערד און ער, הערשל, װעלכער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ גענע־ראַל, מיט טראָלדן אויף די אַקסלען, און מיט אַ שװערד בײ דער זײט, האָט אויסגעזען װי מלך סאָביעסקי. בײם מאַרש האָט הערשל כסדר גע־שפּאָרנט דעם אָגער װאָס האָט זיך רק געשטעלט דיבאָם...

7

ביי מרדכי מירעלעס אין הויז, פון וואַנען מען האָט באַדארפט פירן דאָס ספר אין שול אַריין, איז געווען פאַרזאַמלט די גאַנצע פני פונעם קליי־נעם שולכל. זיי, וואָס האָבן זיך געפילט ווי די הויפט־מחותנים, האָבן זיך משמח געווען און געטרונקען לחיים: ר׳ לאָזער קעסעלשמיד, אַ שניידער, וואָס האָט געניייט מונדירן פאַר די קאָזאקן; זיינע זין, אויך שניידער, מיט־גלידער אין דער חברה; אַברהמעלע גבאי און משה קאָזע, ביידע שוסטער — בעל־בתים. דער ערשטער איז געווען גבאי־ראשון אין קליינעם שולכל און דער צווייטער אַ „גוואַרדייער" ביי דער „חברה תהלים". זייערע זין, וואָס האָבן געהערט צו דער חברה, האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן. דאָס גאַנצע יונגוואַרג האָט זיך געפונען אינעם גרויסן הויף, ווייל אין שטוב איז נישט געווען ווו אַ שפּילקע צו פאַרלירן...

אויפן טיש איז געשטאַנען מענדל שמש און פאַרקויפט אותיות, וואָס זענען צעכאַפּט געוואָרן ווי מצה־וואַסער. קיין שין׳ס און קיין עין׳ס האָט מען ניט געקריגן פאַר קיין שום געלט. מען האָט פאַר פראָסטע אלף׳ן און בית׳ן געצאָלט אין טאָג־אריין. דאָס יונגוואַרג האָט געטרונקען. בראָנפן האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. די גאַנצע שטאָט איז געווען פאַרזאַמלט אין דרויסן. כלה־מיידלעך, אויסגעצוואָגענע אין עסיג און אין האָניק, מיט ווייסע בלוזקעלעך, ווי יונגע ווייבלעך צום ליכט־בענטשן, האָבן זיך בגנבה איבערגעווונקען מיט דער חברה און דערווייל אַריינגעכאַפּט אַ פלירט...

די לעצטע אותיות זענען שוין געווען פאַרקויפט. די פאַרשטעלטע קאָזאַקן האָבן קונציק מאַנעווורירט מיט זייערע פערד. דאָ און דאָרט דער־הערט מען אַ קוויטש פון די צום טויט־דערשראָקענע ווייבער, וואָס די פערד זענען אויף זיי שיער נישט אַרויף.

מיט אַן אָנגעצונדענעם לאַמטערן איז אויך געשטאַנען מענדעלע קצב. אַרום אים האָבן זיך געזאַמלט קונדייסים, — חדר־יינגלעך מיט קאָלירטע לאַמטערנעלעך קיילעכדיקע און פירעקיקע ווי האַרמאָשקעלעך. געוואַרט האָט מען נאָר אויפן רב. די חופה אונטער וועלכער מען האָט די „ריינ־

קייט״ געדאַרפט פירן אין שול אַריין מיט מוזיק און טענץ איז שוין גע־
ווען גרייט.

## 8

די התלהבות, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן ביי דער חברה אויפן וועג ביז צו דער שול, איז נישט צו באַשרייבן. דער וועג האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. הערש־לייב קלעזמער מיט דער קאַפּעליע האָבן ווען אײַנגעלייגט. דאָס דונערן פון דער פויק האָט מען געהערט ווי ווייט. די פייערווערק און די שטורקאַצן האָבן באַלויכטן די נאַכט מיט אַ טאָג־ליכט. די חופה־שטאַנגען זענען געטראָגן געוואָרן פון הונדערטער הענט און אונטער דער חופה זענען געגאַנגען מיט געמאָסטענע טריטעלעך די בחו־רים, וואָס האָבן געטראָגן דאָס ספר און געביטן זיך דערמיט פון האַנט צו האַנט. ווייל ס׳איז פון פריער געווען אָפּגעמאַכט, אַז דעם גאַנצן וועג ביזן שול אַריין, זאָל די „ריינקייט״ געטראָגן ווערן פון סאַמע בחורים און געווען זענען זיי זייער אַ סך. דערפאַר איז דאָס ספר געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, כדי יעדער זאָל האָבן אַ חלק אין דער מצווה.

די שול איז געווען אָנגעפּולט ממש קאָפּ אויף קאָפּ. די שטאַכעטן פון ארון קודש און פון באַלעמער זענען געווען באַקלעפּט מיט קינדער, ווי פליגן אַרום האָניק. אַפילו דער עוג־מלך־הבשן־לייטער פון שול, וואָס זיין שפּיץ האָט געגרייכט ביזן סופיט, איז אויך געווען באַקלעפּט פון איבן ביז אַראָפּ מיט מענטשן. די ווייבער האָבן זיך געשטעלט אַרום די ווענט אויף די בענק און יוצא־געווען מיט אַ קוש דער „ריינקייט״ פון דערווייטן. צו די הקפות, וואָס מען האָט געמאַכט מיט די ספר־תורות, וועלכע מען האָט אַרויסגענומען פון ארון־קודש, כדי מיט זיי מקבל־פּנים זיין דאָס נייע שוועסטער־ספר, האָט מען שוין די חברה „גאָלע־בראָדניקעס״ נישט צוגע־לאָזט.

דער שמש, וואָס האָט אַזוי חניפהדיק אויסגעזונגען די נעמען פון די בחורים ביים פאַרקויפן זיי די אותיות, געגעבן זיי דריי־גאָרנדיקע מורה־מורינו׳ס און דערביי אָנגעשטאָפּט זיינע קעשענעס מיט געלט, — האָט איצט, דאָ אין שול, זיי אַפילו נישט געקענט... ער האָט זיך אַפילו נישט

געפּרוווט איינשטעלן פאַר זיי, ווען עס האָבן זיך דערהערט געשרייען פון שיינע ייִדן: „גאָלעבראָדניקעס, שטופּט זיך נישט אויבנאָן!”... ער, דער שמש, האָט זיי איצט גאָרנישט געזען. דערפאַר האָט ער מכבד געווען מיט הקפות אַלע שיינע ייִדן און פאַר זיי, די בחורים, אַפילו דעם „עוזר דלים” נישט איבערגעלאָזט...

די ;חברה האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן, פּונקט ווי אין דער ציוניסטישער ביבליאָטעק, ווי אויף אַ פרעמדער חתונה... איינציקוויז האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אַרויסשאַרן פון שול און אומבאַמערקטע, אָפּגענאַרטע און באַליידיקטע האָבן זיי פאַרלאָזן די פאַר זיי פרעמד־געוואָרענע שמחה...

# שפיכת דמים

## 1

נאָך דריי טעג אַרומשלעפּן זיך אויף זיין בריטשקע צווישן די אַרומיקע שטעטלעך, ווו ער האָט געזוכט צו האַנדלען אַ מציאה — איינצוקויפן פאַר ביליק אַ קבר פאַר זיין מוטער, — האָט ר׳ זיינוול געמוזט אויסדרייען דעם דישעל, צוריקפאָרן אין שטעטל אַריין און בעטן ביי דער חברה־קדישא אַז מען זאָל די מוטער מקבר זיין. ער וועט באַצאָלן יעדן פּרייז.

געקומען איז ער שוין נישט דער שטאָלצער ר׳ זיינוול, וואָס מיט דריי טעג צוריק, ווען ער האָט אַלעמען געסטראַשעט מיט טורמע און קייטן, ווען מען האָט פאַרלאַנגט ביי אים פאַר אַ קרקע צען טויזנט זלאָטעס. עס האָט זיך אין אים אָנגעצונדן דער תקיף. „באַנדיטן!“ — האָט ער געשריגן צו די חברה־לייט, — איך וועל אייך ווייזן ווער איך בין!“.

נאָר „נאַטשאַלסטוואָ“ האָט זיך אין דעם עסק נישט געוואָלט אַריינמישן און אין די אַרומיקע שטעט האָט מען אויך נישט געהאַט קיין חשק משיג־גבול צו זיין. אפנים, אַז די חברה־קדישא ביי אונדז האָט זיך גערעכט, אַז ר׳ זיינוול וועט זוכן אַ צווייטע שטאָט, ווו מקבר צו זיין זיין מוטער, האָבן זיי באַצייטנס צעשיקט שליחים: הזהר והזהר, אַז יענע זאָלן נישט פּרוּוון פאַרהאַנדלען מיט זיינוולען. און כאָטש מען האָט געוווּסט, אַז קיין שום קהילה, ווי אָרעם יענע זאָל נישט זיין, וועט נישט אויסכאַפּן דעם פעטן מת, אויף וועמענס חשבון די יאַנאָווער חברה־קדישא טרינקט שוין שיינע עטלעכע יאָר, האָט די שטאָט דאָך אַביסל מורא געהאַט, אַז

עס זאָל זיך נישט פאַרגלוסטן וועלכן שטעטל אַזאַ „געשמאַקער ביסן“, לייכט אַריינכאַפּן עטלעכע טויזנטער און באַגראָבן דאָס מת. דערפאַר איז אין דער שטאָט די פרייד געווען אַזוי גרויס, ווען מען האָט זיך דער־ווּוסט, אַז ר׳ זיינוול איז זיך געקומען בעטן ביי דער חברה: ער וועט באַ־צאָלן וויפל מען וויל, אַבי מען זאָל זיין מוטער ברענגען צו קבר־ישראל.

קינד און קייט האָבן זיך פאַרזאַמלט אין מאַרק צו הערן אַלעמאָל פּרישע נייעס. איינער וויסט צו דערציילן, אַז ר׳ זיינוול האָט שוין איינ־געצאָלט דאָס גאַנצע געלט. איצט פאַרלאַנגען די חברה־נושאים אַ טויזנ־טער. „אויב נישט — זאָגן זיי — זאָלן זי די הינט אַוועקשלעפּן“. און אַז ער האָט זיך שוין פאַרגלייכט מיט די חברה־נושאים, האָבן אין געהיים זיך פאַרזאַמלט אָרעמעלייט, וואָס האָבן אויף דער אַלטער געהאַט אַ בייז האַרץ און באַשלאָסן, אַז מען מוז דער אַלטער כלב׳טע געבן צו פאַרזוכן דעם טעם פון הקדש. זאָל זי כאָטש נאָכן טויט דערפילן דעם טעם פון דעם אָרעמאַן. דאָס איז געווען אַ פאָלקס־צאָרן, וואָס האָט געלעכצט נאָך נקמה. און די נקמה קאָן מען נישט אויסקויפן פאַר געלט.

און פיינט געהאַט האָט מען די אַלטע נישט אומזיסט: זי איז געווען זייער אַ ביטערע יידענע. קיין אָרעמאַן האָט זי נישט געלאָזט אויף די אייגן. איר זון איז געווען דער רייכסטער ייד אין שטאָט. ער האָט פאַר־מאָגט אַ סך וועלדער און אַ ריזיק־גרויסן טאַרטאַק, צוויי קילאָמעטער הינ־טער דער שטאָט. דאָרטן טאַקע האָט די אַלטע געוווינט. ווינטער, אין די גרויסע פרעסט, אַז אַן אָרעמע יידענע איז געגאַנגען אין טאַרטאַק אַריין אָנקלייבן עטלעכע שפּענער, פלעגט די אַלטע אויף איר לויערן ווי אַ קאַץ. ווי נאָר זי האָט איר געטראָפן אַהיימגיין מיטן זעקל אויף די פּלייצעס, האָט זי יענער אויסגעשיט די שפּענער און אויף איר אָנגערייצט די הינט. איז דען אַ וווּנדער, וואָס זי האָט געהאַט אַזוי פיל שונאים? אַלט איז זי געווען ווי תרח. שוין יאָרן ווי די חברה־קדישא טרינקט אויף איר חשבון. און ווו זענען די באַדערפעניש פון קהל? מען האָט באַדאַרפט אויסבויען אַ ניי בית־המדרש. פון דעם אַלטן זענען שוין געפאַלן שטיקער.

קהל האָט באַקומען אַזאַ סומע געלט, האָט מען באַלד זיך גענומען אויספירן דעם פּלאַן, וואָס איז שוין פון לאַנג געווען גרייט: אויסצוגראָבן דאָס אַלטע באָד, וואָס איז אַמאָל געשטאַנען אויפן שול־הויף און איז שוין

אַזוי איינגעזונקען געוואָרן, אַז מען האָט שוין דערפון קיין שפּור נישט אָנגעזען. נאָר אַלטע ייִדן, וואָס געדענקען, ווייסן צו דערציילן, אַז פון די ציגל וואָס שטעקן דאָרט און די ווענט, וואָס ליגן פאַרזונקען אין דער ערד, וועט קלעקן אויף צו שטעלן צען בתי־מדרשים. אַלץ איז שוין געווען צו־געגרייט, מען האָט נאָר געוואַרט, ביז די ערד וועט ווייכער ווערן פון דעם שטיין־האַרטן פראָסט, וועט מען זיך באַלד שטעלן צו דער אַרבעט.

## 2

זעקס וואָכן פאַר פסח איז שוין די אַרבעט געווען אין פולן ברען. גראָב־אייזנס האָבן געגראָבן, האַמערס האָבן געהאַקט און רידלען האָבן אַרויסגעוואָרפן גאַנצע בערג מיט ערד. טויזנטער ציגל האָבן זיך צעלייגט אויפן שול־פּלאַץ אין קעסטלעך ווי אַ שאַך־ברעט. דער אָנשיט פון ערד און די ציגל האָבן אַרומגעצוימט דעם גאַנצן פּלאַץ ווי אַ וואַנט. דאָס האָט פאַרשטעלט דעם גאַנצן וואַסער־אָפּלויף פון דעם צעגאַנגענעם שניי, וואָס האָט זיך רחבותדיק געשמאָלצן אונטער דער פרילינג־זון. ריטשקעס שמו־ציק וואַסער זענען געפלאָסן באַרג־אַראָפּ צו דער שול־גאַס, ווו אונדזער שטוב איז געשטאַנען. אונדזער שטוב, וואָס איז געוואָרן אַ קרבן פון דעם אָנגעזאַמלטן וואַסער, האָט אויסגעזען ווי אַן אינדזל אינמיטן אַ שטייענדיקן טייך. אַ זומפּיקע בלאָטע, וואָס איז געוואָרן מיט יעדן טאָג אַלץ געדיכ־טער, ווי אַ סמעטענע, האָט איבערגעשטיגן די הויכע שוועל פון אונדזער שטוב. דער טאַטע האָט געפּרוּווט דורכגראָבן אַ ריוו, כדי דאָס וואַסער זאָל אַביסל אָפּלויפן, אָבער דאָס האָט ווייניק געהאָלפן. די קלעפּיקע בלאָטע האָט אַרומגערינגלט אונדזער הויז, נישט אַריין און נישט אַרויס. מיין מאַמע איז געווען דערשלאָגן. עס איז פאַר פסח און די שטוב איז פול מיט בלאָטע. מיין מוטער, אַ ציכטיקע, אַן אָפּגעהיטע, האָט ווי אַ שטילע טויב באַהאַלטן איר צער און געשוויגן. געשוויגן ווי אַ סך ייִדישע טעכטער, וואָס ליידן מיט אַ גם זו לטובה אויף די ליפּן.

גרויס איז געווען די זאָרג פון מיין טאַטן. אַן אומעטיקער איז ער אַרומגעגאַנגען און געטראַכט: ווו נעמט מען אויף פסח? פון דער פּריוואַטער

לערעריי, וואָס ער האָט געפירט אין הויז און אין וואָס די מאַמע האָט אים דערביי געהאָלפן (ספּעציעל ביים לערנען דערוואַקסענע לייענען און שרייבן) איז אים גאָרנישט געבליבן. די תלמידים זענען נישט געקומען. ווער האָט געקענט וויסן די סיבה? קאָן זיין, די בלאָטע האָט זיי אוממעגלעך געמאַכט אַריינצוקומען אין אונדזער שטוב. קיינער האָט נישט געוואָלט איינשמירן זיך פון אויבן ביז אַראָפּ. אָדער איז אפשר אין דעם שולדיק געווען דער פאַר־פסח: ווער ענען ליגט דעמאָלט אין קאָפּ זיך צו לערנען שרייבן? און אַז עס קומען נישט קיין תלמידים, באַצאָלט מען נישט דעם לערער, — איז נישט נאָר ביי אונדז נישט געווען אויף פּסח — נאָר אפילו קיין ברויט איז אויך נישט געווען פאַר וואָס צו קויפן.

דער טאַטע איז אומגעגאַנגען הין און צוריק איבער דער שטוב פאַר־מרה־שחורהט, אָפּגעשטעלט זיך ביים פענצטער, באַמערקט דעם חשכות אַרום, אָפּגעזיפצט און ווידער איז ער אַזוי געבליבן שטיין פאַרזונקען אין רעיונות. ער האָט אויסגעזען ווי אַ געפאַנגענער לייב אין אַ שטייג, וואָס זוכט אַן אַרויסגאַנג. מען האָט געזען, ווי ער פירט מיט זיך אַ קאַמף און ער קאָן זיך נישט צו עפּעס אַנטשליסן. אינדרויסן איז געוואָרן טונקל. אַ דריבנער פרילינג־רעגנדל האָט געוואַשן דעם שטויב פון די פענצטער. ווי טרערן האָבן די טראָפּנס זיך געקייקלט אויף די שויבן, זיגזאַגיש גע־נידערט פון איין שויב אויף דער צווייטער און דאָרטן דינינקע ריטשקעלעך איבערגעלאָזט.

דער טאַטע האָט זיך גענומען גרייטן אין שול אַריין צו מנחה. פּלוצים האָט ער ווי אויפגעוואַכט און אַנטשלאָסן אויסגעשריִען צו דער מאַמען:

— ריבטשע, עס וועט מיטן אויבערשטנס הילף זיין אויף פּסח!

די מאַמע האָט, ווי איר שטייגער, געענטפערט:

— מיט גאָטס הילף, מאַן מיינער. גאָט, וואָס פאַרלאָזט נישט קיין וואָרעם אונטער דער ערד, וועט אונדז אויך נישט פאַרלאָזן.

אַ געשטאַרקטער פון דער מאַמעס גלויבן, איז דער טאַטע אַוועק דאַוו־נען מנחה־מעריב.

## 3

פיר וואָכן פאַר פסח האָבן ייִדן זיך נוהג געווען, אין אַלע פּוילישע שטעטלעך, צו פאַרשרייבן אין חמץ אַריין אַלע שפּייזן און כלים וואָס זענען נישט פּסחדיק, כדי מען זאָל זיי קאָנען נוצן נאָך פּסח. מיין טאַטע האָט באַשלאָסן, אַז דאָס יאָר ווערט ער דעם רבס אַ קאָנקורענט; ער וועט מוזן זיך נעמען דאָס יאָר צום פאַרשרייבן דעם חמץ ביי זיך אין שטוב. קיין אַנדער אויסוועג צו פאַר־דינען אויף פּסח האָט ער נישט. דעם דין פון חמץ פאַרשרייבן און אָנשרייבן אַ שטר־מכירה ווייסט ער אַזוי גוט ווי דער רב. ייִדן דאַרפן פאַר־שרייבן דעם חמץ און דער רב איז „איינער אויפן יאַריד״, האָט שוין דערויף אַ חזקה פון אַ סך יאָרן און הייסט זיך דערפאַר טייער באַצאָלן: פינף גילדן פאַר יעדן אָרט, וווּ דאָס חמץ געפינט זיך. פאַר גבירים מאַכט דאָס אויס ביליק, ווייל וואָסער חמץ האָט דען דער גביר צעוואָרפן אין פיל ערטער? דאָס געפעס מיטן ביסל שפּייז שטעלט ער אַוועק אין אַ ווינקל אויפן בוידעם און דער רב פאַרשרייבט דאָס אַלץ צוזאַמען, קאָסט אים בלויז איין פינפערל. אַנדערש איז אָבער מיט אָרעמע ייִדן, דאָרפס־גייער, וואָס דריי פּוד ווייץ האָט ער אין איין דאָרף, אַ זאַק קאָרן


פאָטער פון מחבר.

אינעם צווייטן, אין שפּייכלער שטייט ביי אים אַ קערצל האָבער, און אַ זאַק הרעטשקע האָט ער אין מיל אויף באַלד נאָך פּסח. אַזאַ ייִדן דאַרף קאָסטן דאָס חמץ צו פאַרשרייבן אַ מאַיאָנטעק.

יענעם אויפדערנאַכט, נאָך מעריב, איז דער טאַטע אַרויף אויפן באַ־לעמער און אויסגערופן:

— ייִדן, זייט וויסן, אַז פון מאָרגן אָן וועט יעדער קאָנען פאַרשרייבן זיין חמץ ביי מיר אין שטוב און איך פאַרלאַנג נישט מער ווי אַ גילדן.

מיט אַ פּנים, וואָס האָט ביי אים געפּלאָמט פון בושה, וואָס ער האָט זיך געמוזט אַזוי מבזה זיין און מיט אַ ווייטיק אין האַרצן, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז ער קויפט זיך אַ שונא דעם רב און די איבעריקע לעפּל־לייט, וואָס האָבן ביים חמץ־פאַרשרייבן אָפּגעלעקט אַ ביין — האָט ער ווי אַ גנב זיך אַרויסגעשאַרט פון בית־מדרש...

4

עס איז געוואָרן אַ טומל אין בית־מדרש. ווי דער שטייגער, האָבן זיך באַלד געשאַפן צדדים. די גבירים פון גערער און קאָצקער שטיבל האָבן געמאַכט אַ ליאַרעם:

— ווּ איז דאָס געהערט געוואָרן? זונדל גייט משיג־גבול זיין דעם רב.

אָרעמע ייִדן האָבן אים פאַרטיידיקט. זיי האָבן געוווּסט, אַז דער טאַטע קאָן דעם חמץ פאַרשרייבן פּונקט ווי דער רב; איז פאַרוואָס זאָלן ייִדן זיך נישט איינבריינגען עטלעכע גילדן?

צומאָרגנס דעם גאַנצן טאָג האָט ביי אונדז די טיר נישט גערוט. דער טאַטע איז געזעסן ביים טיש און געשריבן. זיינע אויגן האָבן געשיינט. זיין רויטע פּאַטשיילע איז געלעגן אויפן אָפענעם שולחן־ערוך. יעדן ייִד, וואָס איז געקומען דאָס חמץ פאַרשרייבן, האָט ער מקבל־קנין געווען, אַז ער גיט אים די רעכט צו פאַרקויפן דעם חמץ און צו פאַרדינגען דאָס אָרט, ווּ דער חמץ געפינט זיך. לויטן דין, האָט דער טאַטע אָפּגעזאָגט דעם שפּרוך און האָט אָנגעהויבן פאַרשרייבן גענוי פון וואָס דער חמץ באַשטייט, ווּ דאָס געפינט זיך אאַ״וו. געענדיקט דאָס פאַרשרייבן, גענומען אַ גילדן און אַלע־מען געווונטשן אַ כשרן פּסח.

ביי אונדז אין שטוב איז פלוצים פריילעך געוואָרן. די בלאָטעס זענען אויסגעטריקנט געוואָרן פון זיך אַליין. מיין מאַמע האָט געשיינט. זי האָט צוגעגרייט אַ פּסח פון אַלדאָס גוטס: מצות און וויין, פלייש און אייער, ווי ביים גרעסטן גביר. אַ האַלבע שטאָט האָט דאָס יאָר געלעקט די פינגער פון מיין מאַמעס חרוסת. מצה שמורה האָט מיין טאַטע געטיילט אויף רעכטס און אויף לינקס. די מאַמע האָט געלויכטן פון נחת, געדאַנקט זיין

ליבן נאָמען פאַר דעם חסד, וואָס ער האָט מיט איר געטון. האָט זי דען דאָס דערוואַרט?

## 5

דער צווייטער צד האָט אָבער אויך נישט גערוט. געוווּסט האָט דער רב זייער גוט, אַז מיט קיין חרם, אָדער מיט אַנדערע רבנישע מיטלען, וועט ער קעגן מיין טאַטן גאָרנישט קאָנען טון. יעדן האָבן געוווּסט, אַז מיין טאַטע קאָן אָנשרייבן אַ שטר־מכירה, פּונקט ווי דער רב. ווערן זיי זיך פון זיין איסור קיין צימעס נישט מאַכן. דעריבער האָט דער רב די גאַנצע צייט געשוויגן, מיט גאָרנישט באַלעסטיקט דעם טאַטן, נאָר אינדערשטיל זיך געגרייט אים אָנצולערנען, אַז ער זאָל שוין פאַרזאָגן אויף קינדס־קינדער, נישט צו פאַרטשעפּען זיך מיטן רב. זיין פּלאַן איז געווען אויס־געשטעלט אויף ערב־פּסח, אויף דער לעצטער מינוט. בסוד־סודות איז דער קלאַפּ צוגעגרייט געוואָרן, אַז דער טאַטע זאָל אים גוט פילן, ווייל ער וועט קומען אומגעריכט. און דעם רבס שפּיצל האָט אויף זיך לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן.

## 6

מען איז זיך נוהג געווען אין די קליינע שטעטלעך אין פּוילן, אַז ערב פּסח אינדערפרי טראָגט מען אַוועק אין באָד אַרייך צום פאַרברענען דעם הילצערנעם לעפל, אין וועלכן עס ליגן די קרישקעלעך ברויט פון נעכטיקן בדיקת חמץ. דער פאַרשריבענער חמץ מוז פאַרקויפט ווערן צו אַ גוי און אין יעדן שטעטל איז געווען צו דעם צוועק אַ שבת־גוי, וואָס האָט דעם חמץ געקויפט. די צערעמאָניע איז פאָרגעקומען אויף דעם אופן: דער גוי איז מקבל־קנין און גיט אַ מטבע האַנט־געלט פאַרן גאַנצן חמץ, וואָס איז פאַרשריבן אין דעם בוך, נאָר אַזוי ווי ער האָט נישט ביי זיך קיין געלט צו באַצאָלן פאַרן גאַנצן באַטרעף, וועט ער נאָך יום־טוב באַצאָלן; דערפאַר געהערט איצט שוין אַלץ צום גוי. נאָך פּסח באַקומט דער גוי חרטה און גיט צוריק דעם חמץ אין רשות פון די ערשטע בעלי־בתים... דער שבת־גוי איז דאָס געווען די בייטש, מיט וועלכן דער רב האָט זיך געגרייט צו שמייסן מיין אָרעמען טאַטן...

## 7

יאַשקעלע, דער שבת־גוי פון אונדזער שטעטל, איז ביי אונדז געווען אַ גאַנצער בן־בית. אין די קאַלטע שבתים האָט ער ביי אונדז געהייצט דעם אויוון. אויסער וואָס די מאַמע פלעגט אים באַצאָלן אַלע מאָנטיק, האָט ער נאָך ביי אונדז געפרעסן חלה, און מאָן־קיכלעך פלעגט זי אים אַהיימגעבן פאַר די קינדער. קורץ, ער איז ביי אונדז געווען אַ גאַנצער כל־ולך. טאָ גיי און ווייס, אַז מיט אָט דעם שבת־גוי וועט דער רב וועלן פאַרשאַפן אַזוי פיל שפיכת־דמים מיין טאַטן, וואָס האָט נישט מער געוואָלט ווי אַ כשרן פסח!

און געשען איז דאָס אַזוי:

ערב פסח, זעקס אַזייגער באַגינען, וועקט מיך אויף מיין טאַטע, אַז איך זאָל גיין רופן דעם גוי, ער זאָל קומען קויפן ס׳חמץ, ווי ער האָט שוין מיט אים געהאַט אָפּגעשמועסט. געוווינט האָט דער גוי נישט ווייט פון אונדז. ווען איך בין צוגעקומען צו זיין שטוב, זאָגט מיר זיין ווייב, אַז ער איז דאָ ביים רב. בין איך געלאָפן צום רב, זיך געשטעלט נישט ווייט פון זיין טיר און געוואַרט ווען ער וועט אַרויסגיין. איך וואַרט אַ שעה, צוויי — דער גוי קומט נישט אַרויס. וואָס קאָן דאָ זיין? איך פאַרשטיי, אַז דער טאַטע מוז שוין דאָרט אוודאי אומרויִק זיין, ווייל פון ווייטנס זע איך שוין מיין מוטער אָנקומען. אירע אויגן פרעגן פון ווייטנס: — „ווו איז דער גוי?״. איך קריך אַרויף אויף אַ פלויט קעגנאיבער און קוק אַריין צום רב אין שטוב דורכן אָפענעם פענצטער. ערשט יאָ! איך זע אים, יאַשקעלען. ער זיצט ביים טיש קעגנאיבער דעם רב. דער שמש האַלט אין האַנט אַ פלאַש בראָנפן. צוויי גלעזער שטייען אויפן טיש און אַז דער גוי טרינקט אויס איינס, גיסט אים דער שמש אָן דאָס צווייטע. איך פאַרשטיי נישט וואָס דאָ קומט פאָר. די צערעמאָניע איז דאָך שוין פאַרענדיקט. דערויף זאָגט דאָך עדות די זון, וואָס איז שוין געגנוג הויך איבערן הימל. שוין זיכער נאָך נייך. טאָ וואָס איז דאָ די גדולה, וואָס דער גוי האַלט אין איין טרינקען?

און פלוצים איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, וואָס ווערט אין מיין מח

אַלע מאָל קלאָרער. דאָ האַלט מען אויף דעם גוי, וויפל עס איז נאָר מעגלעך און מען גייט אים אָנשיכורן, אַז אין דער לעצטער מינוט זאָל ער נישט קאָנען און נישט טאָרן קויפן דעם חמץ ביים טאַטן... ווייל ווי מעג מען דען פאַרקויפן חמץ אַ שיכורן? מיין טאַטע, וואָס האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָזט אויפן גוי, וועט אין דער לעצטער מינוט קיין צווייטן גוי נישט געפינען. אַזוי אַרום וועט דער חמץ פון אַ האַלבער שטאָט בלייבן ביים טאַטן נישט פאַרקויפט. נו, איז זיך פאָרצושטעלן וואָס דאָס וואָלט געמיינט פאַר מיין טאַטן?

ווען מיין מאַמע איז צוגעקומען, האָב איך איר אַלץ דערציילט, וואָס איך זע ביים רב און איר איבערגעגעבן מיין השערה. לאַנג טראַכטן האָט מען נישט געטאָרט, ווייל עס איז שוין גֿעווען שפעט און ייִדן וועלן שוין סיי ווי סיי זאָגן, אַז עס איז געווען אַ פאַרשפעטיקטע מכירה. מיין מאַמעס פאַרצווייפלונג האָט מיך געשניטן ביים האַרץ און נאָך מער האָט מיר ווי געטון מיין טאַטנס פאַרשטערטער יום־טוב. און ווידער איז מיר איינגעפאַלן אַ גוטער געדאַנק:

— גיי, — זאָג איך צו דער מאַמען — און ברענג מיר אַ הונדערטער זלאָטע און ווען דו וועסט צוריקקומען, זאָלסטו אָפּטרעטן ביים גוי און ברענגען אַהער זיין קליינעם שייגעץ. איך טאָר פון דאַנען נישט אַוועקגיין, כדי נישט אָפּצולאָזן דעם גוי פון אויג. אַז דו וועסט ברענגען דעם שייגעץ, וועל איך שוין זען, ער זאָל אַרויסרופן זיין פאָטער. אַז דער גוי וועט נאָר זיין אינדרויסן, וועל איך אים ווייזן דעם הונדערטער און מיט גוטן צי מיט בייזן וועל איך אים שוין ברענגען צו אונדז אין שטוב.

מיט צען מינוט שפעטער איז אָנגעקומען די מאַמע. מיט איין האַנט האָט זי געפירט דעם שייגעץ און אין דער צווייטער האָט זי געהאַלטן פאַר־קוועטשט דעם הונדערטער. מיט מיין גאַנצן אָנגעזאַמלטן כעס גיב איך אים אַ טרייסל:

— גיי רוף אַרויס דיין טאַטן!

— איך האָב מורא, — ענטפערט ער מיר, וויינענדיק. ער זיצט דאָרט מיטן ראַבין.

— ווייסטו גאָר וואָס, — זאָג איך אים — דאָ האָסטו אַ זלאָטע און מאַך אַ געוואַלט, אַז איך שלאָג דיך, וועט שוין דיין טאַטע אַרויסקומען...

און דאָס האָט טאַקע געהאָלפן. ווי נאָר ער האָט באַקומען דעם זלאָטע, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ ריטש ווי פון אַ געקוילעטן חזיר:

— טאַטושו, מניע ביאָן!... (טאַטע, מען שלאָגט מיך!!...).

דער גוי האָט אפנים דערקענט דאָס געשריי פון זיין בנאָק, האָט ער געלאָזט שטיין דעם רב מיטן שמש, און מיט אַ רציחה איז ער געלאָפן צו מיר, גרייט מיך צו דערהרגענען. אָבער דערזעענדיק מיין מאַמען, האָט ער זיך אַ רגע צוריקגעהאַלטן. מיין מאַמע האָט אויסגענוצט די רגע און געזאָגט:

— שכן! דו ביסט שוין געוואָרן אַזאַ גביר, אַז אַ הונדערטער ביי דיר צו פאַרדינען איז גאָרניט? — און בשעת־מעשה האָט זי געפּאָכעט מיטן הונ־דערטער פאַר זיין נאָז, — מיין מאַן האָט געוואָלט נעמען אַ צווייטן, נאָר איך האָב נישט געלאָזט. צו־וואָס זאָל אַ פרעמדער פאַרדינען? ס'איז דאָך גלייכער אַן אייגענעם געבן צו פאַרדינען...

דער גוי האָט דערזען אַזאַ סומע געלט, זענען אים שיער די אויגן פון קאָפּ נישט אַרויס. האָט ער שוין פאַרגעסן אָן מיר. ער האָט זיך אַזש געגומען צלמען:

— טייערע ריוועטשע! אינגאַנצן פאַרגעסן וואָס דער פּאַן זונדל האָט מיט מיר גערעדט.

און פאַרטראַכטנדיק זיך אַ ווײַלע זאָגט ער:

— זאָג מיר נאָר, טייערע שכנטע, וואָס קאָן אַרן דעם ראַבין, אַז איך וועל פאַרדינען נאָך עטלעכע גילדן? איך בין אַן אָרעמאַן, איך דאַרף שפּייזן אַ ווייב מיט קינדער...

און דער בראָנפן האָט אָנגעהויבן פון אים אַרויסצווויינען...

מיין מאַמע האָט אים שוין מער נישט געלאָזט רעדן. אַ סך זאַכן איז איר דעמאָלט קלאָר געוואָרן. אָבער קיין סך צייט איז שוין נישט פאַרבליבן. האָט זי אים אָנגענומען ביי איין האַנט און איך ביי דער צווייטער: ער האָט זיך קוים געקענט האַלטן אויף די פיס.

אַזוי האָבן מיר ביידע געבראַכט דעם גוי אין שטוב אַריין, און מיין באַצערטער טאַטע — כאָטש שוין אַביסל פאַרשפּעטיקט — האָט דאָך דעם ערב פּסח פאַרקויפט דעם חמץ כדת וכדין...

# מאיר דודס ברונעם

## 1

מיכאַל האַלביניאַק, אַ שבת־גוי, וואָס האָט גערעדט יידיש ווי אַ וואַסער, איז געווען אַ שוסטער אויך. שבת האָט ער געהייצט די הרובעס ביי ייִדן און אַ גאַנצע וואָך האָט ער געאַרבעט ביי שוסטעריי. ער וואָלט געקאָנט גיין אָנגעטון אין גאָלד, ווייל ער האָט געהאַט „גאָלדענע" הענט צו דער אַרבעט. האָט ער אָבער געהאַט צוויי צרות איבער זיך, וואָס ער האָט פון זיי נישט געקאָנט פּטור ווערן: ער האָט נישט געקאָנט לעבן אָן דעם ביטערן טראָפּן און ער האָט נישט געקאָנט לויז ווערן פון זיין ווייב מיט די אומצאָליקע קינדער, וואָס זי האָט אים געבוירן און וואָס קיין אייניציקס פון זיי האָט אים קיין נוצן נישט געקאָנט ברענגען.

זיין עלטסטער שגץ, יאַזשעק, וואָס איז שוין אַלט געווען צען יאָר, איז געווען אַ קריפּל. קליין און נישט דערוואקסן, וואָלט אים קיינער מער ווי זעקס יאָר נישט געגעבן. דער קריפּל פלעגט דעם פאָטער יאָ עפּעס פאַרגרינגערן: ער איז געגאַנגען אַ גאַנג, ער פלעגט אָפּטראָגן פאַרטיקע שיך אין יידישע שטובן, ווו מען האָט אים געגעבן טרינק־געלט. אָבער העלפן דעם פאָטער אויפן שוסטער־בענקעלע האָט ער נישט געקאָנט. און ווי יעדער קריפּל, וואָס איז פאַרביטערט מחמת זיין אומבאַהאָלפנקייט, האָט אויך דער קליינער יאַזשעק, מיט אַ שכל פון אַ דערוואַקסענעם, געוואָלט דורך רשעות נקמה נעמען פון אַנדערע, דערפאַר וואָס די נאַטור האָט אים באַעוולהט. מיט אויגן פון אַ גרויסן האָט ער געזען זיין פינצטערע היים, וואָס איז פול מיט קינדער; זיין טאַטן דעם שיכור, וואָס פלעגט שלאָגן די

מוטער און די קינדער, ווען ער האָט זיך אָנגעשיכורט. ער פלעגט קוקן מיט קנאה אויף די ייִדישע פאַמיליעס, פאַרגלייכן זיין היים מיט די ייִדישע היימען, וואָס ער האָט אַזוי גוט געקענט. ווי אָרעם די דאָזיקע היימען זענען נישט געווען, זענען זיי אָבער געווען שטילע, רויִקע היימען. דער מאַן האָט קיינמאָל נישט געשלאָגן דאָס ווייב. און די קינדער, ביי דער גרעסטער אָרעמקייט, ווערן אויך געהאַלטן בכבוד. און דאָ, ביי אים אין שטוב, וואָס כאָטש זיין פאָטער איז אַ גוטער אַרבעטער און פאַרדינט גוט, זעט מען פונדעסטוועגן קיינמאָל נישט אין זייער שטוב קיין שטיקל ווייסע חלה. זינט ער לעבט האָט מען אים נאָך קיין ניי מלבוש נישט געמאַכט און דאָס וואָס ער גייט אָנגעטון, איז אַלץ אַלטע שמאַטעס, וואָס ייִדן האָבן אים געשאָנקען. אַלץ, וואָס דער פאָטער פאַרדינט, פאַרשיכורט ער. זיין מוטער מוז גיין וואַשן וועש אין ייִדישע הייזער, אַז ס׳זאָל אין שטוב קיין ברויט נישט פעלן.

און ווי אַ סך קריפּלס פון זיין גלייכן, שטרעבט ער נישט זיך אָפּצו־לערנען די גוטע מידות פון די ייִדישע שכנים; זוכן, אַז זיין היים זאָל ווערן ווי אַ ייִדישע; ווירקן אויף זיין פאָטער, אַז ער זאָל נישט שיכורן. ביי אים אין מח און אין האַרץ האָט זיך איינגענעסטעט אַ פינצטערע שנאה צום ייִד.

על פּי שכל האָט ער דאָך באַדאַרפט ליב האָבן דעם ייִד, ווייל פון ייִד ציט דאָך זיין פאָטער פּרנסה און ער אַליין באַקומט דאָך זיין טרינק־געלט אויך נאָר פון ייִדן. ווען ער טראָגט אַמאָל אָפּ אַ פּאָר שטיוול צו אַ קריסט, באַקומט ער דאָך קיין איין גראָשן נישט. און דאָך האָט ביי אים געזיגט דאָס חיהשע; זיין טריפה האַרץ, וואָס איז געווען צעפרעסן פון ייִדן־האַס, האָט נאָר געזוכט אַ געלעגנהייט אָנצוטון ייִדן צרות.

## 2

פאַר פּסח האָבן שוין ייִדן געוווּסט, אַז זיי דאַרפן זיך באַזאָרגן מיט גרויסע פעסער, ס׳זאָל נישט פעלן קיין וואַסער צום קאָכן, אָדער צום טרינ־קען, ווייל באַלד אויפן צווייטן טאָג פּסח ווערן אַלע פּלומפּן אָדער ברונעמער חמצדיק. ווער עס זאָל דאָס וואַסער חמצדיק מאַכן — פעלט נישט. די

„מיעשטשאַנעס“ זענען אַלע שונאי־ישראל און מיט וואָס נאָר זיי קאָנען טוען זיי אָן די ייִדן צרות.

מיט די פּלומפּן האָט מען זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן, ווייל אין פּלומפּ קוקט קיינער נישט אַריין, מען זאָל דאָרטן זוכן. ס׳האָט נאָר געדאַרפט זיין אַ ייִדישער עדות, וואָס האָט געזען, ווי מען האָט דאָרט ברויט אַריינ־געוואָרפן, דעמאָלט ווייסט מען, אַז דער פּלומפּ איז חמצדיק. שלעכט איז אָבער געווען מיט די ברונעמער, וואָס זענען אָפענע. אַז אַ ייִד איז געקומען דעם ערשטן טאָג פּסח צום ברונעם אָנשעפּן אַן עמער וואַסער, האָט ער דאָרט באַלד געפונען אַ שטיק ברויט. האָבן שוין ייִדן געוווּסט, אַז פּסח זאָל מען נישט גיין צום ברונעם נאָך קיין וואַסער, ווייל אַלע ברונעמער זענען חמצדיק.

אַן אויסנאַם איז אָבער געווען מיט מאיר־דודס ברונעם, וואָס פּסח יאַ־איטשניקס פֿאָטער האָט אַליין געלאָזט אויסגראָבן אין זיין הויף. דער ברו־נעם איז געווען אַרומגערינגלט פון בלויז ייִדישע שכנים, וואָס האָבן פון אים געשעפּט דאָס געשמאַקע וואַסער. יענעם ברונעם וועלן זיי דאָך נישט וואַגן חמצדיק צו מאַכן. אַ ייִדישן ברונעם וואָס געפינט זיך אין אַ פּריי־וואַטן ייִדישן הויף, וואָס גיט אויך זיי, די גויים, גרויסמוטיק דאָס קילע מחיהדיקע וואַסער. ווייל ווען דער הויף זאָל פֿאַרצוימט ווערן, וואָלטן זיי געדאַרפט גיין אַ מהלך וועג צום „סטאַק“ נאָך דעם ביסל וואַסער. עס האָט שוין אַפילו ווער פּסחן געעצהט, אַז ער זאָל דעם הויף פֿאַרצוימען, וועט ער פֿאַרשפּאָרן צו האָבן די בלאָטע אין הויף. האָט פּסח טרויעריק אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געזאָגט:

— וואַסער, וואָס גאָט גיט אונדז אַזוי בשפע, טאָר מען נישט צונעמען פון דעם דורשטיקן.

פּסח יאַאיטשניק, כאָטש ער איז נישט געווען קיין למדן און קיין מלאכים־כאַפּער, איז ער אָבער געווען אַ פּשוטער און ערלעכער ייִד, וואָס ווייסט נישט פון קיין שווינדל. ער האָט ביי זיין לעבן נישט באַשווינדלט נישט גאָט און נישט לייט. אַפילו גויים, וואָס פּלעגן אים ברענגען אייער צום פֿאַרקויפן, האָבן שוין אויך געוווּסט, אַז פּסח וועט זיי נישט אָפּנאַרן.

ווינציק מענטשן האָבן פּסחן גערופן ביים ריכטיקן נאָמען: פּסח פֿאַברי־קאַנט, נאָר היימישלעך — פּסח יאַאיטשניק (לויט זיין באַשעפטיקונג, ווייל

ער האָט געהאַנדלט מיט אייער). פסח פלעגט זיך פרייטיק פאַרנאַכט אָנ־גרייטן אַ פול שקעטעלע מיט טאַבעק צום שמעקן. דערמיט האָט ער זיך געלאָזט אין שול אַריין. דאָרטן האָבן אים שוין ייִדן באַלאַגערט. זיי האָבן שוין געוווסט, אַז ביי פסחן באַקומט מען דעם בעסטן שמעק־טאַבעק. און ער פלעגט דאָס טיילן מיט דער פולער האַנט. „ייִדן — פלעגט ער זאָגן מיט וויץ — איר זענט ביי מיר אַלע ווערט אַ שמעק־טאַבעק"...

3

לייטשע די „קילעכע" האָט נעבעך געהאַט אַ פאַרשטערטן פסח. זעקס וואָכן פאַר יום־טוב האָט איר מאַן באַשטעלט ביי מיכאַל האַלביניאַק אַ פאָר טשיזמעלעך פאַר זיין ווייב, געגעבן אַ גוטן „זאַדאַטעק" און ס'איז שוין דריי טעג צו פסח און ער האָט זיי נאָך אַלץ נישט אָפּגעבראַכט. ערב יום־טוב איז לייטשע אַהין אַוועק מיט אַ געוואַלד, פאַרוואָס זי האָט נאָך נישט די שיך? דער גוי האָט איר געוויזן, אַז אירע שיך זענען שוין פאַר־טיק, נאָר זיי טריקענען זיך אויף דער קאָפּיטע. אויף זיין גויִשן ייִדיש האָט ער איר געזאָגט:

— זאָרג נישט, „קילעכע", וועסט זיין אַ מלכה אויף פסח.

ערב יום־טוב. ס'איז שוין פינצטער אין דרויסן. איר מאַן איז שוין לאַנג אין שול און זי נעבעך באַוויינט איר ביטערן גורל, דעם גורל פון אַן אָרעמאַן, ווען עס איז נישט באַשערט צו האָבן אַ פריילעכן יום־טוב. זי האָט קוים אויסגעוויינט ביי איר מאַן דאָס קלייד מיט אַ פאָר נייע שיך לכבוד פסח. דאָס קלייד האָט איר די שניידערין געמאַכט צו דער צייט, ס'הענגט שוין אויף דער וואַנט. זי קאָן זיך גאָר נישט זאַט אָנקוקן אויף דעם קלייד, ווי שיין ס'פּאַסט איר. זי זעט אין דעם אויס ווי אַ מלכה. אָבער וואָס קומט אַרויס? די שיך! — די שיך! זי האָט געשאָלטן דעם גוי מיט טויטע קללות פאַרוואָס ער האָט איר נישט געבראַכט די שיך. אָבער זי ווייסט אים דאָס נישט שווייגן. מאָרגן וועט זי גיין צו אים און אים דאָרט מאַכן שוואַרץ זיין וועלט...

און װי זי האָט אַזױ געטראַכט, האָט זיך געעפֿנט די טיר און יאַזשעק איז אַרײַנגעקומען מיט דער פּאַטשײלע אין האַנט, פּאַרסאָפּעט, נישט טויט נישט לעבעדיק, בלײַך װי די װאַנט.

זי האָט אויפֿגעלויכטן װען זי האָט אים דערזען. „אַן אָרנטלעכער גוי, — טראַכט זי — אומזיסט איז געשאָלטן. ער האָט טאַקע נעבעך געמוזט װאַרטן, די שיך זאָלן זיך אויסטריקענען“.

זי איז שוין גרײט געװען יאַזשעקן צו קושן, בעטן ער זאָל איר מוחל זײַן, װאָס זי גיט אים נישט קײן טרינק־געלט: ער װײסט דאָך, ס׳איז יום־טוב, אַ ייִד טאָר דאָך נישט האַלטן קײן געלט. נאָך פּסח װעט זי שוין דעם פֿאָטער באַצאָלן און אים אַ שײנעם טרינק־געלט געבן...

זי האָט אַרױסגענומען די פּאַטשײלע פֿון זײַן האַנט, אויפֿבינדן זי האָט זי נישט באַדאַרפֿט, װײַל זי איז געװעזן אָפֿן. אָבער אָנשטאָט אַ פּאָר שיך, איז דאָרט נאָר געלעגן אײנער, אײן־און־אײנציקער שוך.

— אײן שוך האָסטו מיר געבראַכט! — האָט לײטשע אויסגעשריִען — װאָס מײנט דײַן טאַטע, ער װעט פֿון מיר חוזק מאַכן?!

יאַזשעק איז געשטאַנען בלײַך װי די װאַנט. ער האָט אָנגעהויבן ציטערן װי אַ בלאַט, געכאַפּט די פּאַטשײלע און איז אַנטלאָפֿן. דאָס איז ער געלאָפֿן אין אײן אָטעם זוכן דעם צװײטן שוך. זײַן טריפֿהנער מוח האָט גוט געװוּסט װוּ ער האָט אים פֿאַרלוירן...

4

אײדעלע קאָזאַק איז נישט געװען פֿון די איבעריקע בריהס. זי איז קײנמאָל נישט אויסגעקומען מיטן טאָג. דאָס װאַשן די פּאָדלאָגע איז בײַ איר אויסגעקומען תּמיד אַ שטאָך אין שבת אַרײַן. דעם ערבֿ פּסח האָט זי זיך דווקא אויסגעפּאָרעט באַצײַטנס, נאָר אָנצוגיסן ס׳פּעסל מיט װאַסער האָט זי איבערגעלאָזט אויף דער לעצטער שעה. װען זי איז צוגעקומען

צו מאיר־דודס ברונעם, נאָכן לעצטן עמער וואַסער, איז שוין געווען שטאָק פינצטער. איר מאַן איז שוין לאַנג געווען אין שול. שעפּנדיק דאָס וואַסער האָט זי דערפילט ווי עפּעס פּלאָנטערט זיך ביי אירע פיס. מער ווי מיט די אויגן האָט זי מיט די הענט דערטאַפּט אַ שוך, ווי פון דער נאָדל אַרויס, טאקע ניי נאָך, נישט געטראָגן אפילו. זי האָט זיך אומגעקוקט, צי קיינער זעט נישט, און באַהאַלטן דעם שוך אונטערן טוך. אומזיסט האָט זי געזוכט דעם צווייטן. די צווייטע העלפט פון דער כשרער מציאה, וואָס גאָט האָט איר צוגעשיקט. זי האָט געזוכט, געטאַפּט ארום דעם ברונעם, אפשר וועט זי אים פאָרט געפינען און אַז איר זוכן איז דאָך געווען אומזיסט, איז זי אַוועק אַהיים מיט דעם איינעם, כאָטש אינדעראמתן האָט זי אַביסל מורא געהאט. ס׳איז איר געקומען אויפן זינען די מעשה, וואָס מען פלעגט דערציילן פון שדים, וואָס האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר שיך מיט לאַנגע צונגען. אַלעמאָל האָט אַ צווייטער שד אַריינגעשטעקט דורכן פענצטער זיין צונג און דער שוסטער האָט זי אָפּגעשניטן. און צומאָרגנס אינדערפרי האָט דער שוסטער זיך אַרומגעזען, אַז ער האָט אָפּגעשניטן אַלע שפּיצן פון זיינע שיך... זאָל דאָס נישט אַמאָל זיין יענער שד — דער שוך וואָס זי האָט געפונען? אָבער אַוועקוואַרפן אים לאָזט איר דאָס האַרץ נישט. און חוץ דעם — טראַכט זי — זענען פּסח ביינאַכט נישט שכיח קיין שדים. האָט זי דעם שוך אַהיימגענומען מיט דעם געדאנק, אַז מאָרגן באַגינען וועט זי גיין צום ברונעם נאָך וואַסער און אפשר וועט זי גע־פינען דעם צווייטן...

## 5

שוין העט ווייט נאָכן סדר. ר׳ פּסח האָט שוין פאַרענדיקט דעם חד־גדיא. די קינדער האָבן שוין געדרימלט. זיין ווייב האָט נאָך אָנגעהאלטן דעם ריטם פון דער הגדה און נישט קענענדיק נאָכלויפן האָט זי איבער־געהיפּערט אייניקע בלעטלעך, בכדי זיך אויסצוגלייכן מיטן מאַן.

פלוצים האָט זיך דערהערט אַ גערודער אינעם הויף. עפּעס האָט מען דאָרטן געשריגן, געוויינט. מאַן און ווייב האָבן איבערגעריסן דאָס זאָגן

און שטיל זיך איינגעהערט. ס׳האָבן זיך דערהערט עטלעכע שטימען. שפּע־טער האָבן זיי שוין דייטלעך דערהערט, ווי מען שרייט און מען שעלט אויף פּויליש. מען האָט אויך פאַרנומען אַ קינדיש געוויין. ר׳ פּסח האָט זיך אָנגענומען מיט קוראַזש, אויפגעקייטלט די טיר און דערזען פון ווייטן אַ מאַן, אַ פרוי און עטלעכע קינדער ארום דעם ברונעם. דער מאַן האַלט אַ לאַמטער אין דער האַנט, ווי זיי וואָלטן דאָרטן עפּעס געזוכט. ווען ער איז צוגעקומען נענטער, האָט ער דערקענט מיכאל האַלביניאקן מיט ווייב און אַלע קינדער. מען זוכט עפּעס ביים ברונעם. און דער שיכור שלאָגט זיין יאַזשעקן מכות־רצח.

— זאָג, דו זונהשער זון, ווו האָסטו פאַרלוירן דעם שוך? אַז דער קאָפּ איז ביי דיר אין אַלדע שוואַרצע יאָר. איך וועל דיך לערנען, דו הינטישער זון!

און ווייטער געקאַטעוועט. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז יאַזשעק וועט שוין קיין לעבעדיקער נישט אַרויס פון זיינע הענט.

אַז ר׳ פּסח איז צוגעקומען נענטער, האָט דער שבת־גוי זיך אַביסל צוריקגעהאַלטן. ווייזט אויס, אַז דער פּסחדיקער קיטל האָט אויף אים אָנגעיאָגט אַ פּחד.

און מיכאל האָט דערציילט ר׳ פּסחן וועגן דעם פאַרלוירענעם שוך.

אַז יאַזשעק האָט דערזען דעם ייִד אָנגעטון אין קיטל, איז אים ס׳לשון אָפּגענומען געוואָרן פון שרעק. ער האָט אַפּנים מורא באַקומען פאַרן ייִדישן גאָט און האָט אומגעלומפּערט אַ געשריי געטון: „יעזוס מאַריאַ״! און זיך אויפסניי צעיאָמערט ווי אַ געשלאָגענער הונט. ר׳ פּסח האָט גענו־מען באַרואיקן דעם גוי:

— וואָס וועט דיר שוין העלפן דייך שלאָגן? אז דו וועסט אים שוין דערהרגענען, וועסטו שוין צוריק האָבן דעם שוך?

דער גוי האָט זיך אַלץ נישט געקענט באַרואיקן.

— פאַרוואָס האָט ער פּונקט איין שוך פאַרלוירן? ווי קומט ער דאָ צום ברונעם? ער האָט דאָך געהאַט אַ נענטערן וועג די שיך אָפּצוטראָגן, זאָג, ממזר! זאָג דעם אמת! ווייל איך וועל דיר דיינע הינטישע געדערים אַרויס־זעצן!

און ווידער אים געגומען קאָפּען מיט די פיס.

— לאָז אים אָפּ. ס׳איז דאָך איצט פינצטער, — האָט אים פּסח צו־געהאַלטן פאַר די הענט — מאָרגן, ווי נאָר ס׳וועט טאָג ווערן, וועסטו אים געפינען און אויב אַ צווייטער וועט אים געפינען, וועט מען אים דיר אויך אָפּגעבן, ווייל ווער דאַרף דען האָבן איין איינציקן שוך?

ר׳ פּסחס הדרת־פּנים, זיין ווייסע באָרד, דער ווייסער קיטל און זיינע קלוגע רייד האָבן אויפן שגץ אָנגעוואָרפן אַזאַ אימה, אז ער האָט גענומען קריכן אויף אַלע פיר. צוגעקראָכן אַזוי צו ר׳ פּסחן און האָט גענומען קושן זיינע פיס, דעם זוים פון דעם קיטל און דערביי געוואָיעט ווי אַ הונט:

— טייערער שכן, איך האָב היינט געזינדיקט, זייער אַ סך געזינדיקט! דערפאַר האָט מיך דער יידישער גאָט אַזוי געשטראָפט. בעט, ליבער שכן, ביי אייער גאָט, ער זאָל מיר מוחל זיין.

און דער שגץ האָט דערציילט, אַז שוין לאנג, ווי ער זוכט עפּעס שלעכטס צו טון יידן, נאָר ער האָט נישט געהאט די געלעגנהייט. היינט, ווען דער פאָטער האָט אים פאַרבונדן די שיך אָפּצוטראָגן, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז היינט איז דאָך דער יידישער פּסח, האָט ער אין דער פּאַ־טשיילע אַריינגערוקט אַ שטיק ברויט, בגנבה, אַז קיינער זאָל נישט זען. ווען ס׳איז שוין געווען גוט פינצטער, האָט ער ביים ברונעם אויפגעבונדן די פּאַטשיילע און אַרויסגענומען דאָס ברויט, כדי דעם ברונעם חמצדיק צו מאכן. אינמיטן דערינען האָט ער פון וויטנס דערזען איידעלע קאָזאק. האָט ער דאָך מורא געהאַט, אַז זי וועט אים דערזען, האָט ער געכאַפּט די פּאַטשיילע און אַפילו נישט נאָכגעקוקט ציביידע שיך זענען דאָרטן; דאָ און איז אַנטלאָפן...

— דערפאַר — האָט ער געוואָיעט — האָט מיר אייער גאָט באַצאָלט באַלד אויפן אָרט: איך האָב איין שוך פאַרלוירן...

דער גוי האָט זיך שטאַרק פאַרשעמט און האָט זיך ערשט איצט גע־וואָרפן אויף זיין זון — נאָר אים צו ממיתן. זיין חרפּה האָט ער געוואָלט אָפּווישן מיטן שלאָגן זיין זון.

ר׳ פּסח האָט אים ווידער אָפּגעהאַלטן און אים באַשווירן, אַז ער זאָל זיין זון מער נישט אָנרירן. אויב איינער איז זיך מודה אין זיין זינד, —

האָט ער דעם גוי געגעבן צו פֿאַרשטײן, — דאַרף מען אים מער נישט שלאָגן, װײַל ער װעט שױן מער אַזאַ נאַרישקײט נישט טון.

ר׳ פּסח האָט פֿריער נישט געװאָלט אַװעקגײן, ביז דער גוי האָט אים געגעבן דאָס װאָרט, אַז ער װעט הײנט זײַן זון נישט שלאָגן. דערפֿאַר — האָט אים פּסח צוגעזאָגט — מאָרגן באַגינען, װעט ער, פּסח, אַלײן אים העלפֿן אָפּזוכן דעם שוך.

יאַזשעק האָט דעם ייִד געקושט די הענט און געװאָיעט.

6

דעם ערשטן טאָג פּסח באַגינען איז אײדעלע קאָזאַק געלאָפֿן צום ברונעם. איר מאַן האָט זיך געװוּנדערט: װאָס עפּעס אַזױ פֿרי? זי האָט אים פֿון דעם שוך נישט דערצײלט; געטראַכט, אַז זי װעט געפֿינען דעם צװײטן, װעט זי אים דערצײלן פֿון דער כשרער מציאה. דער מאַן װידער האָט געטראַכט, אַז דאָס מוז זײַן װײַב זיך אײלן נאָך װאַסער אײדער דער ברונעם װערט המצדיק; זי זאָל נישט דאַרפֿן לױפֿן צום „סטאָק". פֿון װײַטנס נאָך האָט זי געזען שטײן מענטשן בײַם ברונעם, אײַנגעבױגן, װי זײ װאָלטן עפּעס געזוכט. זײער ערנסט, בכדי אױף זיך נישט אַרױסרופֿן קײן חשד, האָט זי גענומען אַראָפּציען דעם זשיראַף און בשעת־מעשה געזוכט מיט די אױגן אַרום, ביז װאַנען איר קורצזיכטיקער בליק האָט נאָר געקאָנט דערגרײכן. דער עמער האָט זיך דערװײַל אָנגעפֿילט מיט װאַסער אוֹן... מיט אַ שװאַרץ שטיק ברױט! אַז זי האָט דעם עמער אַראָפּגענומען פֿון זשיראַף, איז איר פֿינצטער געװאָרן פֿאַר די אױגן:

— חמץ! — האָט זי אױסער זיך אױסגעשריען.

אַז זי האָט אַרױסגענומען דאָס שטיק ברױט, האָט זי נאָך דאָס גוט באַקוקט. זי האָט געמײנט, אַז דאָס איז דער צװײטער שוך... װען זי האָט שױן געזען באַשײנפּערלעך, אַז דאָס איז אַ שטיק ברױט, האָט זי עס װי אַ שרץ אַװעקגעװאָרפֿן...

דערװײַל איז אַרױסגעקומען ר׳ פּסח. ס׳זענען צוגעקומען נענטער דער שבת־גוי מיטן שגץ. אײדל האָט אָנגעװיזן די שכנים אױפֿן שטיק ברױט,

וואָס זי האָט פון ברונעם אַרויסגעשעפּט. ר׳ פּסח, ווי ער וואָלט געהאַט אַ פּאָרגעפיל, האָט דערציילט אײדלען פון דעם שוך, וואָס דער שגץ האָט נעכטן פאַרלוירן ביים ברונעם. זי איז געבליבן שטיין אַ ווײלע פאַרטראַכט. „דאָס האָט מיך גאָט געשטראָפט פאַר דער בלויזער מחשבה נישט אָפּצו־געבן אַן אַבידה, דערפאַר איז ביי מיר דער עמער חמצדיק געוואָרן״...

אַזוי טראַכטנדיק האָט זי זיך גלייך מודה געווען, אַז זי האָט עס טאַקע דעם שוך געפונען. יאַזשעק האָט ווידער געקושט ר׳ פּסחס הענט און ווי אַ געשלאָגענער הונט איז ער מיטגעגאַנגען מיט אײדלען אָפּנעמען דעם שוך.

און אויב לייטשע דער „קילעכעס״ ערשטע סדר־נאַכט איז געווען אַ פאַרשטערטע, איז אָבער איר צווייטע סדר־נאַכט שוין געווען אַ פריילעכע.

אָבער צי איז יאַזשעקס טריפהנע האַרץ אויסגעהיילט געוואָרן?...
ווער ווייסט?...

# די מגפה

## 1

סוף זומער 1917 האָט דער גרעסטער טייל פּוילישע פעלדער געפּוס־טעוועט. מען האָט דאָס יאָר נישט געזייעט און דאָס ביסל וואָס איז יאָ פאַרזייט געוואָרן, איז אויך צעטראָטן געוואָרן דורך די צעשלאָגענע אַר־מייען פון דעם דייטש־עסטרייך־אונגאַרישן בלאָק. שווער באַלאָדענע אָבאָזן מיט פאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן האָבן זיך געצויגן פון רוסישן פראָנט, דורך אונדזער שטאָט יאַנאָוו, צו דער פּרייסישער גרענעץ. מען האָט געשמועסט, אַז זיי וועלן שטעלן אַ ווידערשטאַנד בײַם ברייטן טײַך סאַן, וואָס געפינט זיך בײַ די 50 קילאָמעטער פון אונדזער שטאָט. גערעדט האָט מען שוין דאַן פון אַ שלום. די עסטרײַכער, וואָס האָבן געהאַט אָקופּירט אונדזער ראַיאָן, זענען איבער נאַכט אויסגערונען געוואָרן. די פון זיך־בלאָזנדיקע אָפיצירן, וואָס האָבן זיך אײַנגעאָרדנט אין שטעטל אַזוי ברייטלעך, ווי בײַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן, זענען פּלוצים נישט געוואָרן. געבליבן זענען נאָר עטלעכע הוזאַרן, אונגאַרישע קאָזאַקן, וואָס האָבן גיכער געטויגט צו אַ פּאַראַד, ווי צו גיין אין מלחמה. מיט זיי זענען אויך געבליבן עטלעכע „באָסניאַקעס", אַלטע־לײַט, וואָס האָבן געהערט צו פראַנץ־יאָזעפס אימ־פעריע און וועמען ייִדן האָבן אַ נאָמען געגעבן „לויזן־פּויקער"...

מיט דעם ביסל ערב־רב זענען נאָך געבליבן עטלעכע געציילטע עסטרײַכישע זעלנער, וואָס האָבן געטאָגט און גענעכטיקט בײַ ייִדן, בראש מיט אַ ייִדישן קרייז־דאָקטער, וואָס האָט געוווינט אין דעם קאָזאַצקן־שפּי־

טאָל אויפן פראמפאלער וועג. דאָס אַלץ איז פאַרבליבן אין שטעטל אין יענער צייט, בין־הזמנים, ווען דער פיינט איז אָפגעטראָטן און מען האָט נאָך נישט געוווּסט וועלכע אַרמיי ס׳וועט אַריינקומען. מען האָט שוין געהערט פון אויפשטאַנדן איןביידע לאַגערן, ביי פאָניען און ביים דייטש. מען האָט געשמועסט, אַז סאָלדאַטן צעלויפן זיך פון די פראָנטן. פוילן האָט זיך שוין געגרייט צו ווערן אַ זעלבשטענדיקע מלוכה. וואַרשע איז נאָך געשטאַנען אונטערן פייער, צווישן צוויי פיינטלעכע אַרמייען, און אין קראָקע האָט שוין פילסודסקי זיין לעגיאָן צוגעגרייט, אין געהיים האָבן שוין פאָליאַקן פונאַנדערגעטיילט געווער. מען האָט געהערט פון פויערים, וואָס האָבן אַנטוואָפנט סאָלדאַטן, צוגענומען זייער געווער און מלבושים, ביי טייל אויך צוגענומען די נשמה. דאָס געווער האָבן זיי געשיקט אויסגענוצט אַנטקעגן דעם פיינט: דאָס זענען געווען בלאָנדזשענדיקע עסטרייכער, וואָס זענען אָפגעריסן געוואָרן פון דעם מאַסיוו און אַרומגעבלאָנדזשעט אין די וועלדער. די פאָליאַקן פלעגן זיי באַפאַלן, ביז איינעם זיי אויסגעהרגעט, אַראָפּגעצויגן פון זיי די מלבושים און די שטיוול און אַנטלאָפן. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז די טויטע האָבן זיי נישט באַגראָבן. די פּגרים האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אין פעלד און אין וואַלד, וואָס איז געווען נישט מער ווי איין קילאָמעטער פון שטעטל. די סוף־זומער־זון האָט געבאַקן די מיט בלוט אָנגעטרונקענע פוילישע ערד און געמאַכט פוילן די פּגרים. פּגרים זענען געווען אין שטאָט אויך, נאָר קיינער האָט זיי נישט געוואַגט צו באַגראָבן, ווייל די פיינטלעכע מאַכט איז געווען געבראָכן, און ווער ס׳וועט איבערנעמען די מאַכט האָט מען אויך נישט געוווּסט. און וועלכער ייִד וועט זיך דאָס גיין איינשטעלן ס׳לעבן און באַגראָבן טויטע שונאים? די „מיעשטשאַנעס” האָבן שוין סיי־ווי־סיי געזאָגט, אַז ייִדן חברן זיך מיט די שונאים...

אַזוי האָבן די פּגרים געפוילט, צוזאַמען מיט די מיז, וואָס האָבן זיי געגעסן. די פּגרים, און טיילווייז דער הונגער האָבן געבראַכט אויף דער שטאָט אַ שרעקלעכע מגפה. דאָקטוירים האָבן דאָס אָנגערופן „טיפוס”, וואָס האָט טאָג־טעגלעך אומגעבראַכט צענדליקער ייִדישע קרבנות. קינדער, מיטליעריקע און אַלטעלייט זענען ווי מיט אַ קאָסע פאַרשניטן געוואָרן.

די מגפה האָט קיינעם נישט אויסגעמיטן. ייִדן זענען געווען באַ־

צערט. מען איז אַרומגעלאָפן ווי צעמישט. מען האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. פאָרן אין אַ צווייטע שטאָט אַריין איז געווען אַ מורא. די וועגן זענען געווען פול מיט באַנדיטן, און אויסער דער שטאָט איז קיינער נישט געווען זיכער מיטן לעבן. דער מיליטערישער דאָקטער האָט געלאָזט וויסן, אַז אינעם שפּיטאָל, ווו ער איז שעף, מאַכט מען איינשפּריצונגען קעגן טיפוס, אָבער אַ סך האָבן דאָס אָפּגעפּטרט מיט אַ „ווייסעך־וואָס״. און כאָטש דער רב האָט גוזר־געווען, אַז מען זאָל זיך מאַכן די איינשפּריצונג, זענען אָבער געווען אַ סך קלוגע ייִדן, וואָס האָבן די איינשפּריצונג זיך באַלד אויסגעקוועטשט אָדער אָפּגעווישט. האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס זאָל נישט אָננעמען און שפּעטער נישט ווייטון. דעריבער איז גלייכער דערפון וואָס גיכער פּטור צו ווערן. פאַרשטייט זיך, אַז די ווירקונג דערפון איז געווען אַ קנאַפּע אָדער טאַקע גאָרנישט. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. ייִדן האָבן געבעטן גאָט, געזאָגט תהלים, מען האָט גוזר־תענית געווען. אַלע מאָל האָט אַ צווייטער ייִד אַ סגולה אויסגעפונען אין די הייליקע ספרים. סופרים זענען געווען פאַרנומען גאַנצענע טעג מיט שרייבן קמיעות. אהרן סופר איז תמיד אומגעגאַנגען מיט אַ נאַסער באָרד פון כסדרדיקן טובל זיין זיך. איטשע ישראל־נתנס, אַן אומאַנער חסיד, האָט אויסגעפונען אַ נייעם סאָרט קמיע — מען זאָל אָנשרייבן „בזה השער לא יבוא צער, בזה הדלת לא יבוא בהלת, בזה הפתח לא יבוא רצח״... דאָס האָט ער אַנטדעקט אין עפּעס אַ ספרל, אַ שריפט, וואָס ווער ווייסט פון וועלכן דור דאָס איז. דאָס דאַרף מען אָנקלאַפּן אונטער דער מזוזה. זיין פאָטער איז פון דער קמיע געהאָלפן געוואָרן.

בליץ־שנעל האָט זיך די קמיע פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט. ייִדן שיך־שרייבער, מיט אַ געציקלטן כתב, האָבן אויסגעמאָלן די ווערטער מיט פייגל אין דער לופטן. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. אַנדערע האָבן פאַרפאַסט ספּעציעלע שיר־המעלותן און מיט זיי אויסגעקלעפּט די ווענט. אָבער דער טויט האָט זיך געטון זיינס. ער האָט געשניטן אויף רעכטס און אויף לינקס...

מער פאָרגעשריטענע ייִדן האָבן געשאַפן קאָמיטעטן פון געזונטע מענטשן, אָן אונטערשייד, פרומע און פרייע; האָבן דאָרטן געוואַכט טאָג און נאַכט, טורנעס האָבן זיך געטוישט. רייכע ייִדן האָבן אינעם קאָמיטעט

געבראַכט שפּירט און ראָם — אַזאַ בראָנפן, וואָס „קירע־מאָק" האָט מיט דעם פאַרפּלייצט אַלע שטעט און שטעטלעך. יעדער עסטרייכישער זעלנער האָט געברענגט אין אַ יידישער שטוב ראָם צו די פּיש. האָט נישט געפעלט רי משקה. אין דעם קאָמיטעט זענען געווען אויך אַנדערע זאַלבן, מיט וועל־כע מען האָט געקאָנט מחיה־מתים זיין. ווי נאָר אַ ייד איז ערגעץ ווו אַוועק־געפאַלן, זענען באַלד צוויי מענטשן פון קאָמיטעט דאָרט אַהין געגאַנגען, געגעבן דעם קראַנקן עפּעס אין מויל אַריין, אים איינגעריבן מיט שפּירט, גוט אים צוגעדעקט, ער זאָל זיך דורכשוויצן. יענער האָט אַמאָל געהאַט די רפואה, אָבער אַ סך מאָל איז ער שוין מער נישט אויפגעשטאַנען...

די פרומע יידן האָבן געהאַלטן אין איין זוכן סגולות אין די הייליקע ספרים. חסידים זענען צו גוטע־יידן געלאָפן אַן עצה זוכן. שמואל־מאיר יאַנטשעס איז אום שבת געקומען פון ראָזוואדאָווער רבין מיט אַ פאַרטיקע סגולה אין קעשענע... דער רבי האָט באַפוילן, אַז מען זאָל צונויפקלאַפּן פיר ברעטלעך, אַן אייל אויף אַן אייל, אין דער פאָרעם פון אַ לאָדען, און זיי צוקלאַפּן צו אַלע פיר ווינקלען פון שול, אַזוי אַז קיין מענטשלעכע האַנט זאָל דאָרט נישט קאָנען דערגרייכן. פונקט דעם טאָג פון ראש־חודש אב זאָלן אַלע יידן זיך פאַרזאַמלען אין שול, זאָגן תהילים און יום־כיפור קטן. נאַכהער זאָלן אַלע יידן זאָגן מיט גרויס כוונה פיר מאָל ויהי נועם. דערווייל זאָל דער שמש אויסמעסטן מיט אַ רויטן פאָדים דעם וועג פון שול ביזן הייליקן אָרט. דורך דער צייט זאָל די גאַנצע עדה זאָגן מן־המיצר. שפּעטער זאָל דער גבאי צעברעכן דאָס טהרה־ברעט, און אַלע יידן זאָלן אין דעם טאָג פאַסטן... און דער אויבערשטער וועט העלפן.

בײדע צדדים האָבן געהאַט גוטע כונות. אָבער דערווייל איז חברה־קדישא געפאַלן פון די פיס. ס'איז אוממעגלעך געווען אַזויפיל מתים מטהר צו זיין. די באַגרעבער האָבן געארבעט אין צוויי טורנעס, בייטאָג און ביי־נאַכט. זיי האָבן נישט באַוויזן אַזויפיל קברים אויסצוגראָבן... לייבעלע איטשע יאָסלס, איינער פון די בעסטע סובה־נייער, האָט נישט באַוויזן אַזוי פיל תכריכים אויפצונייען מיט די גרעסטע שבת־שטעך, ווי ער האָט געניט. אַזוי ארום זענען מתים געבליבן וואַרטן אויף זייער רעכטס־טון פון איין טאָג אויפן צווייטן, און צומאָל אויפן דריטן טאָג אויך, ביז מען האָט זיי צו קבורה געבראַכט. די פון אייביק אַזוי מילדע זון פון ראַש־

חודש אב, װאָס אַלטע ייִדן האָבן אַזױ ליב צו װאַרעמען אױף איר זײערע בײנער, האָט דאָס יאָר זיך צעפּלאַקערט װי אױף צו להכעיס. די שױן גענוג פּױלנדיקע גופים האָט זי נאָך מער צעפּרײעט, זײ געמאַכט פּױלן ביזן צעפּאַלן זיך. דאָס האָט די טיפוס־מיקראָבן נאָך מער צעבלאָזן. אין די קאָמיטעטן, צװישן די געזונטע יונגע־לײט, זענען די רײען שיטער געװאָרן, בײ אַ סך פון זײ איז געפאַלן דער מוט. זײ האָבן געזען װי זײערע חברים, אַזעלכע געזונטע יונגען װי פּישל בלאַכער, אַ יונג אַ ריז, און נאָך אַזעלכע גיבורים װי ער, האָבן זיך אַװעקגעלײגט, האָבן זײ שױן מורא געהאַט צו קומען אין קאָמיטעט און זענען שױן פאַרבליבן בײ זיך אין שטוב, אָדער אַװעק פון שטאָט, — אַזױ אַז ס׳איז שױן נישט געװען צו װעמען זיך צו װענדן נאָך הילף. די שטאָט איז געװאָרן מוראדיק פאַרלאָזט. רײכע מענטשן האָבן געדונגען װעגענער און זענען אַװעק פון שטאָט אין די דערפער, אַלץ איבערגעלאָזט, פאַרשלאָסן די געשעפטן און אַרױס מיטן לעבן. אָרימע לײט, מיט קלײנע קינדער, האָבן געמוזט בלײבן (אַ ברירה געהאַט?). האָט טאַקע דער טױט אָנגעהאַלטן זײן שניט צװישן די אָרימע הײזער. אַלע פרימאָרגן האָט דער שמש אין יעדן לאָדען אױסגעקלאַפּט צװײ קלעפּ, װאָס האָט באַדײט — טױט. „מיעשטשאַנסקע” הינט האָבן נישט אױפגעהערט צו װאָיען דורך די לאַנגע טריבע האַרבסט־נעכט...

2

פון מאַגיסטראַט האָט באַדכען דער פּױקער זיך אַרױסגעלאָזט איבער די גאַסן מיט אַ געזבענקעריי — ביז צום פאַרטױבט װערן.

װי אײנער פון די װיכטיקע סודות־װײסער פון מלכות, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם גוידער און מיט חשיבות געשפּרײזט איבער די גאַסן און געזעצט אין דער פּױק אַרײן. סודותפול האָט ער געװוּנקען מיט די אױגן צו די אַלע, װאָס זענען אים נאָכגעלאָפן ביזן ראָג פון דער זאַמאָיסקע גאַס. דאָרטן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אױסגעגלײכט דעם פּױק, װאָס האָט זיך איבערן װעג פאַררוקט אױף אײן זײט, און אײנגעדרײט זיך די עכטע פּױלישע װאָנסעס. ער האָט דערזען, װי ער איז אַרומגערינגלט פון

אַזויפיל נייגעריקע מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט הערן די נייעס, וואָס ער ברענגט. (אין יענער צייט האָט מען אַלע גזירות, אָדער באַפעלן פון דער מאַכט, צוזויסן געטון דער שטאָט מיט דער הילף פון דעם פויקער). האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר פון קעשענע און מיט זיין באַסאָווער שטימע אָנגעהויבן לייענען:

— אַ באַפעל פון קייסער און קיניג פראַנץ יאָזעף צו דער גאַנצער שטאָט. — ווי ס'איז באַוווסט, זענען אויפן מאַרק אַוועקגעשטעלט פּעסער מיט קאַרבאָל...

דערביי האָט ער אָנגעוויזן אויפן מאַרק־פּלאַץ, ווו ס'זענען טאַקע געשטאַנען זייער אַ סך פּעסער, וואָס קיינער האָט נישט געוווסט פון וואַנען און אויף וואָסער צוועק זיי זענען דאָרט אַוועקגעשטעלט געוואָרן. ווידער האָט זיין שטימע געדונערט:

— זאָל יעדער נעמען פון זיין שטוב אַ טאָפּ, אַ שיסל אָדער עמער און עס אָנפילן מיט דעם קאַרבאָל און דערמיט באַשפּריצן זיין הויז, די ווענט, די פּאָדלאָגע, דעם דאַך, דאָס מעבל. די כלים דאַרף מען אויך שייערן מיט דעם קאַרבאָל. יעדער מוז וואַשן דערמיט די שטיינער ביי זיין הויז. ווער ס'וועט נישט פּאָלגן דעם באַפעל, וועט דערשאָסן ווערן!

אָפּגעזאָגט דעם פּיזמון, האָט ער ממזריש געגעבן אַ ווונק מיטן אייגל, ווי איינער רעדט — „קירע־מאָק", ס'איז דיר שוין פאַר דער פּגירה — און ווידער גענומען זעצן אין דער פּויק אַריין און געגאַנגען ווייטער...

נאָכמיטאָג איז נישט געווען קיין איין יידיש הויז, פון וועלכן ס'זאָל נישט רינען די ווייסע פּליסיקייט. יידן האָבן דאָס אַהיימגעבראַכט אין קאַנען און געכליאַפּעט דערמיט אויפן דאַך. די געשייערטע דילן זענען דערפון געוואָרן מילך־ווייס. די רינשטאָקן האָבן אויסגעזען יום־טובדיק. די שטאָט האָט פּלוצים באַקומען דעם אויסזען ווי פאַר פּסח. פרישע ריחות, וואָס האָבן אַביסל געקיצלט אין דער נאָז, האָבן אָבער מחיהדיק אָפּגעפרישט די גאַנצע שטאָט. מענטשן האָבן לייכטער געאָטעמט. די יידישע מאַליאַזשעס — דוד און דער שטומער אהרן, צוזאמען מיט עטלעכע גויים, קוימען־ און אויוון־שמירער, געדונגענע פון מאַגיסטראַט, האָבן געקאַלכט אַלע רינשטאָקן, אויסגעשמירט אַלע פּראָנטן פון די שטאָט־געבײדעס. פון אומעטום האָט געפּעכלט מיט ווייסקייט. ס'האָט אַזש געבלענדט פאַר די

אויגן. די זון, ווי אַ צוגעברוינטע חלה, האָט זיך געסמאַליעט צווישן די פלאַ־מיקע וואָלקן־שטרייפן, ווי צווישן רויטע טעפּיכער, ווי זי וואָלט זיך געראַנגלט, פון איין פלאַם ארויס און אין אַ צווייטן אַריין. זי האָט זיך געראַנגלט, געיאָגט, אַראָפּ צום ווייסן באַרג, דאָרט זיך אויסצובאַהאלטן, ווי אַ גנבטע, פאַר דער נאַכט, וואָס האָט, ווייזט אויס, מיט שטורעם געוואָלט איינגעמען די וועלט. אַ ווינטל האָט זיך צעבלאָזן, ווי ס'וואָלט צעווייעט גוטע בשורות. ס'האָט דערציילט, אַז ס'קומט אָן די קילע נאַכט. ס'קומט אָן ציכטיקייט, אַלץ וועט זיך אָפּפרישן. ס'וועט קילער ווערן. מענטשן וועלן לייכטער אָטעמען. ס'קומט אָן לעבן...

3

אין רידניקער שטיבל איז פאָרגעקומען אַן אַסיפה. געהאַנדלט האָט זיך איבער אַ ספרל פון ר׳ חיים וויטאַל. דאָרט איז פאַראַנען אַ רמז אויף דער היינטיקער צייט. ס'זאָגט זיך דאָרט, אַז אויב עס ברעכט אויס אַ מגפה אין אַ שטאָט, איז די גאַנצע שטאָט שולדיק...

— ווייל, — האָט דער גבאי זיך געהיצט, — „קירע" גנב האָט גע־בראַכט אָפּיצירלעך אין שטאָט אריין... ייִדן שיקן זייערע ווייבער און טעכ־טער צו זיי בעטן טובות. זיי טוען זיך אָן ווי חצופות, מיט אָפּגעהאַקטע אַרבל און אויסגעשניטענע העלדזער. ווייבער טראָגן פראנק און פריי זייע־רע האָר. יונגען גאָלן זיך די מאָרדעס, שלעפּן זיך אַרום גאַנצע נעכט מיט די מיידעך, מען לאַכט פאַרשייט. און ס'שטייט בפירוש: „שער באשה ערווה" — האָט זיך גאָרנישט געקענט איינשטילן דער גבאי פון דער חברה קדישא, אַ ייִד אַ כעסן, וואָס האַנדלט מיט קאלך און היצט זיך ווי געלאָשענער קאַלך. אַ שטעקן האָט ער מיט זיך געטראָגן, איז ער געווען פון בלויז סענקען. זיי זענען ביי אים געווען מעסט־צייכנס, וואָס נאָר ער אַליין האָט זיי פאַרשטאַנען. מיט דעם שטעקן האָט ער אויך געמאָסטן די קרקעס אויפן גוטן אָרט. און ביים היימישן מסחר האָט אים דער שטעקן געדינט, ווי אַ סענטימעטער ביי אַ שניידער, אַ שטייגער; ווי ביי סלאמיאן שוסטער זיינע מאָסן, וואָס זענען געווען פון איינגעריסענע שטיקלעך

פּאַפּיר, וואָס יעדער ריס האָט אים דערציילט דעם נאָמען פון דער שיקסע, פאַר וועמען ער מאַכט די שיך און די גרויס פון איר פוס. אַז דער גבאי האָט צוגעלייגט זיין סענקעוואטן שטעקן צו אַ קופּע קאַלך אָדער קרייד, האָט ער שוין לויטן סענק געוווּסט וויפל דער קאַלך וועגט.

און געשריגן האָט דאָס אַזוי דער גבאי, כדי וויי־צוטון דעם דיין פון שטעטל, וואָס האָט נעבעך נישט געהאַט קיין מזל צו זיינע קינדער. ער האָט עטלעכע קינדער געהאַט און קיין מזל צו זיי האָט ער נישט געהאט, ווייל קיין איינער פון זיי איז נישט געגאַנגען אין זיינע וועגן. זיין עלטסטע טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ למדן, פון זייער גרויסן יחוס. ער איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון יִיד־הקדוש. האָט אויך געהאַט סמיכה אויף רבנות. איז אָבער דער איידעם שפּעטער געוואָרן אַ משכיל, און כדי נישט צו זיין אָפּהענגיק פון שווער, האָט ער זיך געמאַכט אַ שענק און זיין ווייב איז געוואָרן די גאַנצע פּרנסה־געבערין... אָט דאָס טאַקע האָט געמיינט דער גבאי, ווען ער האָט געזאָגט, אַז יונגע ווייבלעך טראָגן די אייגענע האָר, גייען בעטן טובות ביי אָפּיצירן... אַ סך רכילות־טרייבער האָבן צווישן זיך גערעדט, אַז ביים דיינס טאָכטער אין שענק טרינקען אַלע גרויסע־לייט, און ווער ס'דאַרף עפּעס אַ טובה ביי מלכות, קומט מען צו דער שענקערין, און זי פּועלט שוין וואָס מען דאַרף...

עטלעכע חשובע בעל־בתים, וועלכע זענען דאָרט געווען, האָבן נישט געקאָנט צוקוקן דעם צער פונעם דיין, וואָס איז אַזוי אומברחמנותדיק גע־שמיסן געוואָרן פון גבאי דעם בלוט־צאַפּער, — האָבן זיי אים איבערגע־שלאָגן די רייד. זיי האָבן געפּאָדערט, אַז מען זאָל ריידן צו דער זאַך. כמעט אַלע ייִדן האָבן שוין געוואָלט פּטור ווערן פון דער פּיינלעכער דרשה. האָט מען גענומען באַהאַנדלען דעם עצם ענין, צוליב וועלכן מען איז זיך צוזאַ־מענגעקומען. און געהאַנדלט האָט זיך וועגן אָט וואָס:

ס'האָט עמיצער אויסגעפונען אַ ספרל פון אַ גוטן־ייִד. אין דאָזיקן ספרל ווערט דערציילט פון אַ שטאָט, ווו ס'איז געווען אַ מגפה. האָט דער צדיק געהייסן חתונה מאַכן צוויי יתומים, און די חופה איז געשטעלט גע־וואָרן אויפן גוטן אָרט, ביים לעצטן קבר, און די מגפה איז כהרף־עין אָפּ־געשטעלט געוואָרן... דעריבער זענען זיך צוזאמענגעקומען די שענסטע בעל־בתים פון שטאָט, אויסצוגעפינען דאָס פּאַסיקע פּאָרל און זיי חתונה

מאכן כדת משה וישראל. די חופה זאָל מען שטעלן אויפן הייליקן אָרט.
און זאָל שוין גאָט זיך מרחם־זיין...

## 4

איטע, דער בעדערינס „שטומע", די אומבאַהאָלפנסטע פון די אומבאַהאָלפענע אין שטעטל, האָט נעבעך כשר פאַרדינט איר שטיקל ברויט, וואָס זי האָט געגעסן. שטום איז זי געווען, האָט אַפילו קיין קלאַנג פון מויל ניט געקאָנט אַרויסברענגען, און דערצו נאָך האַלב־בלינד. פלעגט זי ווי אַ לאַסט־בהמה דרייען דאָס וואַסער־ראָד פון באָד צוויי טעג אין דער וואָך. פרייטיק, ווען ייִדן גייען אין באָד אַריין, און מיטוואָך, ווען מען האָט געהייצט די מקווה. די צוויי טעג האָט איר מרים די בעדערין דערלאַנגט דאָס לעפל געקעכץ. געוווינט האָט זי ביי יודל גאָריער, דעם אייל־מאַכער, אין דער „אָלעיארניע", ווו זי האָט געארבעט, געדרייט מיט אַן אייזערנעם שטאַנג דאָס גרויסע אייל־ראָד, וואָס האָט זיך באַוועגט לאַנגזאַם, אַריינדרייענדיק צווישן די אייזערנע ציין אַ פרעס, וואָס האָט זיך נאָך לאַנגזאַמער אַראָפּגעזעצט. אין דעם פרעס איז געווען אָנגעשאָטן מאָן. דאָס ראָד האָט אָנגעהויבן דריקן אויפן פרעס וואָס אַמאָל שטארקער. ביז אַ דין שני־רעלע מאָן־אייל האָט אָנגעהויבן רינען ווי אַ שטראָמל אין דעם בעקן אַריין, וואָס איז געשטאַנען אונטערן פרעס. זי האָט אַזוי לאַנג געדריקט מיטן שטאַנג דאָס ראָד אויפן פרעס, ביז פון דעם שטראָמל איז אַלע מאָל גע־וואָרן ווינציקער און לסוף זיך פאַרוואַנדלט אין טראָפּנס. די טראָפּנס האָבן געקאַפּעט, ביז ס'האָט אינגאַנצן אויפגעהערט. דעמאָלט האָט ייִדל אַליין געפּרוּווט דריקן דעם שטאַנג, ווי ער וואָלט זיך אַליין געוואָלט איבערצייגן, צי דער מאָן האָט שוין נישט אין זיך קיין שמץ פון אייל. האָט ער אַרויס־גענומען דעם שטאַנג, דאָס ראָד האָט שוין אַליין זיך צוריקגעדרייט און אַ פּירקאַנטיקער מאָן־מאַקעך איז אַרויסגעפאַלן פון פרעס. ס'איז פון אים געגאַנגען אַ פאַרע, וואָס האָט געקיצלט די נאָז. בית־מדרשניקעס האָבן גע־צאָלט גוט געלט פאַר אַזאַ הייסן מאָן־מאַקעך. זיי פלעגן זיך דערמיט אָנ־שיטן פולע קעשענעס און ביים לערנען דערמיט זיך דערכאַפּן ס'האַרץ. אַ

גוטער מאַכל איז דאָס געווען אויך פאַר בהמות. ווינטער־צייט, ווען ס'איז געווען ווינציק פאַשע, האָט מען דעם מאַקעך אויסגעמישט מיט קלייען און שאָלן פון קאַרטאָפל. פון דעם איז די מילך פון דער בהמה געווען געדיכט. די שטומע האָט דערווייל געוואוקסן ביז יידל האָט דורך דער צייט ווידער אָנ־געפילט מיט מאָן דעם פּרעס, פון וועלכן זי האָט אָן אויפהער אייל גע־קוועטשט.

אין דער זעלבער „אָלעיארניע" איז געווען איר ווינקל, ווו זי האָט געהאַט שטיין איר בעטל. דאָרטן איז צייטיק געוואָרן איר בתולהשאַפט. דאָרטן האָבן אירע שטומע 45 יאָר אויסגעחלומט ווייסע חופּה־קליידער, חתונות, מוזיק און מצוה־טענצל. חלומות אויסגערונענע פון אַן אַלטער פאַר־זעסענער מויד...

אַ קיילעכדיקע יתומה איז זי געווען. צוזאמען מיט איר ברודער — אויך אַ שטומער ווי זי, האָט אויך קיין קלאַנג פון מויל נישט געקאָנט אַרויסברענגען, אויך האַלב־בלינד ווי זי — זענען זיי געווען ווי צוויי שטיינער, וואָס ווער ווייסט פון וועלכן ווייטן גילגול זיי האָבן אַראָפּגעני־דערט אויף דער ערד. אויסגעכאוועט האָבן זיי זיך ביידע אין די הייזער. ער איז געווען אַ געזונטער יונג, פלעגט ער טראָגן וואַסער אין די הייזער, נישט איינמאָל פלעגט ער ארויף אויף אַ וואַנט, זיך צעקלאָפּן ס'פּנים, דער־מיט פלעגט ער פארדינען אַ פּאָר גראָשן. און ביי נחום בעקער פלעגט ער צוהעלפן אין דער בעקעריי, געטראָגן די זעק מעל, די קאמער אָנגעפילט מיט האָלץ, די גרויסע דייזשעס געקנאָטן. ער איז שוין דאָרטן אויך גע־שלאָפן אויפן גרויסן פּיעקעליק.

יעדן שבת איז די שוועסטער געקומען צום ברודער אין דער בעקעריי. ווי צוויי שטומע חיות האָבן זיי זיך באַגעגנט. מען האָט ממש געזען, ווי דער אינסטינקט פונעם בעל־חי אַרבעט פונקט ווי דער שכל. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט שבת אין דער פרי ביי דער שויבן־טיר פון דער בע־קעריי, ווי אַ פאַרליבטער, וואָס וואַרט מיט אומגעדולד אויף זיין באַשערטע. אַלע מאָל האָט ער אָפּגעווישט די שויבן, וואָס זענען געווען פאַרלאָפן פון זיין אָטעם, כדי בעסער צו זען דאָס אָנקומען פון זיין שוועסטער. זי איז אַלע שבת געקומען אין דער זעלבער צייט, באַלד נאָכן דאַווענען. אין דער טאָרבע, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט, איז געווען פון כל־טוב: אייער־קיכלעך,

בוריקעס־פּלעצלעך, געזאַלצענע מאָן־קיכלעך. דאָס האָט זי באַוויזן אָנצו־זאַמלען, אַרומגייענדיק איבער די הייזער שבת אין דער פרי.

אַז זיי האָבן זיך רערזען, האָבן צוויי פּאָר נאַרישע, תמימותדיקע אויגן זיך רערקאָנט און אַ שטילער געזאַנג איז אויפגעגאַנגען צווישן זיי, אַ גע־זאַנג, וואָס דאָס אויער האָט אפשר נישט רערהערט, נאָר זייערע הערצער האָבן ראָס רערפילט. צוויי פּאָר הענט האָבן זיך צוזאַמענגעפלאָכטן, און פינגער, אויסגעהאָרעוועטע מיט באַבע־נעגל האָבן צווישן זיך געשמועסט. ווער ס׳פאַרשטייט פינגער־שפּראַך, יענער האָט געהערט די שפּראַך פון ליבשאַפט און פאַרשטאַנען זייער געשפּרעך. אַזוי האַלטנריק זיך פאַר די הענט, האָבן זיי זיך געזעצט אויף די מעל־זעק. ער האָט אָפּגעזוכט אַ גאַנצן זאַק, אים פאַרשפּרייט אויף רער ערר, אויף וועלכן זי האָט אויסגע־שאָטן די גאַנצע טאָרבע. ביידע האָבן אָנגעהויבן עסן. בלינדערהייט האָט זי אים אַלע מאָל אונטערגעטראָגן אַ געשמאַקן ביסן פון די אַלע גוטע זאַכן, וואָס זי האָט געבראַכט. אַזוי האָבן זיי זיך געהאַלטן פאַר די הענט און געקייעט מיט זייערע געזונטע ציין רעם גאַנצן שבת נאָכמיטאָג.

יודל אָלעיאַרזש און נחום בעקער האָבן איצט געפונען רי בעסטע געלעגנהייט זיך צו קויפן אַ מצוה. אויף רער אַסיפה האָבן זיי פאָרגעלייגט, אַז די שטאָט זאָל חתונה מאַכן די שטומע יתומה. אַלע, וואָס זענען דאָרטן געווען, האָבן זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט, ווי אָן אַן אבן־טוב. ר׳ יודל און ר׳ נחום האָבן געוווסט וואָס זיי זאָגן. רי שטומע איז געווען אַ געהאָרכזאַמע לאַסט־חיה. זיי וועלן שוין ווירקן אויף איר, אַז זי זאָל חתונה האָבן מיט וועמען די שטאָט וועט נאָר הייסן. און די חופּה וועט זיין דאָרט ווו דער רב וועט באַפעלן.

5

אברהמעלע גבאי, אַ באַלעבאַטישער ייִד, אַ שוסטער, האָט אָנגעפירט מיט זיין „סלאָוונע״ וואַרשטאַט ביד חזקה. די שיך אָדער שטיוול, וואָס זענען אין זיין וואַרשטאַט געמאַכט געוואָרן, האָבן נישט געטאָרט האָבן קיין שום פעלער. נישט איינמאָל פלעגט ער צעטרענען אַ פּאָר אויסגעפּערטיקטע

שיך, ווייל דער שפּיץ איז געווען קרום פאַרטשוועקעוועט. ער פלעגט דאַן טופּען מיט די פיס און שרייען צו זיינע געזעלן:

— פאַרטאַטשעס וואָס איר זענט! איר קאָנט קיין דראַטווועלע נישט איינדרייען!

אַלע זענען ביי אים שולדיק געווען, אויב אַ טייל פון דעם שוך איז נישט אַרויס, ווי ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳באַדאַרף צו זיין. דערפאַר איז ער שטענדיק געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט. צו מאַכן זיך אַ פּאָר שטיוול ביי אברהמעלע גבאי — האָט מען זיך געמוזט גוט אונטערגאַרטלען. מען האָט אויך באַדאַרפט האָבן אַ רייכן בייטל. זיינע הויכע טשיזמעלעך מיט די פראַנצוזקע אָפּצאַסן, וואָס ער האָט געמאַכט פאַר פריצישע טעכטער, האָבן געהאַט אַ שם. מען האָט זיי געקאָנט שטעלן פאַרן קייסער. געאַרבעט האָבן ביי אים עטלעכע געזעלן צוזאַמען מיט זיינע צוויי זין, טעוול און אפרים. אפרים איז געווען דער עלטערער, איז אויך געווען אַן אויפגעקלערטער, אַ פירער פון דעם „שוועסטער־און־ברודער־פאַריין", וואָס האָט געוואָלט אַראָפּוואַרפן דעם קייסער. נאָך דעם קייסער האָבן שוין אַנדערע אַראָפּגעוואָרפן און ער, אפרים, האָט געטון אַ גוטן שידוך מיט גרויס יחוס. די כלה האָט געשטאַמט פון סאַמע שיינע־ייִדן, חסידים. דער שווער איז געווען אַן אָפּגעקומענער גביר, האָט ער דאָס מיידל אויסגעקליידט אין בגדי־מלכות. אברהמעלע האָט זיך געשמאָלצן פון נחת, האָט פון דער שנור גע־האַלטן אַ וועלט. און צו וואָס לייקענען? דער שידוך איז ביי אים געווען נאָך אַ שטאַפּל אין דעם יחוס־לייטער, אויף וועלכן ער האָט זיך געדראַ־פּעט. און כאָטש ער איז געווען אַ פּראָסטער ייִד, האָט ער אָבער געזוכט זיך צו האַלטן אין דער מדרגה. ער איז געווען גבאי אינעם קליינעם שו־לעכל, ער פלעגט צוזאַמען מיט משה־פייגעס דעם שניידער דאַוונען חול־המועד אין די תפילין, ווייל טאָמער מאַכט זיך, מען דאַרף נעמען דאָס הע־מערל אין האַנט אַריין, זאָל עס נישט הייסן חילול יום טוב. דאָס האָט אים צוגעגעבן חשיבות ביי שיינע ייִדן. ביסלעכוויז איז ער געוואָרן אַ חברה־מאַן. אין דער חברה־קדישא האָט מען נישט אָנגענומען אַבי וועמען. ער האָט יעדן שבת אַן אורח געהאַט ביי זיין טיש.

ביי אברהמעלען האָט זיך אַלע יאָרן געכאָוועט אַ יתום. מאיר האָט ער געהייסן, וועמען ער האָט שוין פאַראיינוועגס געלערנט אַ מלאכה. געוואָלט

דעם יתום מאַכן פאַר אַ לייט. נאָר אַ צו שווערן קאָפּ האָט דאָס ייִנגל גע־האַט פאַר שוסטעריי. וויפיל אברהמעלע האָט אים נישט געוויזן, אַז כדי אַ פלעקל אַריינצוקלאַפּן, דאַרף מען צוערשט אין דעם פלעקל געבן אַ קליין קלאַפּעלע און נאכהער דאָס אַריינקלאַפּן מיט איין קלאַפּ, — האָט ער תמיד פאַרגעסן און דעם ערשטן קלאַפּ האָט ער געגעבן מיט אַזאַ קראַפט, אַז דאָס פלעקל איז אָפּגעשפּרונגען, אָדער ס׳האָט זיך צעבראָכן. אברהמעלע האָט זיך שוין פון אים מייאש געווען.

— ס׳וועט שוין פון אים קיין לייט נישט זיין — פלעגט ער זאָגן.

מען האָט אים געהאַלטן אין וואַרשטאַט נאָר צוליב רחמנות. ער פלעגט גיין אַ גאַנג, אָדער אָפּטראָגן אַרבעט. חברה פלעגט מיט אים מאַכן ליצנות. אַלע לעכער האָט מען מיט אים פאַרשטאָפּט. איינער אַ לץ האָט אים אַמאָל געשיקט צו אַ צווייטן שוסטער, יענער זאָל אים אַנטלייען דעם „דאַמסקע קאליק״. יענער שוסטער, אויך אַ גאַנץ פיינער לץ, האָט גוט פאַרשטאַנען דעם וויץ און אָפּגעשיקט מאירן צו אַ צווייטן. דער צווייטער — צו אַ דריטן. אַזוי איז ער אַ גאַנצן טאָג אַרומגעלאָפן צווישן די שוסטער באָרגן דעם „דאַמסקע קאליק״, ביז ער איז אָנגעקומען צו אברהם־לייב שוסטער. יענער איז געווען אַן ערלעכער ייִד. מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז פון די ל״ו. אברהם־לייב האָט אים שוין מגלה־סוד געווען.

— יונגערמאַן, — האָט ער אים געזאָגט, — גיי אַהיים, מען מאַכט פון דיר חוזק...

אַ פאַרשעמטער איז ער צוריקגעקומען אין וואַרשטאַט אַריין און זיך צעוויינט ווי אַ קינד. זיינע אַכצן יאָר האָבן פון אים אַרויסגעוויינט. אברהה־מעלען האָט געוואָרפן די ניכפּה. ער האָט געזידלט זיינע געזעלן מיט דער בלאָטע צוגלייך פאַרוואָס זיי זענען מצער אַ יתום. אָבער דער צונאָמען „מאיר קאליק״ איז אים שוין געבליבן דאָס גאַנצע לעבן.

אַ היפשער בחור איז שוין מאיר געווען און ער האָט געוווסט, אַז קיין וואַזשנער מייסטער וועט ער שוין נישט זיין. האָט ער אָנגעהויבן גיין אי־בער די דערפער און פאַרראָכטן שיך אויף זיין אייגענעם חשבון. און אויב ס׳איז אים אַריינגעפאַלן אַ פּאָר נייע שטיוול אָדער אַ פּאָר אונטער־גענייעכץ, האָט ער שוין דאָס געמאַכט ביי אברהמעלען אין וואַרשטאַט. ביי אים האָט ער געבאָרגט די קאָפּיטעס. אברהמעלע האָט אים אויך צוגעהאָלפן. דער־

פאַר האָט ער זיין מייסטער זייער געשעצט און גרויס דרך־ארץ פאַר אים געהאַט.

אויף דער אַסיפה, ווו ייִדן האָבן זיך געבראָכן די קעפּ: ווו נעמט מען אַ חתן? — האָט ביי אברהמעלע גבאי אויפגעבליצט אַ געדאַנק: פאַרוואָס טאַקע נישט „מאיר קאַליק״? אַ צופרידענער פון זיין אייגענעם איינפאַל, האָט ער אפילו נישט געוואָלט איבעררעדן מיט די זייניקע. זיין ענטוזיאַזם פון דעם געדאַנק איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אַפילו נישט געפונען פאַר נויטיק זיך אָנצופרעגן ביים בעל־דבר, ביי מאירן גופא. נאָר באַלד דאָ אויף דער אַסיפה האָט ער פאָרגעלייגט זיין פּלאַן, גלייך ווי ער וואָלט שוין מיטן חתן געווען זיכער...

אַלע האָבן זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט, ווי אָן אַ ווינטש־פינגערל און ס'איז טאַקע אויפן אָרט באַשלאָסן געוואָרן, אַז: 1) אברהמעלע גבאי זאָל זען צוצוגרייטן דעם חתן צו דער חתונה און טאַקע וואָס שנעלער; 2) אַז די חתונה זאָל געפּראַוועט ווערן אויפן גבירישן שטייגער מיט דער ברייטער האַנט, על חשבון הקהילה; 3) אַז ייִדל גאָריער זאָל זיין מחותן מצד הכלה און אברהמעלע גבאי — מצד החתן; 4) אַז די חופּה זאָל געשטעלט ווערן בשעה מוצלחת אויפן בית־החיים. די גאַנצע שטאָט זאָל זיך משמח זיין אויף דער חתונה — כיד המלך...

6

מאיר בדחן מיט זיין געל ציגן־בערדל, וואָס איז געוואַקסן אויף פאָרויס, ווי אַ שפּיאָן אויף צו דערשמעקן אַלע נייעסן, האָט אויך באַלד דערשמעקט, אַז „מאיר קאליק״ וועט אינקורצן ווערן אַ שטאָט־איידים, און אַז די כלה וועט זיין די שטומע. שוין יאָרן, ווי ער האָט אַזאַ בדחנות נישט געהאַט. איין קלייניקייט, אַ חתונה, ווו דער חתן און די כלה זענען קיילעכ־דיקע יתומים. קיין בעסער געלעגנהייט אַרויסצוווייזן זיין בדחנות־קונסט האָט ער זיך שוין נישט געקאָנט ווינטשן. ווייל פון זיין גאַנצן גראַמען־אַרסענאַל, וואָס האָט אָנגעפילט זיין מוח, צום באַזינגען אַ כלה, אָדער צום באַדעקנס, האָט ער מיט גאָרנישט געקאָנט נעמען דעם עולם, אויב די כלה

האָט געהאַט לעבעדיקע טאַטע־מאַמע. גאָר אַנדערש האָבן זיינע גראַמען געווירקט אויפן עולם, ווען די כלה, וואָס ער האָט באַזונגען, איז געווען אַ יתומה. ביי אַזאַ חתונה איז ער געווען ווי ביי זיך אין דערהיים. ער פלעגט זיך אַזוי צעשווימען אינעם ים פון זיינע גראַמען, אַז ער האָט אַזש שטיינער גערירט. בקיצור ביי אַ כלה אַ יתומה איז ער געווען אַ מייסטער. ער פלעגט זיך צעזינגען צום באַדעקנס, אונטער הערש־לייבס פידעלע, מיט אַזאַ מין גראַם:

כלהשי, כלהשי, דו טוסט אָצינד צו דער חופה גיין,
און דיינע טאַטע־מאַמע ליגן אין פינצטערן גרוב אַליין...

ווייבער פלעגן דאַן צעגאָסן ווערן פון טרערן. מען פלעגט חלשן ביי אַזאַ באַדעקנס... — אַלץ איז טאַקע גוט, — פלעגט ער רעדן ווי צו זיך אַליין — אָבער ווו נעמט מען אַ כלה אַ יתומה? און דאָ האָט אים גאָט צו־געשיקט, ווי פון הימל אַראָפּ, אַזאַ כלה, און נאָך וואָס פאַר אַ יתומה? אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען. און דער חתן — אויך אַזאַ קיילעכדיקער יתום. גאָט אַליין האָט אים צוגעשיקט אַזאַ חתונה. ער וועט זיי איצט ווייזן, די גבי־רים, וואָס ברענגען אַזש פון לובלין טעוועלע בדחן צו זייערע חתונות. ער וועט זיי ווייזן ווער מאיר בדחן איז!...

דעריבער, ווי נאָר אברהמעלע גבאי, זיין שכן, האָט אים דערציילט פון דער חתונה, וואָס די שטאָט גרייט צו אויף דער צווייטער וואָך — אַ חתונה ווי ביים קייסער! — און אַז קיין צווייטן בדחן פון לובלין וועט מען שוין נישט קענען ברענגען, ווייל ס'איז שוין נישטאָ ווען — האָט ער שוין נישט געוואָלט רעדן פון קיין שכירות, נאָר גענומען זיך צו דער אַרבעט: צוגעגרייט זיך גאַנצן גראַמען־אַרסענאַל, מיט וועלכן ער האָט זיך גע־קליבן מרעיש־עולם צו זיין...

חיה די קעכין איז אַרומגעגאַנגען אין קיך מיט פאַרקאַשערטע אַרבל און געגעבן באַפעלן אירע צוויי געהילפס־קעכינס, זיי זאָלן נישט פאַרגעסן אַריינצוטון פעפער אין די פיש, אָפּצושוימען די יויך. זי אַליין גייט דער־ווייל איבערדרייען ס'געבראָטנס. אַלע שטובן פון ברכהלע האַלפערנס הויף זענען געווען פול מיט ווייבער, ווי אויף אַ יאַריד. דאָרטן האָט באַדאַרפט איינשטיין די כלה. און ווייבער האָבן לשם־מצוה געבראַכט פון כל־טוב,

פון שענסטן און פון בעסטן. פון די פרומע הייזער זענען געקומען גאָטס־פאַרכטיקע מיידלעך, ווייל־קענערינס, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, ווי אויסצו־ציר׳ן אַ כלה און זי צו באַשיינען. זיי האָבן זיך אַלע געפּלייסט וואָס שענער צו מאַכן דער כלהס ווינקל און וואָס עלעגאַנטער איר חופה־קלייד. ס׳פאַר־שטייט זיך, אַז ניט אַלע האָבן די אַרבעט געטון לשמה. ס׳זענען געוועזי אַזעלכע, וואָס זענען געקומען אַ ביסל אָפּשפּעטן אויך. מען האָט געבראַכט זיידענע קליידער, ווייסע חופה־וואַלן און דערפון אַ וווּנדערלעכן ווּעלאָן געמאַכט, מיט ווייסע אויסגעהאָפּטענע לאָרבער־קרענץ, מיט געדיכט באַ־צווייגטע מירטען־בלעטער. איינע האָט געזוכט די צווייטע איבערצושטייגן...

חנהלע די פריזירקע איז געזעסן מיט דער כלה ביי ברכהלען אין דער סאלע, אַנטקעגן שפּיגל, און צוגעגרייט פאַר איר דאָס שייטל.

— אַז אַלץ איז געשען אַזוי ראַפּטום! — האָט זיך די פריזירקע גע־געסן אַ לעבעדיקע — איין קלייניקייט! — האָט זי געוואָרטשעט — איז דען מעגלעך, אַז אויף מאָרגן זאָל דאָס שייטל זיין פאַרטיק?

און דאָ פאַלט איר אַלץ פון די הענט. זי האָט גאָרנישט אַזאַ גרויסע שייטל־פאָרם, וואָס זאָל פאַסן אויף דער שטומערס קאָפּ. מוז זי זיצן נעבן איר און אַרבעטן כסדר אויף איר קאָפּ. די שטומע זיצט פאַרן שפּיגל, ווי אויף אַן עשאַפאָט. זי האָט מורא זיך צו רירן פונעם אָרט. יידל גאָריערס ווייב זיצט לעבן איר און האַלט זי פאַר דער האַנט. ביי יעדעס מאָל וואָס חנהלע רירט זיך צו צו איר קאָפּ, אָנצומעסטן דאָס שייטל, גיט די שטומע אַ מרוק, ווי אַ דיבוק וואָלט פון איר אַרויסגעשריגן: — „מאַ־מאַ“... די פריזירקע גיט אַ ציטער, אַזש ס׳אַנטפאַלט איר דער מאַמעס מילך. ווייבער ברענגען אַלע מאָל עפּעס אַנדערש פאַר דער כלה, זי זאָל זיך דערכאַפּן ס׳האַרץ, ווייל מאָרגן וועט זי נעבעך דאַרפן פאַסטן אַ גאַנצן טאָג.

איין מאָל אין איר לעבן האָבן אַנדערע איר באַדינט... איין מאָל דורך אירע 45 יאָר האָט די שטומע געפּילט דעם צאַפּל פון דערוואַרטונג. אירע אויגן האָבן אויסגעדריקט פרייד, אומפאַרשטענדלעכע פרייד. אַפילו די אויבנאויפיקע שרעק איז צערונען געוואָרן אין דער פרייד פון דערוואַר־טונג... אין דער דערוואַרטונג פון איר צייטיקן גוף... דאָס האָבן עדות גע־זאָגט אירע תמעוואַטע אויגן, אירע אומגעלומפּערטע ברוסטן, וואָס האָבן

זיך געהויבן ארויף און אַראָפּ, ווי ביי אַ זאטער קו, וואָס מעלה־גרהט און דאָס קעלבל זייגט ביי איר זייט...

איין מאָל אין איר לעבן האָט אַ צווייטער פאַר איר די מקווה געהייצט. צוויי ווייבער־טוקערינס האָבן זי בודק און טובל געווען, אירע האָר אויס־געקעמט און פאַרפּאָלכטן, ווי אַ הויף־דאמע, אַ פּרינצעסין...

משה פוטערבעקער האָט גרויסע לעקעכער געבאַקן. פריידעלע די בעקערין האָט געבאַקן די בולקעס און צום אַנטקעגנטאַנצן האָט זי צוגע־גרייט אַ געפלאָכטענעם קוילעטש, וואָס האָט קוים געקאָנט אַריין אין דעם אויוון. פון זעכצן פלעכטלעך! מען האָט נאָך אין שטאָט אַזאַ קוילעטש נישט געזען. הערש־לייב קלעזמער האָט אַ ספּעציעלן מאַרש פאַרפאַסט, אים צו שפּילן איבערן וועג צו דער חופּה און צוריק, ווייל צום בית־עולם איז געווען אַ מהלך וועג, און כדי דער עולם זאָל נישט פאַרמאַטערט ווערן, האָט ער דעם מאַרש צוגעגרייט, ווי אַ גוטער רעזשיסער, וואָס טיילט איין יעדן זיין ראָל. ער אַליין האָט געשפּילט פידל, זיין עלטסטער זון נח — אויפן פלייט, ישראל האָט געשפּילט קלאַרנעט ,שמואליק — די צווייטע פידל. אפילו זיין קליין יינגל, איטשקע, האָט אויך מיט אַ פייפל באַגלייט. די אַלע זענען געווען הערש־לייבס אייגענע קינדער. ער האָט אַן אייגענע קאַפּעליע געהאַט. אויף דער חתונה זענען נאָך צוגעקומען צוויי פרעמדע — איטשעלע מיטן באַס און איבער אַלעמען האָט זיך געלאָזט הערן איטשע יאַבלאָנסקיס פּויק, וואָס האָט אַ טויטן אויך געקאָנט לעבעדיק מאַכן...

## 7

אַ שווער שטיקל אַרבעט האָט אַברהמעלע גבאי געהאַט מיטן חתן. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דער „קאָליק", אָדער שוטה, גאָרנישט געווען אַזאַ נאַר, ווי מען האָט געמיינט. ער האָט טאַקע געהאַט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ, האָט אַלע יאָר אָפּגעארבעט ביי שוסטעריי און קיין פלעקל נישט גע־קאָנט אַריינקלאפּן. אָבער חתונה האָבן מיט דער שטומער — דאָס האָט ער אויך נישט געוואָלט. אויב שוין יאָ חתונה האָבן, — האָט ער זייער ערנסט געטענהט צו אברהמעלען — ווייל ער מיט חוה גיטשעס. יענע — זאָגט

ער — געפּעלט אים יאָ. זי איז זייער אַ שיינע און אַ רייכע, פון הויכן יחוס...

און וויפל אַברהמעלע האָט מיט אים ניט איינגעטענהט, אַז ס׳שטייט אים פּאַר אַ גליק, שטאָט וועט אים געבן אייביקע קעסט — ס׳האָט אָבער גאָר־נישט געהאָלפן. ניין און ניין! אַז ס׳האַרץ איז אים נישט צו דער שטומער.

אַברהמעלע האָט געזען, אַז ס׳איז שלעכט. דאָ גרייט מען שוין אַ חתונה און ביים חתן הויבט זיך נאָך גאָרנישט אָן. ער האָט מורא באַקומען, דער יונג זאָל נישט ווערן אַ האָז... האָט ער געשיקט נאָך עטלעכע קלוגע ייִדן, זיך אַן עצה האַלטן. ס׳זענען געקומען חיים פאַרשטאַט, וויגדאָר לייזערס, דער לאנגער שעיה, ר׳ משה מאירלס. דאָס זענען געווען ייִדן סוחרים און בני־תורה, וואָס פאַרשטייען אַן עסק. דער פּני פון דער חסידישער און סוחרישער וועלט. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען מוז פּאַר יעדן פּרייז מאכן די חתונה. מען האָט אַריינגערופן דעם בעל־דבר אין אַ באַזונדער חדר און מען האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין:

— וואָס אַרט דען דיך, אַז דו וועסט חתונה האָבן? מען וועט דיך אויס־קליידן אין בגדי־מלכות. מען וועט דיר געבן אַ ווייב און דערצו געלט אין קעשענע אויך. און אויב זי וועט דיר שפּעטער נישט געפעלן, וועסטו זי אָפּגטן...

אַז יענער האָט דערהערט דאָס וואָרט „גטן״, האָבן זיינע אָקסישע אויגן אויפגעבליצט. זיין גולמישער מוח, וואָס מ׳האָט געמיינט, אַז ער קאָן קיין צוויי נישט ציילן, האָט גאָר תופס געווען זאַכן נאָך שנעלער ווי מען האָט זיך דאָס פאָרגעשטעלט...

און דאָס געשעפט איז געשלאָסן געוואָרן. אַ הונדערטער קראָן האַנט־געלט האָט צעוואַרעמט זיין צעשעקעטע דלאָניע. די צוגעזאָגטע שיינע מל־בושים און די גוטע מאכלים האָבן צעווארעמט זיין פאַנטאַזיע, אַז די סלינע איז אים געראונען פון מויל. דאָס האָט מער געווירקט, ווי די אַלע רייד. זיינע ממזרישע אויגן האָבן זיך געצונדן מיט אַזאַ מאָדנעם פייערל, אַז ביי אַ טייל ייִדן, וואָס זענען געווען דערביי, האָט געגליווערט דאָס בלוט. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר דעם שטיקל אַרבעט, וואָס מען האָט דאָ אָפּגעטון מיט דער אומגליקלעכער שטומער יתומה. אַלע האָבן געטראַכט פון דעם זעלבן, נאָר קיינער האָט דאָס נישט געוואָלט ברענגען פאַרן מויל: אַז

אין קורצן וועט איר צוקומען נאָך אַ נאָמען צו אַלע אירע נעמען — „עגונה"...

8

ווייזט אויס, אַז אויף די פּראָנטן האָט זיך די לאגע עטוואָס געביטן לטובת „קירע־מאַק", ווייל דאָס, וואָס דער קרייז־דאָקטער האָט באַפוילן צו דיזענפעקצירן די שטאָט מיט קאַרבאָל און אָנווענדן פאַרשידענע אַנטי־טי־פוס־מיטלען, איז גאָרנישט געווען, ווי ס׳האָט זיך געדאַכט, צוליב דער זאָרג פאַרן געזונט פון דער שטאָט, און נאָך ווינציקער פאַר די ייִדן — די סיבה איז גאָר געווען אַן אַנדערע: די פירער פון פאַראייניקטן גענעראַל־שטאַב האָבן באַשלאָסן צו געבן אַ לעצטע שלאַכט הינטער די בילגאָרייער און לאַנזשיקער געדיכטע וועלדער, וואָס ציִען זיך אויף צענדליקער מיילן און קאָנען זיין אַ גוטע שוץ־וואַנט קעגן שונא און דערמיט אפשר אויסמיידן די צעפאַלונג פון די פראָנטן און דאָס צעלויפן זיך פון די סאָלדאטן. גאַנץ פלוצים האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פרישע מיליטער־טיילן אין שטאָט אַריין, שוין נישט ווי יענע „צעשאָסענע אַרמיי" אָפּגעריסענע און באָר־וויסע, האַלבע מתים. דאָס זענען געווען פרישע געזונטע זעלנער. מילי־טער פאַר אַן אָנגריף אָדער פאַר אַ גוטער פאַרטיידיקונג. די וועגן זענען מיטאַמאָל אָפּגערייניקט געוואָרן פון די פּגרים. טאָג־טעגלעך האָט מען דיזענפעקצירט די שטאָט. יונג און אַלט האָבן זיך געמוזט מאַכן איינ־שפּריצונגען קעגן טיפוס. פון די אַרומיקע דערפער האָט מען די פויערים געטריבן מאַסנוויז צו גראָבן טראַנשייען אַרום דער שטאָט. אָנהויבנדיק פונעם „ווייסן באַרג" האָבן זיך די גראָבנס און די דראָט־פאַרצוימונגען גע־צויגן העט ווייט נאָך דער אַבראַוועקע, ביז דעם פראַמפאָלער וועג. ייִדן פלעגן זאָגן:

— פאַרן טויט ווערט בעסער...

אָדער:

— „קירע־מאַק" ווייזט וואָס ער קאָן...

אין שטאָט זענען די טויט־פאַלן געוואָרן ווייניקער. מען האָט אין דעם געזען אַ צייכן פון הימל, אַז דער אייבערשטער איז זיך מרחם, ווייל

יִדן טוען אַ גרויסע מצווה: מאכן חתונה צוויי עלנטע יתומים. דעריבער איז יעדער טאָג, וואָס האָט זיך פאַרצויגן מיט דער חתונה, געווען אַ יאָר, ווייל ביי יעדן נפש, וואָס שטאַרבט אַוועק דורך דער צייט, האָט די גאַנצע שטאָט אַ חלק אין זיין טויט...

9

דער טאָג פון דער חתונה האָט זיך געשטעלט אַ לויטערער. מחיהדיק האָבן יִדן געאָטעמט באַגינען, איבערן וועג אין שול אַריין, צום ערשטן מנין. די צוויי הויכע נוס־ביימער, וואָס זענען געוואקסן הינטער דער שול ביים פּלומפּ, האָבן זיך דאָס יאָר אַזש געבראָכן פון דער גרויסער שפע ניס, וואָס האָבן זיי באַדעקט און ס׳איז נישט געווען ווער ס׳זאָל זיי אָפּרייסן. אַלע יאָר אין דער צייט איז אויף זייערע צווייגן קיין זכר פון ניס שוין ניט פאַראַנען. קינדער פּליקן זיי אָפּ מיט די צווייגן נאָך איידער זיי ווערן צייטיק. דאָס יאָר האָבן זיי זיך געבאַקן פון דער סוף זומער־זון, וואָס האָט די געל־געוואָרענע בלעטער פאַרטריקנט, אָן שאָטן זיי געלאָזט צו צייטיקן אָדער איינצודאַרן אויפן אייגענעם חסד. דאָס מילדע ווינטל האָט זיי מיטן מינדסטן שאָרך אַראָפּגעשליידערט אויף דער ערד קופּעסווייז, געשפּאָלטן זייער גרינע שאָל. געלע צייטיקע וועלשענע ניס האָבן זיך גע־וואַלגערט און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל זיי אויפקלויבן. די האַרבסטיקע זון האָט אַפּערגעקוקט פונעם קלאָרן תכלתדיקן הימל און געצייטיקט די פלוימען אויף די ביימער. פון די „מיעשטשאנסקע״ סעדער, וואָס האָבן זיך געגרעניצט מיטן אַלטן הייליקן אָרט, האָבן די צווייגן אַריבערגעסטאַרטשעט איבער די פאַרקאַנעס און פון זיך אַראָפּגע־שליידערט צייטיקע עפּל און פלוימען חמרימווייז אויף דער ערד. די פּי־רות האָבן זיך געשפּאָלטן און אַרויסגעוואָרפן צייטיקע קערן פון זייער איינגעווייד, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מיסט. אַלץ אַרום האָט זיך זעטיק געצייטיקט. צייטיק זענען שוין אויך געווען די חתן־כלה צו דער חופּה, צו וועלכער די גאַנצע שטאָט האָט זיך געגרייט...

הערש־לייב קלעזמער האָט זיין קאַפּעלע איינגעטיילט אין צוויי מחנות. איין טייל האָט געשפּילט ביים חתן, וואָס איז איינגעשטאַנען ביי הערש־

מאיר איבעשיץ אויפן גאָרן, אין דער גרויסער סאַלע, ווו ס׳האָבן גע־האַנגען ביי די באַלקאַנען פיין־געשטריקטע גאַרדינען. ביי אַ לאַנגן דעמ־בענעם טיש זענען געזעסן בחורים און משמח געווען דעם חתן. דאָס זענען געווען בית־מדרשניקעס, זיידענע יונגעלייטלעך, קעסט־קינדער. האָבן געשמועסט צווישן זיך דברי־תורה, געזאָגט פשטלעך. מען האָט זיך גע־ווונטשן לחיים. די בעסטע וויינען פון הערש־מאירס שענק, גרויסע שאַכט־לעך מיט שמעקעדיקע פאַפּיראָסן זענען געווען אָנגעשטעלט אויפן טיש. יונגע בחורימלעך, וואָס וואָלטן קיינמאָל נישט געוואַגט צו רויכערן עפנט־לעך, האָבן איצט „לשם מצווה״ פאַררויכערט און געפּרוּווט אַרויסלאָזן דעם רויך דורך דער נאָז, האָבן זיך פאַרהוסט, אָבער אינעם געפּילדער איז אַלץ אַדורך בשלום.

שמואל־אלי, אַ קעסט־איידעמל, וואָס האָט געהאַט אַ זיסן קול־נגינה, האָט פאַרצויגן אַ זמרל. מתיקותדיק איז עס זיך צעגאַנגען אין אַלע אברים. עולם האָט אונטערגעברומט, און די טענער זענען ווי נשמות זיך צעפלויגן, אַרומגעשוועבט אין דער גרויסער סאַלע און אַרויס דורכן אָפּע־נעם פענצטער.

עולם האָט זיך געכאַפּט, אַז ס׳ווערט שפּעט. דער זייגער האָט שוין געוויזן נאָך פיר. די חופה איז שוין לאַנג געשטאַנען אויפן בית־עולם, ביי דער זייט פון דעם לעצטן קבר. אַזוי האָט ס׳בית־דין באַפוילן. יונג און אַלט זענען אַהין געלאָפן באַצייטנס, כדי צו פאַרכאַפּן אַ וואָס בעסערן פלאַץ. מען האָט זיך געקריגט פאַר אַ שטיקל חופה־שטאַנג. יעדער האָט געוואָלט האָבן די זכיה דאָס צו האַלטן אין דער האַנט און זען די חתן־כלה. טייל האָבן געוואָלט שטיין דערביי צוליבן „ספּעקטאַקל״. אַזוי אַרום איז ס׳בית־עולם פון באַלד נאָך מיטיק געווען שוואַרץ פון מענטשן.

די זון האָט אָנגעהויבן נידערן איר וועג צו מערב. דורך די געדיכטע נאָדל־ביימער האָבן זיך דורכגעשניטן אירע שטראַלן. ווי פייער־רויטע שפּיזן האָבן זיי געשטאָכן אין די אויגן. ס׳האָט אַראָפּגעוואָיעט אַ שוואַרצע סאָווע פון אַ הויכן בוים. מיט איר חיהשן פנים און שאַרפע נעגל ווי מע־סער האָט זי אָנגעיאָגט אַ פחד אויפן גאַנצן אַרום. די סאָווע איז איצט, ביי טאָג, געווען בלינד, האָט גאָרנישט געזען, נאָר געפילט האָט זי מיט איר רויבערישן חוש, אַז עפּעס גרייט זיך דאָ. אין דעם אָרט פון איר

שליטה, אין דעם קיניגרייך פון טויט, גרייט זיך עפּעס אַ נייער כוח, וואָס וועט אַ סוף מאַכן צו איר ממשלה — אַ כוח, וואָס פאַרמעסט זיך גובר צו זיין דעם טויט... דערפאַר האָט זי אַזוי מוראדיק זיך צעקלאָגט, אומרויִק האָבן זיך אירע נעגל איינגעשניטן אין צווייג, ווי זי וואָלט געוועזן צוגע־שמידט צום אָרט. בלינד און אומבאַהאָלפן האָט זי כסדר אויסגעוואָיעט איר ניגון אויף יעדן פרישן בר־מינן, וואָס מען האָט געבראַכט... פאַרצי־טערט איז זי פלוצלונג געוואָרן, ווען זי האָט פון ווייטנס דערהערט מוזיק.

דאָס איז געווען דער קליינער טייל פון די קלעזמער, וואָס האָבן באַגלייט דעם חתן צו דער חופּה, איבער דער זאַמאָיסקע גאַס, דורכן שטאָט־גאָרטן, אויפן וועג צום בית־עולם. יאַבלאָנסקי האָט שיער נישט די פויק צעזעצט. יידן האָבן זיך אָנגענומען פאַר די גאַרטלען און געטאַנצט איבערן וועג. ווער ביחידות, טייל אין ראָד. הענט האָבן זיך פאַרלייגט אויף אַקסלען און מ׳האָט געטאַנצט דעם גאַנצן וועג. אַ לוויה האָט זיי אי־בערגעיאָגט, דורך אַן הינטער־גאַס, מיט אַזאַ געאיילעניש, אַז דער אויפ־געהויבענער שטויב האָט זיי אָפּגעטיילט פון דער חתונה מיט אַ וואָלקן, וואָס האָט פאַרווישט יעדן שפּור. מען האָט גאָרנישט געזען. נאָר אַ קינ־דיש געוויין האָט זיך געהערט פון ווייטנס, וואָס האָט געמאַכט גליווערן דאָס בלוט. אָבער יידן האָבן נישט געוויינט. מען האָט נישט געטאָרט די שמחה פאַרשטערן. נאָר דאָרטן אויפן בית־עולם האָבן אויגן געזען, ווי לעבן אַ פרישן קבר באַוויינען צוויי קליינע קינדער זייערע יונגע טאַטע־מאמע, זייער נישט־דערלעבט לעבן, און ביי וועמען האָט מען זיי איבערגעלאָזט? און אַ שפּאַן פון דאָרטן שפּילט מוזיק, יידן זענען זיך משמח. מען ווינטשט זיך מזל־טוב. מען טאַנצט און מען וויינט...

## 10

ס׳איז גאָרנישט געווען קיין מעגלעכע זאַך איבערצורייסן דעם לאסער־טאַנץ, וואָס איז יענעם פאַרנאַכט אויסגעפירט געוואָרן ביי ברכהלע האַל־פערן אין שטוב. צוויי און דרייסיק ווייבער, זעכצן פּאָרלעך, זענען דאָס געווען, נישט, חלילה, מענער מיט נשים. סאַמע ווייבער. נאָכדעם ווי די

פרויען זענען שוין מיד געוואָרן פון די פּאָלקעס און וואַלצען, בעת וואָס מען האָט זיך אײנער דער צווײטער געטראָטן אויף די פּיס, האָט ליבעלע רײזל־לאהס אַרײַנגעוואָרפן הערש־לײבן אַ פײַנע מטבע און באַפוילן צו שפּילן אַ לאַסער, וואָס איז אין יענער צײַט שטאַרק געווען אין דער מאָדע. אומדערפאַרענע מײדלעך האָבן זיך געטוליעט צו די עלטערע ווײַבלעך, וואָס קענען טאַנצן, כדי נישט פאַרשעמט צו ווערן. ווען מען דאַרף אַרויסטאַנצן אַ פיגור אַלײן, דאַרף מען וויסן ווי און פאַר וועמען זיך צו נײגן און צו מאַכן דעם קניקס און נישט צו פאַרמישן די פיגורן, וואָס גײען מיט אַ סדר. ליבעלע און רײזעלע נחס, בײדע רײכע שניט־קרעמערקעס, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר נאָענטע מחותנתטעס אויף דער חתונה, זענען אַרויס די ערשטע צום טאַקט פון דער מוזיק. נאָך זײ האָבן אײן פּאָרל נאָכן צווײטן אַרויסמאַרשירט צום טאַנץ.

ווײַבערישע היפטן האָבן זיך געבויגן, באַוועגט ריטמיש די קערפּערס. טריט בײַ טריט, ווי דערפאַרענע טענצער, האָט אַלע מאָל אַן אַנדערע כמו־דאמע געמאַכט אַ האַלבן קרײַז, אויסגעדרײט זיך אויף צוריק, אָנגעקומען צום צווײטן כמו־קאַוואַלער און געשלאָסן די רײען פון די מאַרשירנדיקע. אָנגעפירט מיט דעם טאַנץ האָט בײלטשע ווײַגדער־מאירס. יענע איז אַלע אירע יאָרן געווען אין וואַרשע, האָט גערעדט זײער שײן פּויליש. בײַזע צינגער האָבן געזאָגט, אַז זי האָט אַלע יאָרן געדינט אין רײכע הײַזער, דערפאַר פאַרמאָגט זי אַזאַ אײדעלע שפּראַך. דעם טאַנץ האָט זי אָנגע־פירט אויף חצי־פראַנצויזיש און חצי־פּויליש. — „אַ־נאָ־אַ!‟ — האָט זי טאַנצנדיק געקאָמאַנדעוועט. אַלע האָבן זיך פאַרנומען אויף רעכטס. מיט געמאָסטענע טריטעלעך, אײן פּאָרל הינטערן צווײטן, האָבן זײ אָפּמאַר־שירט אַ האַלבן קרײַז. בײלטשע האָט ווידער אויסגערופן: „אנאָ־ר־עי!‟ אַלע ווי אײנע האָבן זיך אויסגעדרײט ווי אַ בואי־בשלום און אָנגעהויבן מאַר־שירן מיט אומזיכערע טריט אויף לינקס, און נאַכהער צוריקגײן דעם האַלבן קרײַז. דאַן האָט זי שוין אויף איר שײנעם פּויליש אויסגעשריגן: „זע סוואָיאָן!‟

אַלע האָבן פרײַ אָפּגעאָטעמט. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס דאַרף יעדע זיך צוריקקערן צו דער ערשטער דאַמע. דער טאַנץ האָט זיך צע־פלאַקערט. בײלטשע האָט ערשט געהאַלטן בײַ דער צוועלפטער פיגור און

הערש־לייב האָט דערלאַנגט פּייער. ער קלאַפּט צו מיטן פּיסל צום טאַקט. דוכט, ער וואָלט גאָרנישט מיד געוואָרן אזוי צו שפּילן אייביק. און ווען דער טאַנץ איז אַריין אינעם העכסטן עקסטאַז, האָבן זיך די אונטערפירער־רינס אַריינגעריסן אין זאַל אַריין מיט אַ בהלה:

— שוין שפּעט! מען דאַרף גיין צו דער חופּה!

אַלע זענען געבליבן שטיין ווי פאַרטשאַדעטע. די מוזיק איז שטיל געוואָרן. די פריילעכקייט איז איבערגעשניטן געוואָרן, ווי מיט אַ שער. די שטומע האָט געמאַכט אַ „יעלה״. אַרויסגעמרוקעט איר אומהיימלעכן „מאַ־אַ־אַ״, גלייך ווי מען וואָלט איר די פריילעכקייט צעשטערט. ווידער איז אויסגעוואַקסן ייִדל גאָריעס ווייב און זי באַרויִקט. אָבער טרויעריק איז זי שוין געווען די גאַנצע צייט, וואָס מאיר־בדחן האָט זי באַזונגען. מ׳וואָלט געמעגט שווערן, אַז זי פאַרשטייט אים, דעם בדחן, מיט דעם געלן ציגן־בערדל, וואָס מאַכט זי אַזוי טרויעריק מיט זיינע גראַמען. מאיר־בדחן האָט זיך איצט אַזוי צעזאָגט, אַז אַ שטיין האָט ער געקענט רירן. ווייבער זענען איצט צעגאַנגען אין טרערן, ווען ער האָט זיי אָנגעהויבן דערמאָנען, ווו זיי געפינען זיך. ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקע יללה, אַפילו אַלטע ווייבער האָבן אויך געוויינט. הערש־לייב, וואָס פאַרשטייט זיך אויף אַזעלכע זאַכן, האָט דערלאַנגט מיט זיין פידעלע ביז דער טיפעניש פון דער נשמה. אויף קלעזמער־לשון רופט ער דאָס אָן: ביז אין דער זי־בעטער ריפּ... דער בדחן איז אַריין אין די פעדערן און ס׳איז אים גאָרנישט מעגלעך געווען אָפּצושטעלן. ווייבער האָבן אָנגעהויבן חלשן. ווער ווייסט ווי לאַנג ער וואָלט אַזוי געווען געפּלאָכטן זיינע גראַמען, ווען נישט דער שליח, וואָס איז ספּעציעל געקומען פון בית־עולם מיט אַ געוואַלד:

— ייִדן! — האָט ער געשריִען אָן אַן אָטעם, — ייִדן, ס׳ווערט שפּעט!..

די אונטערפירערינס האָבן גענומען די כלה. אַלע חתונה־געסט הינטער זיי. פאָרויס האָט געשפּילט די מוזיק ביז צום פאַרטויבט ווערן. אַלע גבאי־טעס און טוקערינס, וואָס האָבן זיך געפילט ווי די ריכטיקע מחותנתטעס, האָבן ווי אין אַ קנויל זיך צוזאַמענגעקניפּט און זיך ווידער צעפלאָכטן, טאַנצנדיק איבער דער גאַנצער ברייט פון דער זאַמאָיסקע גאַס.

איטשע יאַבלאָנסקי, דער פּויקער, וואָס איז צוריקגעקומען פון בית־עולם, כדי נאָך אַמאָל צו באַגלייטן דעם מאַרש פון דער כלה, האָט די פּויק

שיער נישט צעזעצט. איבער דער גאַנצער לענג פונעם טראָטואַר האָבן זעלנער און אָפיצירן זיך אָפּגעשטעלט, באַטראַכט דאָס בייז־ווונדער, אָבער געשטערט האָבן זיי נישט. די אבלים, וואָס זענען צוריקגעגאַנגען פון דער קבורה פון זייערע אייגענע, און די טרעגער, וואָס האָבן צוריקגעטראָגן די מיטה, האָט מען באַפוילן, אַז זיי זאָלן גיין דורך הינטער־וועגן, כדי נישט מצער זיין חתן־כלה און נישט פאַרשטערן די חתונה...

## 11

ווי אַ פייערדיקער רייטוואָגן האָט די זון זיך געקוילערט באַרג־אַראָפּ צו מערב. דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס אויפן פעלד האָט געבראַכט אַביסל היימלעכקייט אויף די מענטשן. ס׳האָט אָנגעהויבן פינצטער ווערן אויפן פעלד. דיביימער האָבן שלווהדיק געשאָרכט, אָנגעזאָגט מנוחה פאַר די מתים. אַ פויגל האָט אויסגעטרילערט זיין שירה פון ווייטן. ייִדן האָבן זיך דערמאָנט, אַז ס׳איז צייט צו דאַווענען מנחה. אַלע האָבן זיך געשטעלט דאַווענען מנחה בציבור. וועווע משה־יונהס, אַ גוטער בעל־תפילה, האָט זיך געשטעלט ביי אַ בוים און מיט זיין לייבן־קול, וואָס האָט אַן עכאָ צעטראָגן איבערן גאַנצן פעלד, אויסגעשריגן:

— יתגדל ויתקדש שמיה רבה...

אַלע האָבן געדאַוונט שטיל. טייל האָבן זיך געשאָקלט ווי דינע ווערבעס פון אַ שטורעם־ווינט. אייניקע זענען געשטאַנען האַרט אומבאַוועגלעך, ווי פאַרשטיינערט. מיט גרויס כוונה האָבן זיך ליפּן באַוועגט. אַ תפילה בלחש. ס׳האָט זיך געדאַכט, ווי די מתים וואָלטן צווישן זיך געשמועסט און די ביימער גיבן זיך עס איבער די סודות פון דעם מתים־געשפּרעך איינער דעם אַנדערן, אַזוי שטיל: ש־ש־ש... ס׳זאָל ווייטער ווי דעם פאַרקאַן נישט קומען...

אַ דערלייכטערונג האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט, ווען מען האָט פלוצים אין גרויס איילעניש געמוזט פאַרענדיקן מיט דער מנחה. ס׳האָט זיך דער־הערט דאָס טעמפּע זבענקען פון יאַבלאָנסקיס פויק, וואָס האָט אָנגעזאָגט: די כלה גייט!

מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צו שטופּן. יעדער האָט געוואָלט פאַר־כאַפּן אַ בעסער פּלאַץ. די אונטערפירער האָבן שנעל צוריקגעשטעלט דעם חתן אויף זיין אָרט, וואָס ער האָט פאַרלאָזט אין דער צייט פון מנחה. שוין אונטער דער חופּה האָט ער זיך די אויגן פאַרשטעלט מיט אַ ווייס טיכל, נאָר גנביש אַפּערגעקוקט אויף די מיידלעך, געפרעסן מיט זיין בליק די, וואָס ער האָט נאָר דערזען...

מיט אַ שווערן סקריפּ האָט זיך ברייט צעעפנט דאָס טויער פון בית־עולם. ס׳זענען אַריין די כלה מיט די אונטערפירערינס. ס׳האָבן זיך פונאַנ־דערגעטיילט צוויי רייען מענטשן. אינמיטן דורך דער מענטשן־אַלעע זענען זיי אַדורך ביז אונטער דער חופּה. און ווען דער רב האָט אויסגעשפּיגן ביי „עלינו״, האָט מען שוין די כלה געהאַט אַרומגעדרייט זיבן מאָל. דער רב האָט מסדר־קידושין געווען און דער חתן האָט נאָכגעזאָגט „הרי־את״, וואָרט ביי וואָרט.

שוין שטאָק אין דער נאַכט אַריין האָט די וואַך־געוואָרענע סאָווע אַרויסבאַגלייט די חתן־כלה פון איר קיניגרייך. זי האָט געפּאַטשט מיט די פליגל און אַרויסגעוואָיעט עפּעס אומפאַרשטענדלעכעס, וואָס האָט זיך יעדן שווער געלייגט אויפן געמיט. הערש לייבס קאַפּעלע האָט ערשט איצט באַ־וויזן וואָס זי קאָן. און ווי טרויעריק ס׳איז נישט געווען יעדן אויף דער נשמה, האָט דאָך דאָס אַנטקעגן־טאַנצן די חתן־כלה נישט אויפגעהערט דעם גאַנצן וועג. אַלע מאָל האָט אַן אַנדערע ייִדענע אַרויסגעכאַפּט דעם קוילעטש פון אַ צווייטערס האַנט און מיט אים געטאַנצט אַנטקעגן. פון דעם קוילעטש האָט אַרויסגעפּלאַקערט אַ פלאַם, ווי פון אַ שטורקאַץ (דאָס האָט פריידעלע די בעקערין דאָרט אַריינגעזעצט אַ שאָל פון אַ גאַדישאָווער איי, דאָס אָנ־געפילט מיט שפּירט...) און מיט דעם האָט מען עס געטאַנצט. פּיסלעך האָבן זיך געהאָצקעט הין און צוריק. די מוזיק און די טענץ האָבן די טרויעריקע הערצער פריילעך געמאַכט. די לבנה האָט זיך, אַ פאַרשעמטע, באַהאַלטן צווישן די וואָלקנס, ווי זי וואָלט אַנטלאָפן מיט דעם סוד, וואָס זי האָט זיך ערשט איצט דערוווּסט פון דער סאָוועס געוואָי. דער צייטיק־געוואָרענער רומיאַנעק האָט זיך צעעפנט און געפּלייצט מיט דופּט איבער די שטעגן און שטעגלעך, דורך וועלכע קבצנים האָבן זיך געאיילט וואָס גיכער צו

קומען צו די געגרייטע טישן, ווו פיש און געבראָטנס האָבן אויף זיי גע־וואַרט.

דער חתן האָט געדריקט אין קעשענע דעם גרויסן פּאַק מיט קראָנען, דעם נדן, וואָס שטאָט האָט אים געמוזט סילוקן נאָך פּאַר דער חתונה. מונטער האָט ער געשפּרייזט לעבן זיין באַשערטער און אין זיין מוח איז שוין געווען פּאַרטיק זיין פּלאַן, וואָס נאָר די סאָווע האָט אים געוווּסט... זי האָט דאָס פיל מאָל דערציילט און איבערגעחזרט מיט איר סאָווישער שפּראַך, נאָר קיינער האָט זי נישט פאַרשטאַנען... אין יענער נאַכט, ווען די סאָווע האָט די אויגן געעפנט, האָט זי גענומען אַרומקרייזן איבערן בית־עולם, געפּאַטשט מיט די פליגל און אויסגעוואָיעט דאָס איינציקע וואָרט:

— ע־ג־ו־נ־ה — — —

## 12

ווען די שטומע איז נאָך געשלאָפן ווי אַ דערהרגעטע פון תענית און אין צעפּייניקטן גליקלעכן חלום פון אַ פאַרזעסענער מויד, האָבן די הינט אין שטעטל זיך צעבילט. דאָס געבילעריי איז נישט געווען פון דער צוויי־טער אשמורה. דאָס האָט זיך דער שטאָט־אידעם געשאַרט ווי אַ גנב, דורך סטאָדאָלעס און הינטער־געסלעך אויפן בילגאָרייער וועג אַרויס...

ער האָט זיך אויפגעהויבן, ווען ס׳איז נאָך געווען גוט פינצטער, גוט זיך אויסגעהוסט, געזוקט מיטן טיש, אָנגעמאַכט אַ רעש אין שטוב. ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז זיין ווייב שלאָפט, האָט ער אין דער פינצטער צונויפגענומען זיינע מלבושים, די זיידענע אונטער־וועש, וואָס גבירים האָבן אים געגעבן דרשה־געשאַנק. דאָס אַלץ האָט ער פאַרבונדן אין אַ פלאַכטע. די שיך פאַרוואָרפן אויפן אַקסל און ווי אַ גנב איז ער אַרויס פון שטוב.

די שטאָט האָט צומאָרגנס צעשיקט שליחים אויף אַלע וועגן. מען האָט געזוכט אין אַלע אַרומיקע דערפער, אָבער מען האָט פון שטאָט־אידעם קיין שפור נישט געפונען. ער איז פאַרלוירן געגאַנגען, ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין...

# זכות אבות

## 1

נאָך סוכות האָבן זיך יאַנאָווער ייִדן געגרייט מקבל־פּנים זיין דעם האַרבסט, וואָס האָט מיט זיינע טריבע רעגנס און פוילע קעלטן געטריבן ייִדן אין די דערפער. דאָרט האָבן ייִדן געניִשטערט אין פויערישע שייערן, געזוכט ווו מען קען קויפן עטלעכע קאָרץ ווייץ, אַ ביסל האָבער, אַ יאַ־לעווקע צום שעכטן. ייִדן דערשמעקן אין די שפּייכלערס אַ זעקל ציבעלעס, אַ שאָק קרויט און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס דער פויער פלעגט גערן פאַר־קויפן, כדי מיט דעם געלט צו קומען דאָנערשטיק אין שטאָט אַריין אויפן יאריד און איינקויפן פון אַלעם גוטן אויפן ווינטער: פעלצן, שטיוול און כאדאקעס. פאַרנאַכט־צו איז ער אַהיימגעפאָרן שיכור מיט אַ פלעשל „יעשטשע־ראַז" אין קעשענע...

יעדער איז דעמאָלט געווען באַשעפטיקט. די פויערים האָבן באַהאַלטן דאָס ווינטער־אויבסט אין די קעלערן פון די דאָרפישע הויפן, גוט אַרומ־געדעקט מיט שטרוי, אַז קיין פראָסט זאָל זיי נישט דורכנעמען.

אין שטאָט האָט זיך די שוואַרצע קיילע געגרייט צו די גרויסע יאַרי־דים, ווען זי וועט אָפּלייזן דעם סטאָק שיך, וואָס זי האָט אָנגעגרייט אַ גאַנצן זומער... מאיר דאַבעס, אַ געגריוועטער שוסטער, וואָס איז געווען אַזוי פרום, אַז נאָך יעדן פּאָר קליינע שיכעלעך, וואָס ער פלעגט מאַכן, האָט ער זיך טובל געווען, האָט שוין אויך געהאַט פולע שענק מיט פאַר־טיקע שיך, וואָס האָבן שוין געוואַרט אויפן האַרבסט פאַרקויפט צו ווערן.

ביי נעכעלע פלאק אין אַלקער זענען געווען אָנגעלייגט פויערישע קורט־קעס און שפּענצערס ביזן סופיט. מיט איין וואָרט, דאָס איז געווען די בעס־טע צייט פון יאָר. ייִדן זענען געגאנגען אין דאָרף אַריין און פויערים זענען געקומען אין שטאָט אַריין. די לופט איז געווען אָנגעפּולט מיט שפּע און מסחר. נחום־גוי פלעגט דאַן זאָגן: „ייִדן! ס'שניידט זיך אַ יעשען"...

## 2

אַן אַנדער שטימונג האָט אָבער געהערשט אין אונדזער שטעטל יאַנאָוו. אין דעם האַרבסט, וואָס איך וויל באַשרייבן.

אין שטאָט האָבן זיך פּלוצים באַוויזן עטלעכע פּוילישע אָפיצירלעך מיט האַלערסקע 1) היטלען, מיטן פאַרריסענעם פּוילישן אָדלער. עס האָט אַלץ אויף זיי געגלאנצט פון נייקייט פון דער פּריש־געבאַקענער פּוילישער אַרמיי. דאָס זענען געווען מיליטערישע דאָקטוירים, געשיקט פון לובלין צו דער היי־יעריקער קאָמיסיע. זיי האָבן דאָס געדאַרפט זיין די אָפּקלויבער פון היי־יעריקן פּריזיוו. נאָך דער מסירה פון פאַראַיאָרן, ווען אַלע רייכע זינדלעך זענען באַפרייט געוואָרן פון מיליטער, האָט מען דאָס יאָר געשיקט פון דער גובערניע אָט די יונגע דאָקטוירים „פּאַטריאָטן". מיט זייער „פּאַ־טריאָטישן" אייפער האָבן זיי באַדאַרפט אויסקלויבן, ווער ס'טויג פאַר אַ זעלנער און ווער נישט. דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָרן פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט, ווען די „האַלערטשיקעס" האָבן געשניטן ייִדישע בערד און געוואָרפן ייִדן פון די לויפנדיקע באַנען. באַזונדערס אין די קליינע שטעטלעך זענען ייִדן געווען הפקר. דעם חודש ווען אין אונדזער פּאָוויאַט־שטעטל יאַנאָוו איז פאָרגעקומען דער פּריזיוו, האָבן ייִדן געלעבט אין שרעק, ווייל די פויערישע רעקרוטן פון די אַרומיקע דערפער האָבן גע־ווּסט, אַז די פּאָליציי וועט זיי מיט גאָרנישט באַשטראָפן אויב זיי וועלן זיך אַביסל פריילעך מאַכן איבער ייִדישע קעפּ. די זעלבע פּאָליציי, וואָס האָט אַזוי שנעל געפונען אַביסל מיסט פאַר אַ ייִדישער שטוב און אויפן אָרט באַשטראָפט מיט אַרעסט, האָבן אָבער קיינמאָל נישט געזען, ווי די

1) האַלער — אַן אַנטיסעמיטישער גענעראַל אין יענער צייט.

„כלאָפּצעס" ראַבירן ייִדישע געשעפטן און מאַכן זיך פריילעך איבער ייִדן... דערפאַר האָבן שוין ייִדן אַליין געוווסט פון וועלכן דאָרף זענען די שקצים די גרעסטע באַנדיטן און מען האָט זיך פאַר זיי אויסגעהיטן. אַז ייִדן זענען געוואָר געוואָרן דעם טאָג ווען די אַרזשענדאַווער אָדער ווילקאָ־לאַזער שקצים דאַרפן זיך שטעלן צום פּריזיוו (זיי זענען געווען די גרעס־טע באַנדיטן), האָט זיך שוין קיין ייִד יענעם טאָג נישט געוויזן אין גאַס. דעמאָלט האָבן שוין אַפילו ייִדישע ייִנגלעך פון דעם זעלבן יאָר־גאַנג, — הגם די זעלבע „יחסנים" — אויך אויסגעמיטן די גאַס. זיי האָבן זיך שוין אין די נעכט געצערט ביחידות, מיט ווינציקער טומל, ווי ס'איז געווען דאַן אַ מנהג. אין יעדער שטאָט און שטעטל האָבן זיך ייִדישע יונגעלייט געצערט פאַרן פּריזיוו, גאַנצע נעכט וואַך געווען אין בית המדרש, גע־ראַנגלט זיך מיטן שלאָף, וואָס פלעגט באַפאַלן, געפּייניקט זיך מיט הונ־גער, אַבי אויסצומיידן דאָס פּוילישע מיליטער, וואָס איז געווען צעפרעסן פון ייִדן־האַס. סיי די וואָס האָבן געהאַט חסרונות, סיי די, וואָס האָבן זיך געמאַכט אַ חסרון — אַלע האָבן זיך געצערט. ווייל דאָס צערן זיך איז גע־ווען אַ סגולה, מען זאָל נישט דערקענען, אַז דער חסרון איז אַ געמאַכ־טער...

און „מאכער" זענען ביי אונדז אין שטאָט געווען אַלערליי. „פּעלער־מאַכער" איז ביי אונדז געווען אַ באַזונדערע פּרנסה, וואָס איר הויפּט־סעזאָן איז געווען עטלעכע חדשים פאַרן פּריזיוו. איינער איז געווען א ספּעציאַליסט אויף אָפּצוהאַקן פינגער; אַ צווייטער האָט געוווסט ווי אַזוי צו מאכן געבריכט; אַ דריטער האָט געקאָנט מאַכן אַ שלעכט אויער. אַ מומחה צו מאכן אַן אויער איז געווען לייבעלע רופא. ביי אים אין אַלקער איז געשטאַנען אַ ברייטער שטול מיט אַ ווייכן אָנלען, וואָס האָט אים גע־דינט אויף צו רייסן ציין, אויף צו שטעלן באַנקעס, האַקן אַן אָדער. אויף דעם שטול האָט ער אויך די פּויערים געשטעלט פּיאַווקעס. דער פּויער האָט זיך צעשפּרייט און לייבעלע האָט אויף אים אָנגעשטעלט די חיהלעך, וואָס האָבן רויִק געזויגן דאָס פּויערישע בלוט, ביז זיי האָבן זיך אַזוי אָנגעג־זויפּט, אַז זיי האָבן זיך שוין נישט געקאָנט האַלטן אויפן פּויערישן לייב און זענען אַליין אַראָפּגעפאַלן. סיי לייבעלע און סיי דער פּויער האָבן דער־פון געהאַט די רפואה.

דער שטול האָט אויך געדינט אויף מאַכן אויער־פּעלערן. אין די טריבע האַרבסט־נעכט, עטלעכע וואָכן פאַרן פּריזיוו, פלעגט דאָרטן לײַבעלע נאַכט נאָך נאַכט פאַרשליסן דעם אַלקער, אַרויסדרייען דעם גרויסן בליך־לאָמפּ, וואָס איז געהאַנגען איבערן שטול. דער קרבן האָט זיך געזעצט אויפן שטול ווי אויף אַן עשאַפאָט, אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ מיטן אויער אויף איין זײַט. לײַבעלע האָט דעם קאָפּ צוגעשטײַפט מיט אַ רימען צו דעם שטול, אַזוי אַז דאָס צווייטע אויער איז אויסגעקומען ווי אָנגעגרייט, אײַנצוזאַפּן אין זיך די וויטריאָל־פליסיקייט, וואָס לײַבעלע האָט אינעווייניק אַרײַנגעגאָסן, ציילנדיק: „איינס, צוויי, דריי". נאָכן דריטן טראָפּן, וואָס דער רופא, האָט דאָרט אַרײַנגעגאָסן, האָט דאָס הייטל פון אויער געפּלאַצט. אַן איבערמענטשלעכער ווײ־געשריי האָט אָנגעפילט די שטילקייט פונעם אַלקער. אַ פּאַרע, ווי פון אַ זודיק קעסל האָט געזעצט פון דעם אויער. דער רימען איז דאַן לויז געוואָרן און לײַבעלע האָט אויסגעגלײַכט דעם פאַרחלשטן קאָפּ. עטלעכע חלשות־טראָפּנס האָבן דעם פּאַציענט אָפּגעמינטערט און דער קרבן, וואָס פלעגט אָנהויבן קומען צו זיך, האָט דערפילט לײַבעלעס פינגער, וואָס האָבן געקוועטשט זײַן נאָז אַזוי, אַז ס'האָט אים אָטעם פאַרפעלט. לײַבעלע האָט דאַן באַפוילן: „שנייץ"! ס'האָט דערמאָלט אַ שפּײַ געטון דורכן אויער זײַן גאַנצער אָטעם צוזאַמען מיטן אומריינקייט, מיטן בלוט און אייטער, און דאָס אַלץ האָט באַגלייט אַ שטילער פּייף, וואָס האָט געמיינט, אַז דער חסרון איז געלונגען...

ווײ איז אָבער געווען צו דעם, ביי וועמען די דאָקטוירים האָבן זיך געכאַפּט, אַז דער חסרון איז אַ געמאַכטער. פאַר אַזאַ מעשה האָט מען מיאוס אָפּגעשניטן. מען האָט אַזעלכן אָפּגעשיקט קיין לובלין. דאָרטן איז ער אָפּגעזעסן עטלעכע חדשים אין טורמע און שפּעטער האָט ער אָפּגעדינט די גאַנצע צייט ביי די שווערסטע באַדינגונגען.

אַז ייִדן האָבן זיך אַרומגעזען, אַז אַן אויער איז שוין מער נישט זיכער, האָט מען זיך אָנגעהויבן צו מאַכן קילעס. די מעלה פון דעם דאָזיקן חסרון איז געווען, וואָס צו מאַכן זיך אַ שבר האָט נישט באַדאַרפט קאָסטן קיין געלט. מיט דעם איז יאַנאָוו געווען געבענטשט פון דער נאַטור. הינטער דער שטאָט אויפן פּראַמפּאַלער וועג, ווו ס'האָבן זיך געצויגן מיעשטשאַנסקע פעלדער ביזן בילגאַרייער וואַלד, האָט מיט אַ סך יאָרן צוריק זיך

געשלענגלט אַ טייכל. מען האָט נישט געוווּסט פון וואַנען דאָס טייכל איז געקומען, אָבער געצויגן האָט עס זיך העט ווייט ביז די אַבראַוועקער זומפּן. מיט דער צייט איז דאָס טייכל אויסגעטריקנט געוואָרן און אויף זיין אָרט איז געבליבן אַ טיפער בלאָטיקער זומפּ, וואָס האָט נישט געוואָלט זיך אויסטריקענען. ווען מען האָט גענומען לייגן דעם וועג קיין פּראַמפּאַל, האָבן אינזשיניערן געלאָזט בויען איבערן טאָל אַ בריק פון שטיינער און צעמענט. יאַנאָוו איז צו אַזעלכע בריקן נישט געווען געוווינט, האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן „די געמויערטע בריק". אָט פון דער דאָזיקער בריק זענען יונגעלייט, וואָס האָבן זיך געוואָלט מאַכן געבריכט, געשפּרונגען זייער לייכט אין טאָל אריין. קיין סכנה געהרגעט צו ווערן אָדער זיך אויסברעכן אַ פוס איז נישט געווען, ווייל די בלאָטע האָט דאָרט געגרייכט ביזן גאַרטל. דערפאַר אָבער איז דעם פלינקסטן יונגנמאַן נאָך דריי מאָל שפּרינגען אַרויס דאָס אונטערלייב. אָפּגעלעגן איז אַזאַ איינער מיט יסורים אין בעט ביזן פּריזיוו. דאָס אונטערלייב איז אים ביסלעכווייז צוריק אריין. דערפאַר האָט שוין געזאָרגט זיין געזונטער קערפּער, אָבער ביים שבר איז ער שוין געבליבן זיין גאַנץ לעבן. דעריבער איז די באַפרייונג געווען אַ זיכערע און ווער האָט דאָס נישט געוואָלט באַפרייט ווערן פון דעם אַנטי־סעמיטישן פּוילישן מיליטער?...

געווען זענען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן נישט באַדאַרפט קיין פעלערן. דאָס זענען געווען בית־מדרשניקעס. אויסגעדאַרטע, הויט און ביינער. טייל האָבן געהאַט פרויען מיט עטלעכע קינדער, און ווי „פאַמיליע־שפּיי־זער" זענען זיי באַפרייט געוואָרן; כאָטש, אדרבה, אַזאַ איינעם האָט נאָך זיין פרוי געמוזט שפּייזן... זי איז גאָר געווען די גאַנצע פּרנסה־געבעריך, ווייל ער, איר מאַן, איז געזעסן און געלערנט...

## 3

פיר וואָכן פאַרן פּריזיוו איז דער בית־מדרש יעדע נאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קרעטשמע. די פּריזיוו־לייט האָבן איבערגעקערט די בענק און פון זיי געמאַכט קאַרוזעלן. אַרבעטער האָבן דאָרטן דורך די נעכט פון

וואַך־זײַן געזונגען לידער. װוּילע יונגען האָבן געשפּילט אין „פּעטשעלעך“, געגעסן הערינג און געטרונקען בראָנפן. װוּיל־לערנער האָבן זיך אָנגע־פּילט די קעשענעס מיט באַני־קערן, האָבן געלערנט און געקנאַקט באַני־קערן און אויסגעשפּיגן די שאָלן איבערן גאַנצן בית־מדרש. קלוגע ייִדן האָבן געזאָגט, אַז באַני־קערן זענען אַ סגולה צום אָפּצערן זיך. מיט נישט דערשלאָפענע, רויטע אויגן און אויסגעטריקנטע גומענס האָבן די בחורים געצויגן דעם גמרא־ניגון, װעלכער האָט זיך צעגאָסן אין דער נאַכט און האָט זיך שווער געלייגט איבערן שטעטל אין די טריבע פּוילישע האַרבסט־נעכט.

4

יאָסעלע פאַרך, נעכעלע פלאָקס אַ זון, איז אויך געװען צװישן די בחורים װוּיל־לערנער, װאָס האָבן זיך דאָס יאָר געדאַרפט שטעלן צום פּריזיװ. הויך און ברייט, האָט ער פאַרמאָגט אַ פּאָר גרויסע אומגעלומפּער־טע הענט, װאָס האָבן גיכער געפּאַסט צו הובליעװען אַ ברעט, װי צו האַלטן אַ ספר אין זיי. זײַן פאָטער, כעמיע, איז געװען אַ טאַנדעטער, האָט גענייט פּויערישע קורטקעס און שפּענצערס. זײַן מוטער, נעכעלע פלאָק, װי מען האָט זי גערופן, האָט די פאַרטיקע סחורה אַרויסגעפירט אויף די יאַרידים צו פאַרקויפן. געװען איז זי אַן אשת־חיל, אַ גאַנצע סוחרטע, פּונקט דער היפּוך פון איר מאַן, װאָס איז געװען אַ בעל־מלאכה, אַ שטילינקער, װאָס האָט נישט געקאָנט הויך רעדן. גאַנצע טעג איז ער געזעסן ביי דער מאַשין און גענייט, אונטערברומענדיק אַ ניגונדל, װאָס מען האָט קוים געהערט. אייביק האָט ער געקייט אַ פאָדים, װאָס האָט זיך אים געבאָמבלט אויף דער שװאַרצער באָרד. ס׳פלעגן פאַרבייגיין טעג, װאָס ער האָט קיין װאָרט נישט אויסגערעדט. לצים האָבן געזאָגט, אַז דאָס האָט זי, נעכעלע, אים פאַרמאַכט ס׳מויל. דערפאַר האָט זי שוין גערעדט פאַר פייער און פאַר װאַסער. און אַ קאָפּ האָט זי געהאַט פאַר צען מאַנצביל. זי האָט געװוּסט װאָס צו קויפן. און געקויפט האָט זי תמיד ביליקער פאַר אַ צװייטן, װייל דער הורטאָװניק איז פון איר דול געװאָרן און כדי זי אָפּצופּטרן האָט ער איר פאַרקויפט פאַר יעדן פּרייז. און צום פאַרקויפן האָט קיין מאַנצביל זיך

מיט איר נישט געקענט פאַרגלייכן. אַז זי האָט דעם קונה נישט געקענט איינבייסן נישט מיט דער סחורה און נישט מיט דעם פּרייז, האָט זי אים פאַרמאַטערט מיט די רייד. דאָס מויל האָט זיך ביי איר קיינמאָל נישט פאַרמאַכט. און אַ רכילות האָט זי ליב געהאַט, ס׳לעבן. ווי איז געווען צו דעם וואָס איז אַריינגעפאַלן צו איר אין מויל אַריין. שכנים האָבן זיך פאַר איר געהיטן ווי פאַר פייער. זי האָט חלילה קיינעם קיין שלעכטס נישט געטון, נאָר ס׳חיות איז ביי איר אויסגעגאַנגען נאָך עפּעס אַ פּליאָטקעלע. אַז זי פלעגט באַגעגענען אַ שכנה, איז כאָטש זי האָט זיך געאײַלט, ווייל בעמיע האָט זיך געוואַשן און זי טראָגט ס׳ברויט פון בעקער, אָבער מיט אַ בלויזן גוט־מאָרגן פלעגט זי נישט אָפּקומען. זי מוז זיך מיט יענער אָפּשטעלן און כאָטש יענע איילט זיך נאָך מער פאַר איר, האַלט זי נעכעלע צו ביים קלייד און נעמט מאַלן מיטן מויל. פון וואָס? דאָס איז שוין נישט קיין חילוק, ס׳קומט שוין אונטער. מען רעדט פון דעם, פון יענעם. בעתן ריידן פאַררוקט זיך איר דאָס שייטל אויף הינטן. ציט זי מיט איין האַנט צוריק דאָס שייטל און מיט דער צווייטער האַלט זי צו די שכנה, וואָס האָט זיך געאײַלט און זיך געהיטן פאַר נעכעלען מיט אַ וואָרט, וויסנדיק, אַז זי וועט פון דעם מאַכן צען...

קיין מיאוסע פרוי איז זי נישט געווען. נאָר לצים דערציילן, אַז זי האָט ליב צו טרינקען הבדלה־וויין און דעריבער איז איר געוואַקסן אַ גאַנץ נישקשהדיק בערדל, וואָס אַלע שבת פאַר ליכט־צינדן האָט זי עס צוגעשוירן... אָבער אויך דאָס האָט איר צוגעגעבן אשת־חילדיקייט. אויף די יאַרידים, ווו זי האָט פאַרקויפט די סחורה, האָט מען נאָר איר קול געהערט און ווי איז געווען צו יענעם טאַנדעטער, וואָס האָט איר אַ קונה צוגענומען. ער האָט זיך שוין פון איר נישט געקענט אויסקויפן. זי האָט דעם גרעסטן פויער פאַרקויפט דעם קלענסטן נומער קורטקע. זי האָט אים אַזוי געדרייט, געצויגן אַהין און אַהער, ביז זי האָט אים איבערגעצייגט, אַז די קורטקע איז אויף אים ווי אָנגעמאָסטן.

— דו וועסט זען — פלעגט זי זאָגן צום קונה — צען יאָר וועט דיר די קורטקע דינען...

און אויף יידיש האָט זי שטיל צוגעגעבן:

— אַז דו וועסט ליגן אין בעט און דאָס מלבוש וועט הענגען אויף דער וואַנט...

ווי איר זעט, איז נעכעלע געווען אַ ייִדענע אַ איינרייסערין. אין די גרעסטע פרעסט איז זי אויפגעשטאַנען באַגינען און געפאָרן אויף יארידים. זי האָט יעדן טאָג געהאַט אַן אַנדער יאריד. גערוט האָט זי נאָר שבת און יום־טוב. שווער און ביטער האָט זי געהאָרעוועט און אַלץ פאַר איר אויסגע־וויינטן קדיש — יאָסעלע, בכדי ס׳זאָל אים חלילה גאָרנישט פעלן. בכדי ער זאָל קאָנען טאָג און נאַכט לערנען תורה, מוז זי פאַר אים צוגרייטן עולם הזה; עולם־הבא וועט ער פאַר איר אָנגרייטן. זי האָט געוווּסט, אַז איר זון גרייט פאַר איר אַ שטול אין גן־עדן...

ס׳האָט זיך אָנגערוקט די צייט און יאָסעלע האָט זיך געדארפט שטעלן צום פּריזיוו. זיין מוטער איז אויסגעווען ביי אַלע „גוטע ייִדן“, קברים איינ־געריסן און ביי גאָט געבעטן, אַז איר זון זאָל ניצול ווערן פון גוייִשע הענט. קיין חסרון האָט זי אים נישט געוואָלט מאַכן. ווייל ווי האָט זי ביי זיך גע־קאָנט פועלן צו מאַכן איר זון פאַר אַ בעל־מום? איר אָרעמען, אויסגעוויינטן יאָסעלען? אַז ס׳האָבן זיך ביי איר, נישט פאַר קיין שום ייִדן געדאַכט, שיינע עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה נישט געהאַלטן קיין קינדער. ביז דער אויי־בערשטער האָט איר געהאָלפן און זי האָט מיט דער ברכה פון טארבינער רבין געבוירן אַ זון (זי האָט דעם רבין באַצאָלט 52 רובל כמנין בן) און נאָך וואָס פאַראַ זון! איר זון וואקסט אַ בן־תורה. און ער איז טאַקע קיין עין־הרע געוואַקסן, ווי אויף הייוון. אַ קמיע איז ביי אים אייביק געהאַנגען אויפן האַלדז, וואָס האָט אים אָפּגעהיטן פון אַלדאָס בייז. „גוטע ייִדן“ האָבן איר אָנגעזאָגט, ווען ער איז אַ פּיצל קינד געווען, אַז מען זאָל אים נישט צופיל וואַשן. פון באָדן איז דאָך אָפּגערעדט. אויסהיטן אים פאַר אַ קיל לופטל און פאַר אַ בייז אויג. טאַטע־מאַמע האָבן אַלץ געטון, אים אָפּצוהיטן ווי די „גוטע ייִדן“ האָבן געראַטן. נעכעלע האָט אַמאָל אָפּגעריסן אַ צוויט פון הערש מאַצקיס אַטלעסענער קאַפּאָטע און עס פאַרברענט איבער יאָ־סעלעס קעפּל, ווייל ס׳האָט זיך איר געדאַכט, אַז יענער האָט איר קינד אַן עין־הרע געגעבן. זיסעלע דעם מלמד האָט זי געצאָלט וואָכן־געלט פאַר עין־הרעס, וואָס ער האָט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק אָפּגעשפּראָכן איר קינד.

יאָסעלע פלעגט זיך אַלע מאָל פאַרדאַרבן פון די נאַשערייען און זיסע קיכעלעך, וואָס די שניידער־מיידלעך, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט, האָבן אים געבראַכט. דאָס האָט אים פאַרשטאָפּט דעם מאָגן, פלעגט ער אַלע מאָל באַקומען היץ. האָט מען אָפט ביינאַכט געמוזט אָנקלאַפּן צו זיסעלע מלמד, ער זאָל דעם קינד אָן עין־הרע אָפּשפּרעכן. געזונט האָט אים אָבער געמאַכט אַ ביסל ריצנאייל, וואָס האָט זיין מאָגן אויסגערייניקט. אָבער אַ שלעכטער ריח צוליב זיינע פאַרפוילטע ציין און צוליב די אָפטע מאָגן־פאַרשטאָפּונגען האָט זיך שטענדיק געשפּירט פון זיין מויל. זיינע יאַסלעס זענען געווען באַזעצט מיט צוויי שורות שוואַרצע דורכגעפוילטע ציין און — וווּנדער איבער וווּנדער — זיי האָבן אים קיינמאָל נישט וויי־געטון. כמעט אַלע ציין זענען ביי אים געווען איבערגעבראָכן, אָבער די וואָרצלען זענען געבליבן פעסט איינגעוואַקסן אין די יאַסלעס.

מיט נאָך אַ מעלה איז ער געווען געבענטשט: אַ גראָבער שווערער קאָלטון האָט זיך אים פאַרפּלאָנטערט אויפן קעפּל פון די נישט צעקעמטע האָר, וואָס האָט אזוי נאָכגעהאַנגען ביז ער איז אַלט געוואָרן צען יאָר. אָפּ־שערן דעם קאָלטון איז געווען אַ סכנה, ווייל ווייבער ווייסן צו דערציילן פון אַ פאַל, ווען מען האָט אָפּגעשוירן אַ קאָלטון ביי אַ קינד, איז עס בלינד געוואָרן. און געזאָגט האָט מען אויך, אַז אַ קאָלטון איז אַ סגולה פאַר לאַנג לעבן. האָט טאַקע יאָסעלע געקראַצט זיין קעפּל, ביז צו צען יאָר און ווען די קריכנדיקע חיהלעך האָבן שוין געהאַט אָפּגעפרעסן אַלע זיינע האָר ביזן וואָרצל, דעמאָלט איז דער קאָלטון אַראָפּגעפאַלן פון זיך אַליין (פּונקט ווי דער רבי האָט פאָרגעזאָגט). נאָר דער קאָפּ איז ביי אים געבליבן גלאַטיק, אָן שום צייכן פון האָר. אַ פּעטקייט האָט תמיד פון קאָפּ אַרויסגעטריפט, ווי ס׳וואָלט אין אים געווען אַן אייל־קוואַל. עטלעכע שוואַרץ־ווייסע האָר זענען אים אָנגעוואַקסן הינטן ביים האַלדז־גריבל, אין וועלכן ס׳זענען געווען אַריינגעוואַקסן באַשעפעניש נישט קיין לעבעדיקע, אָבער אויך נישט קיין טויטע. ווייבער רופן דאָס אַן „ניס״. דאָס אַרויסצורייסן פון זיינע האָר איז געווען אוממעגלעך, ווייל דאָס האָט געמיינט אים אויסרייסן די עטלעכע האָר, וואָס זענען אים נאָך פאַרבליבן אַרום זיין קאָפּ. ווי אַ ווידערוווּקס אַרום אַן אויסגעקאָשעטער לאנקע אַזוי האָבן אויסגעזען די פּאָר הערלעך. ער האָט זיי געהאַלטן ווי אַן אבן־טוב, ווייל מיטן היטל, וואָס ער האָט

פאַרדעקט זיין קאָפּ ביזן האַלדז־גריבל, ווו די עטלעכע האָר זענען גע־וואַקסן, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער פאַרשטעלט דערמיט זיין „קרוין“, מיט וועלכער ער האָט זיך זייער געשעמט. דעריבער האָט ער די עטלעכע האָט זיך נישט געלאָזט אָפּשערן. זאָל זיין מיט „ביס“ — אַבי נישט אָנזען דעם פּאַרך.

די מוטער פלעגט אים אויסריידן זיין צער:

— אַזעלכע קעפּ ווי ביי דיר, מיין זון, געפינען זיך נאָר ביי מיניס־טאָרן.

יאָסעלע האָט פאַרמאָגט אַ וועלט מיט כיטרעקייטן און איינפאלן. אויף אויסצובאַהאַלטן זיין ליסן קאָפּ. אַפילו וואָלף דעם היטל־מאַכער, פאַר וועלכן ס׳איז נישט מעגלעך געוועזן אויסצובאַהאלטן קיין פּאַרך — האָט יאָסעלע איבערגעכיטרעוועט. ערב־יום־טוב איז ער געקומען צו וואָלפן קויפן אַ היטל. האָט אים וואָלף דערלאנגט אַ היטל זיין מאָס; אָבער ער מוז דאָך דאָס היטל אָנמעסטן; ער מוז דאָך אַראָפּנעמען דאָס אַלטע, און דאָ שטייט וואָלף און קוקט. פאַלט יאָסעלע אויף אַן המצאה:

— גיט מיר יענץ — ווייזט ער וואָלפן אויף אַ צווייט היטל. אַז וואָלף דרייט אויס דעם קאָפּ, נוצט ער אויס די רגע און טראָגט שוין דאָס נייע היטל אויפן קאָפּ... ס׳איז טאַקע געווען זיין ריכטיקע מאָס. ער וועט עס קויפן. אָבער ווי אזוי נעמט מען איצט אַראָפּ דאָס נייע היטל, אַז וואָלף זאָל נישט זען? מאַכט ער ווידער די זעלבע קונץ און הייסט זיך געבן אַ צווייט היטל. ווען וואָלף דרייט אויס דעם קאָפּ, האָט שוין יאָסעלע דאָס אַלטע היטל צוריק אויף זיין קאָפּ. אַזוי אַרום האָט אַפילו דער היטל־מאַכער נישט געקאָנט זען זיין ליסן קאָפּ, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַזוי פיל צער.

5

די לעצטע נאַכט פאַרן פריזיוו האָט זיך אָנגערופן „די וואַך־נאַכט“. נאָך מנחה־מעריב איז דער בית־מדרש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יאַריד. אַלע אָן אויסנאַם יונגען, וואָס האָבן זיך צומאָרגנס באַדאַרפט שטעלן פאַר דער קאָמיסיע, האָבן די לעצטע נאַכט געמוזט קומען אין בית־מדרש אַריין.

געווען רייכע זינדלעך, וואָס זייערע טאַטעס האָבן „געשמירט" פון אַלע זייטן און זיי האָבן די באַפרייאונג געהאַט ווי אין קעשענע. אויב יענע האָבן געוואָלט שלאָפן רויִק אין דער היים, האָבן זיי זיך געמוזט אויס־קויפן. ס'זענען געווען עטלעכע יונגען, וואָס חברה האָט זיי אויסגעקליבן פאַר ריכטער, וועלכע האָבן באַשטימט דעם פּרייז פון אויסלייז־געלט. מלך אייבעשיץ האָט געמוזט ברענגען פון פייגע בריינדעלען עטלעכע געבראָ־טענע גענדזלעך און עטלעכע פלאַש בראָנפן פון זיין פאָטערס שענק. דאַן האָט ער געקאָנט רויִק אַהיימגיין שלאָפן. ווײַ איז געווען צו דעם, וואָס האָט נישט געוואָלט צאָלן קיין אויסליִיז־געלט. פון אַלע זייטן האָט מען אים באָמבאַרדירט דעם דאַך מיט שטיינער. חברה האָט ביי פעשע־פאליקס פון דער ביר־שענק דאָס בית־הכסא צעלייגט, ווייל זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַצאָלן אויסלייז־געלט פאַר איר זון יאַנקל, וואָס האָט געוואָלט שלאָפן אין דער היים ווי אַ פּריץ. פריידעלע די בעקערין האָט געשיקט ברויט. זי האָט מורא געהאַט מען זאָל איר דעם לאָדן נישט אַראָפּנעמען. יודל ראַדזי־נער האָט געשיקט הערינג. אַפילו ברוך חיה־בלומעס, אַ וויסטער אָרימאַן מיט פיצלעך קינדער, וואָס האָבן זיך געהויבן איינס איבערן צווייטן ווי טרעפּ, האָט אויך געמוזט שיקן אין בית־המדרש זויערע אוגערקעס. און חברה האָט די וואַך־נאַכט געפּראַוועט אַן אמתע „סעודת מצוה".

פאַרטיק געוואָרן מיטן עסן, האָט זיך אָנגעהויבן די שפּיל, כדי נאָך דער זאַטער וועטשערע נישט איינצושלאָפן. פראָסטע יונגען האָבן געשפּילט אין „פּעטשעלעך". באַוווסטזיניקע אַרבעטער־יִנגלעך האָבן געזונגען לי־דער און די וויל־לערנער האָבן געשפּילט אין „קוויטלעך". דאָס איז געווען אַ חסידישע שפּיל: מען האָט אַריינגעלייגט אין אַ יאַרמעלקע פינף קוויט־לעך מיט דער אָנשריפט: „תליון, גנב, דאָקטער, מלך, זקן". דער, וואָס האָט אַרויסגעצויגן דעם „תליון", האָט געמוזט אָפּזוכן דעם „גנב", דער „דאָקטער" האָט אונטערזוכט, דער „מלך" האָט געפּסקנט און דער „זקן" האָט דעם פּסק באַשטעטיקט. דער „תליון" האָט דאַן דעם „גנב" אַריינגע־ציילט 39 שמיץ מיטן גאַרטל, צוזינגענדיק: „והוא רחום יכפר עוון"...

אַזוי האָט חברה פאַרבראַכט ביזן ווייסן טאָג אַריין.

יאָסעלע איז די נאַכט געזעסן אין אַ ווינקל און געלערנט. זיינע רויטע אויגן האָבן זיך געקלעפּט פון אַזויפיל נישט דערשלאָפענע נעכט. און כאָטש

ער האָט געלערנט מיט אַ ניגון, כדי נישט איינצושלאָפן, איז דאָך אָבער זיין קול אַלע מאָל שוואכער געוואָרן. האָט ער געקייעט מאָן־מאקעך, וואָס ער האָט געשלעפּט פון דער קעשענע. דאָס איז אויך געווען אַ סגולה פאַר אָפּצערן. ער האָט נישט גענומען קיין אָנטייל אין די אַלע שפּילן. חברה האָט אים צורו־געלאָזט. ער האָט בכלל קיין חברים נישט געהאַט, ווייל יע־דער האָט אים אויסגעמיטן צוליב דעם איבלדיקן ריח, וואָס האָט זיך גע־שפּירט פון זיין מויל. אַז אַ מענטש איז געווען אַ שטיקל מפונק, האָט ער נישט געקענט ריידן מיט אים, עס זאָל אים נישט שלאָגן צום ברעכן מיט דער גרינער גאַל. איידעלע ייִדן האָבן געזוכט אים אויסצומיידן, גלייכ־צייטיק אים נישט מבייש זיין. אַמאָל איז ער צוגעקומען אין בית־מדרש צו ר׳ הערצעלען, כדי אים צו פרעגן אַ שטיקל גמרא. יענער, כדי אים נישט מבייש צו זיין, האָט אים דעם פּשט גענומען מסביר זיין; נאָר אינמיטן דערבײ־נען האָט נעבעך ר׳ הערשעלע אָנגעהויבן ברעכן, אַזוי אַז מען האָט אים גע־מוזט אַהיימפירן. אַ סך ייִדן לומדים פלעגן אים ענטפערן אין אַזעלכע פאלן: „איך ווייס נישט״, כדי נישט צו פילן דעם געשטאנק פון זיין מויל. פאַרשעמען האָט אים קיינער נישט געוואָלט: ערשטנס, כדי נישט אַריינצו־פאלן אינעם מויל פון זיין מוטער; און, צווייטנס, ווייל אַ סך האָבן אויף אים רחמנות געהאט, ווי אויף אַ געשטראָפטן פון גאָט. אַ שטילער איז יאָ־סעלע געווען. ער האָט נישט דערצאָרנט קיין פליג; איז זיך תמיד געגאַנ־גען זיין וועג. דעריבער האָט ער קיין שונאים נישט געהאַט, אָבער קיין חברים אויך נישט.

יענע נאַכט האָט ער געלערנט מיט גרויס התמדה. ער וואָלט דאָך געווען איינגעשלאָפן, ווען נישט דער מאָן־מאַקעך און דער טומל, וואָס האָבן אים געהאָלפן זיין וואַך די לעצטע נאַכט. מיטן שאריען אויף טאָג איז ער געגאַנגען אין מקווה אַריין, אָפּגעדאווונט מיטן ערשטן מנין און זיך געגרייט צו דער קאָמיסיע צוזאמען מיט הונדערטער יונגעלייט, ייִדן און גוים, וואָס גרייטן זיך אויפצונעמען זייער גורל.

## 6

אין דער געבײדע פון הויכן פאַץ, אין מאַרק, נישט ווייט פון מאַגיס־טראט, זענען געווען צוויי באַזונדערע אריינגענג: איין זייט האָט פאַרנומען

די ביר־שענק און אין דער צווייטער זייט איז געווען אַ טעאַטער־זאַל מיט אַ בינע. אין דעם דאָזיקן זאַל איז עס פּאָרגעקומען דער „פּריזיוו". נישט ווייט פון דער געביידע אויפן מאַרק־פּלאַץ זענען געווען פאַרזאמלט יונגע פרויען מיט פּיצלעך קינדער אויף די הענט, טאַטעס, מאַמעס, יונג און אַלט, משפחה־לייט פון די רעקרוטן. טייל וויינען, ברעכן זיך די הענט, אַנדערע זאָגן תהילים. ס'שאַפן זיך רעדלעך אין מאַרק. ייִדן שמועסן צווישן זיך:

— גאָט ווייסט, ווי ס'וועט אַריבערגיין דאָס יאָר — זאָגט איינער, אַ גאַנצער ווייסער.

— מען זאָגט, אַז דאָס יאָר וועט זיין אַ שחיטה צוליב דער גרויסער מסירה פון פאַראַיאָרן — זאָגט אַן אַנדערער אַלץ־ווייסער.

— די מיליטערישע דאָקטוירים — שמועסט מען — זענען שונאי־ישראל. מען זאָגט, אַז דעם ציווילן דאָקטער, וואָס איז אַ גרויסער כאַבאַר־ניק, לאָזט מען אינגאַנצן נישט צו.

אַ פּאָליציי־מאַן שטייט ביי דער טיר פון זאַל. צוויי זעלנער מיט ביקסן קרייצן זיך אויף דעם טראָטואַר פאַר דער טיר הין און צוריק און לאָזן קיינעם נישט צו נאָנט צום זאַל. כדי עפּעס געוואָר צו ווערן וואָס ס'טוט זיך אינעווייניק, כאַפּן קליינע יאַטן אַ בליק דורך די פענצטער, וועל־כע זענען אָבער פאַרהאנגען מיט ווייסע פאָרהענגלעך פון אינעווייניק און מען זעט נישט קיין שפּאַלט פון דאָרטן. און אַז אַ יאַטל דראַפּעט זיך שוין אַרויף אויף די גלייכע ווענט איבער די פאָרהענגלעך, צו כאַפּן אַ בליק וואָס ס'טוט זיך אינעווייניק, וואַקסט גלייך אויס דער זעלנער. דער יאַט שפּרינגט אַראָפּ קוים מיטן לעבן, אָבער צו דערציילן וואָס ער האָט דאָרטן געזען האָט ער אָן אַ שיעור. ס'שאַפט זיך אַרום אים אַ באַזונדער רעדל און ער דערציילט: ער האָט געזען מרדכי שטשאַרע שטיין אויף דער וואָג. יאָסל בן־ציון כאַרמעקיס האָט מען געמאָסטן און יודל גאַריערס זון האָט ער געזען שטיין ביים טיש. ייִדן שלינגען דורשטיק די נייעס, וואָס דער יאַט דערציילט. איינער גיט איבער דעם צווייטן. ס'שאַפן זיך נייע רעדלעך, וועלכע דער פּאָליציימאַן טרייבט פונאַנדער מיט דער באַקאַנטער פּוילישער קללה: „אין אייער מוטער דער זונה, פאַרשיווע ייִדן". מען צעגייט זיך אַ ווייל און מען קומט זיך ווידער צוזאַמען. מען הערט און מען קאָמענטירט

די לעצטע נייעס. אַזוי ציט זיך דער פרימאָרגן, ווי קלעפּעדיקער לאַם, ביזן האַלבן טאָג אַריין.

## 7

נעכעלע איז די לעצטע טעג געווען זייער אומרויק. נעכטן איז זי געווען אין קראָשניק אויפן יאריד. שוין האַרט פאַרנאַכט פאַרן אַהיימפאָרן האָט זי זיך אַריינגעכאַפּט צום רבין. ישראלטשע דער שמש האָט איר דאָס קוויטל אָנגעשריבן אויף איין פוס, מחמת דער וואָגן האָט געוואַרט. דער רבי האָט זי אויך שנעל דערליידיקט מיט אַ באַפרייאונג פאַר איר זון „כמעט ווי אין קעשענע". שפּעט ביינאַכט איז זי אַהיימגעקומען אַ פאַר־מאַטערטע. זי האָט פון זיך אַפילו די מלבושים נישט אויסגעטון, נאָר אַזוי זיך אַוועקגעלייגט אויפן באַנק־בעטל, ווי עס איז די נאַכט דורכצוקומען. מיט דעם האָט זי געוואָלט יוצא זיין פאַרן גאָט פון יסורים. דעם גאָט פון חסד האָט זי שוין זיינס באַצאָלט: שוין שיינע עטלעכע וואָכן, ווי זי גיט יעדן שבת ליכט אין שול אַריין, טיילט נדבות פאַר אָרימע־לייט אויף רעכטס און אויף לינקס... איצט וויל זי מקיים זיין אַ נדר, וואָס זי האָט זיך געגעבן, אַז ווי לאַנג איר זון פייניקט זיך יעדע נאַכט אין בית־מדרש, זאָל זי אויך נישט געניסן פון שלאָפן אין אַ ווייך בעט. און ס'איז דאָך שוין סיי ווי סיי שפּעט. די עטלעכע שעה אין דער נאַכט וועט זי שוין אַזוי אויך איבערקומען. דערפאַר, טראַכט זי, וועט איר גאָט העלפן און איר זון וועט באַפרייט ווערן פון גוייִשע הענט. און אַזוי איז זי אַ גליקלעכע איינגע־שלאָפן.

ביים ערשטן דרימל האָט זיך איר געחלומט, אַז ס'איז היינט יום־כיפור. זי און נאָך ווייבער זיצן אין שול און דאַוונען. די ליכט ברענען. די היץ אין שול איז זייער גרויס, דעם אָטעם נישט צו כאַפּן. אַלע מאָל פאַרחלשט אַ צווייטע ייִדענע פון פאַסטן און פון דער היץ. פּלוצים, זי ווייסט נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען, דערזעט זי איר יאָסעלען שטיין נישט ווייט פון איר אין דער ווייבערשער שול; אַ נאַקעטער ווי די מאַמע האָט אים געהאַט. ער דאַוונט און שאָקלט זיך מיטן מחזור אין דער האַנט. זי גאַפט און קוקט אַ פאַרציטערטע... רבש"ע! וואָס טוט זיך דאָ?! ס'איז דאָך

איר זון. צווישן מיליאָנען קינדער וואָלט זי אים דערקענט. ער זיצט דאָך מיטן פאָטער אין שול אויף זיין „שטאָט" און דאַוונט. טאָ ווי־זשע קומט ער דאָ אַהער? און דערצו נאָך אַ נאַקעטער. זי הויבט אָן שרייען, רופן איר זון, אָבער דאָס מויל איז ביי איר פאַרשלאָסן. זי קאָן קיין קול נישט אַרויס־ברענגען פון איר מויל. זי וויל זיך אויפשטעלן, צולויפן צו אים, צודעקן אים ווי עס איז, אָבער זי קאָן זיך פון אָרט נישט רירן. פלוצים ווערט אַ בהלה, אַ געלויף. ווייבער פאַרשטעלן זיך דאָס פּנים מיט די מחזורים. אַלע ווי איינע וואַרפן זיך אויף איר זון, טרעטן אים מיט די פיס און שליי־דערן אים אַראָפּ פון אַלע שטיגן. און זי זיצט ווי אַ געליימטע און קאָן קיין וואָרט נישט אויסשרייען. כעמיע האָט קוים דערהערט איר הייזעריקן גע־שריי, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר קעל. דאָס איז געווען אַ גע־דעמפּט הייזעריק קול, ווי עס וואָלט זיך אַרויסגעריסן צוזאַמען מיט די געדערים: „מכשפות! וואָס ווילט איר פון מיין קינד?" — אַזוי שטיל און טעמפּ איז געווען איר קול, ווי מען וואָלט די ווערטער אַרויסגעזעגט מיט אַ זעג... כעמיע האָט מיט גרויס מי זי קוים פון שלאָף אויפגעוועקט. לאַנג איז זי געלעגן ווי אַ צעטומלטע, ווי אַ צוריקגעקומענע פון אַ הינער־פּלעט. זי האָט זיך די אויגן געריבן, ווי זי וואָלט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. אַן אויסגעווייקטע אין איר אייגענעם שווייס, איז זי געלעגן און נישט געריררט מיט קיין אבר. זי האָט נישט געגלויבט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ חלום.

ווען זי איז געקומען צו זיך און איר מאַן איז צו איר צוגעשטאַנען, אַז זי זאָל אים זאָגן וואָס ס׳האָט זיך איר אַזוינס געחלומט, האָט זי אים אָפּגעפּטרט מיט אַ „וויסטער חלום אויף מיינע שונאים, אויף אַלע וויסטע וועלדער". פון דעם שווערן חלום האָט זי קיינעם נישט דערציילט. אויפן פּראַמפּאַלער יאַריד וועט זי שוין צומאָרגנס נישט פאָרן; שלאָפן האָט זי אויך שוין נישט געקענט; איז זי אַזוי געלעגן און געוואַרט ביז ס׳וועט טאָג ווערן. אַז איר זון וועט קומען פון בית־המדרש, וועט זי אים שוין פאַר איינוועגס באַגלייטן צו דער קאָמיסיע. זכות־אבות וועט איר ביישטיין און איבער אַ יאָר וועט זי אים פירן צו דער חופּה מיטן ריכטיקן זיווג...

8

אינעם גרויסן זאַל אויף דער בינע, ביי אַ לאַנגן טיש, זיצן דער שטאָט־בורמישטש, צוויי סעקרעטאַרן, דער סטאַראָסטע פון יאַנאָווער פּאָ־וויאַט, צוויי מיליטערישע דאָקטוירים, געשיקט פון לובלין, דער ציווילער פּאָוויאַטאָווער דאָקטער און נאָך עטלעכע שרייבערלעך. איינער פון זיי רופט אויס די נעמען פון די רעקרוטן לויט דעם סדר פון אלף־בית. צעצויגן און חוזקלעך רופט ער אויס ווען ס׳קומט צו אַ יידישן נאָמען: „י־ח־ז־ק־א־ל וו־ע־ר־י־מ־ק־ר־ו־י־ט״ — ציט פּאַמעלעך אויס דער שרייבער און גיט צו דעם נאָמען „איציק״. אַלע, וואָס זיצן ביים טיש, שמייכלען. זעט אויס, אַז ס׳געפעלט זיי דער סאָרט לצעווען איבער יידן. אונטן אינעם זאַל ווערט דער נאָמען איבערגעטראָגן פון מויל צו מויל מיט חוזק און געלעכטער מצד די שקצים, בעת דער יונגערמאַן, ווען מען האָט געמיינט, שלאָגט זיך דורך אַ וועג צו דער בינע, שוין אַן אויסגעטועטער מוטער־נאַקעט. דורכגייענדיק כאַפּט ער אַריין עטלעכע פּערדליקע ווערטער פון די שקצים אויפן חשבון פון זיין געצייכנטער יידישקייט, וואָס ער דעקט צו מיט ביידע הענט. די שרייבערלעך פּאָרען זיך מיט אים: איינער וועגט אים, דער צווייטער פאַר־שרייבט, אַ דריטער מעסט אים זיין הויך. דער דאָקטער פרעגט אים ווי פאַר יוצא־וועגן: „וואָס טוט דיר וויי?״ יעדער זאָגט זיין מיחוש און קרעכצט אונטער אַביסל. דער דאָקטער באַטראַכט אים און זאָגט דאָס לעצטע וואָרט...

9

דאָס יאָר האָבן זיי געמאַכט אַ שחיטה... ס׳איז דאָרטן געווען דער אמתער חורבן. אַלע, אָדער כמעט אַלע, האָט מען צוגענומען. קראַנקע, סו־כאָטניקעס, פּשוטע קאַליקעס האָט מען אויך צוגענומען. וואָס דאַרף מען מער? שמיל שפּאַק, וואָס מען האָט גערופן „די האַלבע נשמה״, וועלכער איז געווען טויב ווי די וואַנט, האָט מען אויך צוגענומען. און מלך אייבע־שיץ? אַ סוכאָטניק, דערצו נאָך איז געווען „געשמירט״ פון אויבן ביז אַראָפּ.

דער פּאָוויאַטאָווע דאָקטער האָט גענומען שיינע טויזנטער כּאַבאַר פאַר אים און האָט זיך טאַקע פאַר אים איינגעשטעלט, באַוויזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז ער איז קראַנק אויף די לונגען.ביידע דאָקטוירים האָבן אים אַפילו נישט געלאָזט קומען צום וואָרט. „פּאַרשיווי זשיד״ — האָט איינער אַרויסגעצי־שעט, ווי אַ שלאַנג, צווישן די ציין — „ביים מיליטער וועסטו געזונט ווערן״...

און אָט איז געקומען יאָסעלעס ריי. ווען ער האָט זיין נאָמען דערהערט, האָט זיך זיין אומגעלומפּערטער גרויסער גוף דורכגעשניטן אַ וועג דורכן לאַנגן זאַל צו דער בינע. אַ טומל, אַ געלעכטער איז געוואָרן אין זאַל. דאָס האָבן מיעשטשאַנסקע שקצים פון אים חוזק געמאַכט, נאָכשרייענדיק: „זשיד פּאַרכאַטי״. ער וואָלט זיי אפשר געוועזן פאַרפאַרן אין זייערע טריפהנע פּיסקעס, זענען אָבער זיינע ביידע הענט געוועזן פאַרנומען. מיט איינער האָט ער זיך פאַרשטעלט די ערווה (אַלע, אָן אויסנאַם, ייִדן, האָבן זיך די ערווה פאַרשטעלט) און מיט דער צווייטער האָט ער זיך צוגעדעקט דעם קאָפּ — נישט אַזוי פאַר פרומקייט ווי פון בושה, מען זאָל זיין „קרוין״ נישט זען. ווען ער איז אַרויף אויף דער בינע, האָט מען ערשט געקאָנט זען ס׳אַראַ יונג אַ ריז ער איז. די מאָס האָט ער איבערגעשטיגן און די וואָג האָט ער איבערגעוויגן. אַז דער דאָקטער איז צו אים צוגעקומען און דערזען דעם גלאַנציקן קאָפּ זיינעם, האָט ער זיך געמיאוסט אים אָנצורירן; אָבער גע־פרעגט — פונקט ווי אַלע ייִדן — האָט ער אים: „וואָס טוט דיר וויי?״ און געקוקט אים גלייך אין מויל אַריין, ווי ער וואָלט זיך געריכט, אַז אַ ייִד, מעג ער זיין אַזאַ ריז, וועט אויך זאָגן, אַז ער איז קראַנק. ווען יאָסעלע האָט געעפנט דאָס מויל דעם דאָקטער צו ענטפערן, איז דער דאָקטער גע־בליבן שטיין בלייך ווי קרייד. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו קרעקן. אַן איבל איז אים געקומען פון זיין גרגרת און איז געבליבן שטיין אין דער קעל, ווי ער וואָלט זיך געוואָרגן. ער האָט געוואָלט אַראָפּשלינגען דאָס אַרויפגע־בראַכטע איבלדיקע שפּייעכץ, נאָר עס האָט כּסדר זיך אומגעקערט אין מויל אַריין, געשטויסן צו ברעכן מיט דער גרינער גאַל, נאָר נישט געקאָנט.

אַז דער צווייטער דאָקטער האָט דערזען זיין חברס בלייכקייט, איז ער צוגעקומען נענטער און האָט דערשפּירט דעם געשטאַנק. ווי אַ דאָקטער, האָט ער גענומען שמעקן און פאָרשן פון וואַנען ס׳קומט דער איבלדיקער

ריח. נאָר ער האָט שוין פאַרשפּאָרט צו פאָרשן: זיין חבר, וואָס איז דערוויייל געקומען צו זיך, האָט אים עפּעס געזאָגט אויפן אויער. נאָכאַמאָל האָבן בײדע געהייסן יאָסעלען עפענען דאָס מויל, האָבן זיך איבערגעקוקט און איינער האָט אויסגעשריגן:

— גיי צו אַלדי כאָלערעס, פאַרשיווער יי׳ד!

בײדע דאָקטוירים האָבן נאָך צווישן זיך עפּעס דיסקוטירט און שפּע־טער זיך איינפאַרשטאַנען, אַז דער שלעכטער ריח פון מויל קומט נישט נאָר פון די נישט־געוואַשענע ציין, נאָר אפנים פון ערגעץ אַנדערש, פון אינעווייניק.

אויפן באַפעל פון דאָקטער האָט דער סטרוזש נאָך צוגעגעבן יאָסעלען אַ קאָפּ אין הינטן:

— גיי צו אַלדי שוואַרצע יאָר!...

באַגלייט מיט חוזק־ווערטער פון אַלעמען, האָט ער קוים באַוויזן צו־ריקצוגיין אויף זיין אָרט, ווו זיינע מלבושים זענען געלעגן.

## 10

פיר אַזייגער נאָכמיטאָג הייבט מען אָן אַרויסצוגיין פון דער קאָמיסיע. מאַמעס, טאַטעס און קרובים באַפאַלן ווי פליגן יעדן, וואָס גייט אַרויס פון דאָרט, מען הייבט אָן פרעגן:

— וואָס הערט זיך מיט מיין יונהן?

— מיין יצחק?

— אונדזער שמיל?

עס פאַלן אויף דעם אַרויסגעקומענעם אַ האָגל מיט פראַגן. יענער שטייט ווי אַ צעדולטער און ענטפערט קורץ:

— אַלעמען צוגענומען...

די לופט ווערט פול מיט יאָמער און געוויין, מיט געשריי און חלשות.

— מיין איינציקער שפּייזער — ברעכט אויס אין אַ געוויין מעכלע די אלמנה.

— און מיין מרדכי — העשעט שטיל דער בלינדער יוסף.

— און מיין יאָסעלע — פאַרגייט זיך אין אַ געוויין משה זרחס ווייב — אַזאַ זיידן קינד. וואָס וועט עס דאָרטן טון צווישן גויים? ער וועט חלילה מוזן עסן טרפות, ווינד איז מיר.

און אָט הייבן אָן אַרויסגיין אַ גרעסערע צאָל ייִדישע בחורים. זיי האַלטן זיך צוזאַמען, נאָר אין דרויסן צעלויפן זיי זיך יעדער איינער צו די זייניקע. ס׳שאַפן זיך אַרום זיי פרישע רעדלעך ייִדן, וואָס באַלאַגערן זיי, פרעגן פון דעם און פון יענעם. דער גאַנצער מאַרק ווערט פול מיט קלענערע רעדלעך ייִדן. אין יעדן רעדל כאַפּט מען אַריין איינעם אָדער צוויי פריזיוויניקעס און יענע דערציילן פון דעם און פון יענעם.

פלוצים, אין סאַמע בהלה און געוויין, דערזעט זיך אַ שמייכל אויף ייִדישע פּנימער. אַנדערע צווישן די רעדלעך לאַכן אַפילו אויפן הויכן קול. דאָס געלעכטער פּאַסט גאָר נישט צו דער שטימונג, מיט וועלכער די לופט איז אָנגעזאַפּט. און דאָך שמייכלען אַפילו עלטערע ייִדן אויך. זיי שמייכלען אויף האַלב, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „ס׳איז טאַקע אַן עת־צרה, אָבער ווי קאָן מען זיך איינהאַלטן נישט צום לאַכן?". מען דערציילט זיך שטיל אויפן אויער די סיבה פאַרוואָס מען האָט יאָסעלע־נעכעלעס באַפרייט. איינער זאָגט, „ווייל ער האָט זיך שטאַרק באַ׳אַווירט"...; אַ צווייטער זאָגט, אַז די דאָקטוירים האָבן אין אים אויסגעפונען אַזאַ שטינקענדיקע קרענק; אָבער צוממערסטן לאַכט מען פון דעם קאָפּ אין הינטן, וואָס מען האָט אים געגעבן, ווייל ער האָט די גאַנצע בינע פאַרסמט...

11

נעכעלע לויפט אַרום ווי אַ צעדולטע. זי ווייסט גאָרנישט וואָס עס איז געשען מיט איר זון. כמעט אַלע זענען שוין אַרויסגעקומען, נאָר איר יאָסעלען זעט מען נישט. „גאָט דער לעבעדיקער ווייסט" — ברעכט זי די הענט — „וואָס מיט אים איז געשען". הערש אָליווע, דער תקיף פון שטאָט, וואָס רעדט צו יעדן אויף „דו", שרייט צו נעכעלען פון דער ווייטנס;

— „נ־ע־כ־ע־ל־ע, דיין יאָסעלע איז פריי!

זי איז ווי צעמישט. זי הערט נישט וואָס ער האָט גערעדט צו איר.

דאָס וואָס זי האָט יאָ קוים דערהערט מיינט זי, אַז ער מאַכט פון איר חוזק. זי גרייט זיך אים שוין צו באַפאַלן מיט איר מענה־לשון, אויסגיסן איר ביטער האַרץ אויף זיין קאָפּ, הענט און פיס און לייב און לעבן. נאָר אַז מלך אייבעשיץ, וואָס איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, הייבט זי שוין אָן צו גלייבן און בלייבט ווי צעמישט פון פרייד.

זי לאָזט זיך לויפן צו דער טיר און בלייבט שטיין, ווי זי וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט: איר היינטיקער חלום גיט איר אַ שווינדל פאַר די אויגן. פאַרגעסט זי שוין זיך אויסצופרעגן ביי מלכן די פּרטים פון איר זונס באַפרייונג. ווי אַ צעדולטע בלייבט זי שטיין און הייבט אָן פונאַנדער־וויקלען איר היינטיקן חלום. אַלע אירע חושים וועבן זיך צוזאַמען, שטרענ־גען זיך אָן, כדי צו דערמאָנען זיך זיינע איינצלהייטן. זי הערט גאָרנישט ווי לצים וויצלען זיך אויף איר חשבון.

— אויף וואָס האָט מען יאָסעלען באַפרייט? — שרייט אויס איינער פאַר פריילעכקייט וועגן און גיט בשעת־מעשה אַ וווּנק צו מאיר הויקער, דעם שטאָט־לאָבוז, אַז יענער זאָל ענטפערן בקול־רם דאָס, וואָס אַלע ווייסן.

מאיר, אַ צופרידענער, וואָס ער וועט קאָנען זאָגן אַ מיאוס וואָרט, אַז יעדער וועט לאַכן פון זיין חכמה, ענטפערט:

— ער האָט זיך אַזוי באַ׳אַווירט, אַז דער דאָקטער איז שיעור נישט געפאַלן אין חלשות...

נעכעלע האָט עפּעס יאָ און נישט געהערט. זי שטייט נאָך אַלץ ווי אַ פריטשמעליעטע. פאַר איר דמיון שוועבט דורך איר היינטיקע זעונג פון באַגינען. פאַרוואָס — קאָן זי זיך נישט שענקען — „האָט זי אַ גאַנצן טאָג פון דעם נישט געטראַכט? אַ חלום באַגינען, ווייסט זי דאָך שוין לאַנג מוז זיין אמת. פאַרוואָס איז זי באַלד באַגינען נישט געלאָפן פּותר־חלום זיין? איצט זעט זי באַשיינפּערלעך, אַז פון הימל האָט מען איר דאָס מגלה געווען... יום־כפּור — דאָס האָט מען געמיינט, אַז דער היינטיקער טאָג איז איר זונס יום־הדין; זיין נאַקעטער גוף אין דער ווייבערישער שול — דאָס מיינט מען: נאַקעט וועט ער שטיין פאַר דער קאָמיסיע און זכות אבות וועלן אים ביישטיין, אַז מען וועט אים פון דאָרטן אַרויסוואַרפן...

— געוואַלד!!!... — שרייט זי אויס פון באַגייסטערונג — געוואַלד,

ייִדן! מען האָט דאָס מיר היינט געוויזן פון הימל! איך האָב אַ חלום גע־האַט און אין חלום האָט מען מיר געזאָגט, אַז מען וועט אים באַפרייען.

און מיטן שייטל פאַררוקט אויף הינטן שרייט זי:

— זכות אבות איז ביי אייך אַ קלייניקייט? נאַראָנים וואָס איר זענט! נישט מיך זון, נאָר זיינע אָבות האָבן דאָרט אָנגעמאַכט אַזאַ שלעכטן ריח, כדי מען זאָל אים באַפרייען...

## 12

ווער ווייסט, ווי לאַנג זי וואָלט נאָך דאָרטן אַזוי געשטאַנען און גע־דרשנט וועגן איר גרויסער זעונג און וועגן דעם אַז זי האָט זוכה געווען מען זאָל איר פון הימל דעם גרויסן סוד מגלה־זיין. נאָר אין דעם מאָמענט איז איר זון אַרויסגעקומען פון דער קאָמיסיע אַ צעפלאָמטער — צי פון בושה, צי פון פרייד. אַז נעכעלע האָט אים דערזען, האָט זי אים גענומען אַנטקעגן־טאַנצן. מאַמע און זון האָבן זיך געקושט: נעכעלע האָט איר זון געפירט אונטערן אָרעם און דעם גאַנצן וועג ביזן שטוב נישט אויפגעהערט צו־זינגען:

„זכות־אבות איז קיין קאַטאָוועס,
„זכות־אבות איז קיין קאַטאָוועס,
„זכות־אבות איז קיין קאַטאָוועס...“

# אין מרחץ

## 1

דאָס איינציקע אָרט, ווו עס האָט נישט עקזיסטירט קיין קלאַסן־קאַמף, איז געווען דער מרחץ. אין שול אָדער אין בית־המדרש האָט עקזיסטירט אַ מזרח־וואַנט פאַר גבירים און פאַר אָרעמע־לייט איז דאָס אָרט געווען ביי דער טיר. פון בית־עולם איז דאָך שוין אָפּגערעדט: דאָרטן קלייבן זיך אויס די גבירים די שענסטע קרקעות און אָרעמעלייט ליגט מען ווו עס איז. אַפילו אין הקדש זענען אויך געווען אָרעמעלייט תקיפים, וואָס האָבן פאַר־כאַפּט די בעסטע געלעגערס פאַר זיך און די, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין עלנבויגנס, זענען געשלאָפן אויף דער גאָלער ערד...

דערפאַר איז אין מרחץ אַלץ געווען פאַרקערט: וואָס אַ גרעסערער אָרעמאַן, אַלץ מער תקיף איז ער געווען; וואָס גרעסער דער דלות, אַלץ אַ העכערע באַנק האָט ער פאַרנומען. דאָרטן האָט געקאָנט אַריינקומען דער שטומער יאַנטשע, אַ טרעגער, וואָס האָט מער ווי דאָס איינע העמד אויפן לייב נישט פאַרמאָגט, און זיך צעשפּרייטן אויף דער העכסטער באַנק, ווו דער גרעסטער גביר זאָל נישט וואַגן צו דערנענטערן זיך צו אים. אָבער איך שפּאַן אויסער דער שוויץ־באָד האָט מען שוין אויף שריט און טריט געקאָנט זען דעם אונטערשייד צווישן קבצן און גביר. ביי דעם בעדער גופא איז דאָך דער חילוק נישט געווען אַזוי גרויס: אַלע האָבן גלייך באַ־צאָלט אַ גילדן פאַר דער באָד און צו דעם באַקומען אַ בעזימל און אַ שעפעלע. אָבער אַז עס איז געקומען צו אַ שענקל, ווו צו באַהאַלטן זיך דאָס אָנטועכץ, דערויף איז שוין משה בעדער געווען דער ממונה: פאַר אַ

קבצן, וואָס איז געקומען אַ ביסל שפּעטער, איז קיינמאָל קיין לײדיק שענקל נישט געווען. אָבער פאַר אַ גביר — האָט יענער געמעגט קומען ווי שפּעט, — האָט שוין משה כלומרשט „צופעליק" געפונען אַ שענקל.

## 2

פרייטיק צוועלף אַזייגער, ווען די לעצטע ייִדענע האָט פאַרלאָזט די מקווה, האָבן שוין ייִדן געוואַרט ביים מרחץ און ווי נאָר דער בעדער האָט געעפנט, האָבן זיך די ייִדן אַהין אַריינגעשאָטן, ווי ס'וואָלט זיי ווער גע־טריבן מיט בייטשן. צו וואָס האָבן זיי זיך אַזוי געשטופּט ביים אַריינגאַנג? דאָס בעזימל מיטן שעפעלע האָט דאָך שוין יעדער געהאַט מיט זיך. די באָד האָט מען דאָך ערשט געעפנט. צו וואָס־זשע דאָס געדראַנג? דאָס האָבן זיי זיך אַזוי געשטופּט צו פאַרכאַפּן אַ שענקל, ווו צו באַהאַלטן דאָס אָנטועכץ מען זאָל עס חלילה נישט גנבענען. קיין סך שענקלעך זענען נישט געווען, און משה האָט זיי געהאַלטן אונטער זיין אַרענדע. געהייסן האָט עס אַז פאַר אַ זלאָטע באַקומט מען: אַ בעזימל צום שמייסן זיך, אַ שעפעלע צום וואַשן זיך און אַ שענקל צום באַהאַלטן די מלבושים. קיין בעזימלעך האָט קיינמאָל נישט אויסגעפעלט. ס'זענען געווען גענוג בזשאָזאַ־ווע ביימער אין אונדזער געגנט. פויערים האָבן פון זיי בעזימלעך געפלאָכטן און זיי געבראַכט צום בעדער. דעם סוד, אויף וועלכע בעזימלעך די בלעטער האַלטן זיך לאַנג און וועלכע פאַרוואַנדלען זיך אין ריטלעך גלייך נאָכן ערשטן שמייסן — אָט דעם סוד האָט נאָר דער בעדער געוווסט. דערפאַר טאַקע האָט ביי ר' געצל ערליכסטערן דאָס בעזימל אָנגעהאַלטן די בלע־טער די גאַנצע דריי שעה פון שמייסן זיך און ביים שטומען יאַנטשע זענען נאָכן ערשטן מאָל שמייסן פון בעזימל געבליבן הוילע ריטלעך...

שעפעלעך זענען אויך געווען לרוב. דאָס האָט מען זיך אַליין גענומען ביים אַריינגאַנג און אויב ס'האָבן אויסגעפעלט עטלעכע שעפעלעך, איז אויך קיין אומגליק נישט געווען. מען האָט דאָס געקאָנט באַקומען אין שוויצבאָד אויך און בלית־ברירה האָט מען דאָרט ביי עמיצן צוגעגנבעט אַ שעפעלע. אין ערגסטן פאַל האָט מען זיך אויך אָן אַ שעפעלע געקאָנט באַגיין.

אַנדערש איז אָבער מיט די שענקלעך. זיי האָבן זיך געפונען אין ערשטן חדר פון מרחץ און זענען געווען זייער ווייניק. און כאָטש מען האָט אָט די דאָזיקע קעסטלעך געקענט צומאַכן אין אַ גרעסערער צאָל, ווייל אין באָד איז געווען געננוג פּלאַץ אויף דעם, לוינט דאָס אָבער נישט משה דעם בעדער: ווייל אויב קעסטלעך וועלן זיין לרוב, וועט ער דאָך זיין אויס יחסן און קיין עקסטרע זלאָטעס וועט ער נישט באַקומען פון די גבירים, וואָס האָבן אַ טבע צו קומען שפּעט און בְאַקוועמלעכקייטן זוכן זיי, ווי זיי וואָלטן געקומען די ערשטע. פאַר זיי דאַרף דאָס משה האָבן ליידיקע שענק־לעך. דערפאַר שטופּן זיך יידן אַזוי, ווייל נאָכדעם ווי די ערשטע שענקלעך ווערן פאַרנומען, פאַרשליסט משה אַלע שענקלעך. הייסן הייסט עס, אַז אַלע זענען שוין פאַרנומען און אויב ס'מאַכט זיך אַז טייל יידן פּראָטעסטירן, שווערט זיך משה מיט אַלע שבועות, אַז אַזוי איז עס. און כדי צו באַווייזן זיין אמת, הייבט ער זיי אָן אויפצושליסן די פאַרנומענע איינס ביי איינס. בלייבן שוין יידן ווי געפּלעפּט. אומזיסט האָבן זיי אים חושד געווען. דער־פאַר אָבער, ווען ס'הייבן אָן צו קומען די גבירים, געפינט שוין משה „צו־פעליק" אַ שענקל פאַר יעדן באַזונדער.

3

פאַראַנען אָבער יידן, וואָס אַ בעזימל צום שמייסן איז ביי זיי דער עיקר. אַ שעפּעלע איז לאַוו־דווקא און אַ שענקל דאַרפן זיי לגמרי נישט. דאָס זענען יידן־בעטלער, וואָס שלאָפן אין הקדש. צומייסטן זענען דאָס יידן דאָרף־גייער, וואָס שלאָפן אַ גאַנצע וואָך אין אַ פויערישער סטאָדאָלע, טוען קיינמאָל נישט אויס זייערע מלבושים, בייטן אַ גאַנצע וואָך נישט קיין העמד (אָפטמאָל האָט ער נישט מער ווי דאָס איינע העמד, וואָס ער טראָגט אויפן לייב). דער שווייס פון דעם נישט־געוואַשענעם לייב פון אַ גאַנצער וואָך איז גינסטיק פאַר אומפלייט, זענען טאַקע די מלבושים פון אָט די היימלאָזע שטאַרק פאַרלייזיקט. קומט אַזאַ ייד אין מרחץ אַריין, גייט ער אַן אָנגעטוענער אַרויף אויף דער העכסטער באַנק. דאָרטן טוט ער זיך אויס, הענגט אויף די מלבושים אויף אַ דראָנג, וואָס איז האַרט ביים סופיט.

דאָרט זאַמלט זיך אָן די גאַנצע פאַרע און טויט אָפּ די לייז. דאָרטן צע־פאַרעט זיך אויך זיין בייסנדיק לייב, וואָס איז צעקראַצט ביז בלוט; דאָס בעזימל בריט אויס און צעקראַצט אַלע קערפּער־טיילן, ווו די נעגל קאָנען נישט צוקומען. דערפון הערט טיילווייז אויף דאָס בייסעניש, דאָס לייב ווערט צונטער־רויט און דאָס געפּרוירענע בלוט הייבט אָן צוריק רעגולער צו צירקולירן. מחיהדיק צעקרעכצט זיך אַזאַ ייִד פון תענוג. דאָס זענען נחתדיקע קרעכצעלעך, באַגלייט מיט אַן „איי־איי־איי, ייִדן, אַ מחיה״. נאָכ־דעם, ווי ער קומט צו זיך פון די ערשטע פאַרגעניגנס, ווערט ער שוין צו זיי צוגעווינט און ס׳הייבט זיך אים אָן צו דאַכטן, אַז דאָ אויף דער העכסטער באַנק איז נישט גענוג הייס; אַז ווען ס׳זאָל דאָ זיין נאָך הייסער, וואָלט ער מער הנאה געהאַט. הייבט דער ייִד ווידער אָן צו שרייען: „איי־איי, ייִדן, ס׳איז קאַלט! ס׳איז אַ פראָסט! בר־ר־ר״ — שוידערן זיינע ליפּן און עס קלאַפּט ביי אים אַ צאָן אָן אַ צאָן. און אין דער אמתן איז איצט אין באָד אַ גהינום. אויף דער העכסטער באַנק איז אוממעגלעך צו זיצן. ייִנגלעך, וואָס די טאַטעס שמייסן זיי מיט דריי בענק נידעריקער, צאַפּלען זיך אונטערן בעזימל ווי פישעלעך, וואָס עס פעלט זיי אויס וואַסער. זיי שעלטן די „גיהנום״־ייִדן מיט טויטע קללות.

4

לאָזערל קילע, וואָס קומט ערשט אַריין אין מרחץ, קוקט זיך אַפילו נישט אום וואָס עס טוט זיך אויבן. וואָלט ער זיך כאָטש באַמיט אויפצוהייבן די אויגן, וואָלט ער דאָך געזען וואָס אין מרחץ טוט זיך; אַז עס איז דאָרטן הייסער ווי אין גיהנום, אַז די פאַרע איז דאָרטן אַזוי געדיכט, אַז זי גרייכט ביז אַראָפּ אויף דער ערד. איין מענטש קאָן נישט זען דעם צווייטן. די אויבערשטע דריי בענק זענען כמעט אינגאַנצן ליידיק. עס איז דאָרטן אוממעגלעך דעם אָטעם צו כאַפּן; דעריבער רוקן זיך מענטשן אַראָפּ אַלע מאָל אַ באַנק נידעריקער. אָבער דאָס איז נישט לאָזערל־קילעס עסק. אַז ער קומט אַריין אין מרחץ, האָט ער שוין אַ חזקה, — צי מען דאַרף יאָ, צי מען דאַרף נישט — אַרויפצוגיסן עטלעכע שעפּעלעך אויפן „פּיעציק״ 1). דאָס

1) אייזערנע אייוועלע.

הייסע וואַסער פאַלט אויף די אָנגעגליטע אייזנדלעך, הייבט אויף אַ געדיכטע פּאַרע ביזן סופיט און די פּאַרע פאַרוואַנדלט זיך אין געדיכטע קנוילן. דער גאַנצער חלל ווערט אָנגעפילט מיט געדיכטער פּאַרע, וואָס זעצט זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער און פאַרוואַנדלט די באָד אין אַ גהינום.

אויך איצט האַלט שוין לאָזערל גרייט דאָס שעפעלע אויף צו גיסן. פּאַר יוצא־וועגן שרייט ער אויס ווי צו זיך: „ייִדן! עס איז קאַלט!" — „אַ פראָסט" — ענטפערט דער לאָמער חיים, אַ בעל־עגלה, וואָס פרירט זיך אָן אַ גאַנצע וואָך אונטערוועגס. חיים דערלעבט קוים דעם ליבן פרייטיק, וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ גוטן פערל־גרויפּן־גריץ און ענדיקט זיך מיט דער מחיהדי־קער באָד, וואָס ווי גהינומדיק ס'זאָל דאָרט ניט זיין, איז פאַר אים אַלץ ווינ־ציק. „לאָזער!—שרייט ער אין איין אָטעם—ס'איז דאָ אַ פראָסט, אַז ס'ברעכט די ביינער"... און כאָטש עס הערן זיך קולות פון אַלע זייטן: „געגוג! גע־נוג!" (דאָס שרייען ייִדן, וואָס האָבן געמוזט אַראָפּלויפן פון די בענק, ווייל זיי קאָנען דאָרטן די היץ נישט איבערטראָגן), הערט לאָזערל בעסער דעם לאָמען חיימען און הייבט אָן גיסן שעפעלעך אויפן „פּיעציק". אַז ער ווערט מיד זיי צו ציילן, שטעלט ער זיך אָפּ און פרעגט: „נו, חיים?" — „געגוג!" — ענטפערט יענער.

אין באָד ווערט אַ מהומה. מען קאָן שוין נישט איינזיצן אַפילו אויף דער פערטער באַנק. אַלע אויבערשטע בענק ווערן מיטאַמאָל אָפּגעליידיקט. דעמאָלט נעמט לאָזערל זיין אויסגעוואַרעמט שעפעלע, לייגט דאָרטן אַריין פאַמעלעך זיין שבר, וואָס באַלעסטיקט אים (ווייל ער האָט אויסגעטון דאָס בענדל) און הייבט אָן בנעימותדיק אַרויפצוקריכן אויף דער העכסטער באַנק, וואָס ליגט אַ פאַרשעמטע אָפּגעליידיקט פון מענטשן, און וואַרט אַז לאָזערל קילע זאָל איר געבן אַ תיקון...

דער שטומער יאַנטשע איז שוין איין שטיק העליש פייער. ער זיצט אין אַ ווינקל אויף דער העכסטער באַנק. קעגנאיבער הענגען און פאַרען זיך זיינע מלבושים. סיי זומער און סיי ווינטער באַשטייט זיין אָנטועכץ פון אַ העמד און אַ פּאָר הויזן, וואָס האָבן אין זיך לאַטעס פון אַזוי פיל קאָלירן, אַז עס איז נישט מעגלעך אונטערצושיידן וועלכע זענען די הויזן

און וועלכע זענען די לאַטעס. אויך זיין שוואַרצער שפּענצער — אַ מלבוש מיט אַ סך שפּיצן און פראַנדזן — הענגט דאָרט צווישן דער גראָער און געדיכטער פּאַרע און זעט אויס ווי עפּעס אַ געשפּענסט, אָדער ווי אַ פלעדער־מויז. איינער אַליין זיצט ער דאָרט, דער שטומער. דאָס גאַנצע ווינקל פון אויבן ביז אַראָפּ, ווו ער זיצט, איז אָפּגעליידיקט פון מענטשן. מען זאָגט, אַז ער איז זייער פּאַרלייזיקט. חמרים טויטע לייז ליגן אַרום אים, אַראָפּגעפּאַלענע פון זיינע מלבושים. ער זיצט מיטן בעזימל אין דער האַנט און פּאָכעט אויף זיך פּאַרע, רייבט זיין לייב, וואָס איז רויט ווי פייער. אויפן שפּענצער, וואָס שיילט זיך אויס צווישן דער געדיכטער פּאַרע, באַווייזן זיך ווייסע טראָפּעלעך שווייס, ווי טוי אין אַ קאַלטן באַגינען. דאָס פּאָרען זיך איצט די הייסע פּאַרע פון מרחץ מיטן קאַלטן איינגעזאַפּטן שווייס פון שטומענס לייב. ס׳דאַכט זיך ווי דער שפּענצער וואָלט געשוויצט. פון די קליינע טראָפּנדלעך ווערן גרויסע טראָפּנס ביז זיי הייבן זיך אָן צו פּאַרייניקן אין אַ טייכל פון עטלעכע טראָפּנס פּאַר אַמאָל. פּאַרוואַנדלט זיך עס אין אַ ריטשקעלע, וואָס זוכט אַן אויסגאַנג. אַז עס זאַמלען זיך צוזאַמען עטלעכע ריטשקעלעך, הייבן אָן צו רינען פון דעם שפּענצער גרויסע שוואַר־צע טראָפּנס טינט.

דער שטומער, וואָס קוקט אויס אַ גאַנצע וואָך די באָד, ווי אַ קאַניע דעם רעגן, ווערט דאָרט אויף דער העכסטער באַנק צעשמאָלצן פון תענוג. פון יעדן פּאָך מיטן בעזימל, פון יעדן רייב מיט די ריטער אין דער פּלייצע, קומט אים צו אַ חיות. ער דריקט דאָס אויס אויף זיין שטומען לשון מיט אָפּגעהאַקטע ווייטיקלעכע קרעכצן, וואָס זענען מער ענלעך צו אַ ברומען פון אַ חיה, איידער צו קלאַנגען פון אַ מענטש. אָט טרעפט ער אָן מיטן בעזימל אויף אַן אָרט, וואָס בייסט אים אַזוי שטאַרק. ביז איצט האָט ער דאָרט נישט געקאָנט צוקומען. איצט האָט ער דאָרטן דערלאַנגט דעם אמתן רייב. דוכט זיך אים, ווי ער וואָלט צעטריבן אַ „ראַיאָוויסקאָ״ פון מוראַש־קעס, וואָס האָבן אַזוי אומדערבאַרעמדיק געפרעסן זיין לייב. לאָזט ער אַרויס אַ מוראדיקן ברום ווי אַ לייב. אַמאָל צעמעקעט ער זיך ווי אַ שעפעלע: מע־ע־ע; און דאָ גאָר דערהערט זיך אַ ווידערקול איבער דער גאַנצער באָד, ווי אַ יונגער אָגער וואָלט זיך צעהירזשעט: „הי־הי־הי״. דאָס האָט דער שטומער פון זיך אַרויסגעלאָזט אַזאַ הירזשע, וואָס איז דער שטאַרקס־

טער אויסדרוק פון זיין תענוגלעכן ווײ, און דאַן ווייסט מען שוין, אַז ער קלייבט זיך אַראָפּצוגיין. מיט היץ און מיט פּאַרע איז ער שוין זאַט.

## 5

פּאַר קליינע יאַטן איז די מקווה — די ראָזשינקע פון מרחץ. נאָכדעם ווי מען צאַפּלט זיך אָן, ווי אַ פיש, אונטערן טאַטנס בעזימל אויף דער העכסטער באַנק און מען באַפרייט זיך פון דעם טאַטנס הענט, איז, ראשית, וויל מען זיך אָפּקילן דאָס הייסע לייב; לויפט מען אַראָפּ אין מקווה אַריין. און אַז מען האָט זיך שוין אָפּגעקילט, קאָן מען ערשט אָנהייבן „מאַכן אַ לעבן". ערשטנס איז פאַראַן אַ פּאָרענטש איבער די דריי־סיק טרעפּ, וואָס דרייען זיך ווי אַ פּראָפּנציִער, ביז אַראָפּ אין מקווה אַריין. דער פּאָרענטש איז קיילעכדיק, גלאַטיק און נאַס. דאָס לייב איז אויך נאַס און גליטשיק. זעצט מען זיך דאָרטן אַרויף רייטנדיק און מען גליטשט זיך אַראָפּ איבערן שלשלתדיקן פּאָרענטש ביז אין מקווה אַריין. ייִנגלעך באַווייזן קונצן און גליטשן זיך אין מקווה אַריין מיטן קאָפּ אַראָפּ. ניט איי־נער האָט זיך שוין דעם קאָפּ צעהאַקט. און ערשט אין מקווה גופא? עס איז נאָך געגוג פּרי. ייִדן קלייבן זיך נאָך נישט אַראָפּצוגיין אין מקווה אַריין. די פּאַרע פון מרחץ „פּאָלוביעט" זיי. איילן זיי זיך נישט אין מקווה. נוצן דאָס אויס ייִנגלעך. מען מאַכט דאָרטן קונצן; מען פּרוּווט זיך אויס, ווער ס'וועט לענגער איינהאַלטן דעם אָטעם אונטערן וואַסער, מען לערנט זיך שווימען מיט איבערגעקערטע שעפּלעך. חיים פּאַרך קאָן שוין שווימען „נאַוויזנאַק". און ווו מיינט איר האָט ער זיך אויסגעלערנט אַזוי גוט שווימען אויב נישט אין מקווה? צוערשט מיט אַ שעפּעלע, וואָס ער האָט איבערגעקערט מיטן מויל אַראָפּ און האָט זיך אויף דעם אַרויפגעלייגט, צוהאַלטנדיק מיט די הענט, אַז עס זאָל זיך נישט איבערקערן. ווייל אויב דאָס שעפּעלע קערט זיך איבער, בלייבט ער ליגן אונטערן וואַסער און דאָס שעפּעלע שווימט אַליין אַרויס.

איצט שטייט חיים און קאָמאַנדעוועט ווי אַ גרויסער. ער לערנט איצט די חברה:

— דו מוזט דאָס שעפּעלע צוהאַלטן מיט די הענט און מיט די פּיס״ — ווייזט ער אָן דער חברה, וואָס שווימט אויף איבערגעקערטע שע־פּעלעך. אַלע מאָל קערט זיך איבער אַ יאַט. דאָס שעפּעלע שווימט צוריק אַרויס און דער יונג פּאַלט אַראָפּ. נאָר אַזוי ווי די מקווה איז נישט טיף, קריכט ער באַלד אַרויס מיט די טרעפּ, סמאַרקעט זיך גוט אויס און שפּייט אויס דאָס איבלדיקע מקווה־וואַסער, מיט וועלכן ער האָט זיך גענוג אָנגע־זשלאָקעט...

דורך די שטאַרק־געדרייטע טרעפּ, וואָס פירן פון מרחץ אין מקווה אַריין, קאָן מען נישט זען ווער עס קומט אין מקווה אַראָפּ. ווייל נאָר אַזוי־אַרום קאָן מען פאַרשטיין, ווי אַזוי חיים פאַרך, שוין אַ גרויס יינגל, האָט זיך געלאָזט כאַפּן פון דעם שטומען. ער האָט אים פשוט נישט באַמערקט און ווען חיים האָט זיך געכאַפּט, האָט ער זיך שוין פון יענעמס הענט נישט געקאָנט אַרויסדרייען...

6

דער שטומער יאַנטשע איז געווען דאָס געשפּענסט פון די קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אין מקווה. דאָס גאַנצע בייסנדיקע לייב זיינס האָט ער געקאָנט היילן מיטן בעזימל. פאַרענדיק זיך אויף דער הייסער באַנק, האָט ער געריבן זיין לייב, אַז דאָס זאָל קלעקן אויף אַ גאַנצע וואָך. און אויב עס האָט אים ערגעץ ווו נאָך געביסן, האָט ער דאָך געהאַט צוויי געזונטע הענט מיט נעגל ווי מעסער, מיט וועלכע ער האָט זיך גע־קאָנט קראַצן וויפל זיין האַרץ האָט נאָר געגלוסט. נאָר איין אָרט האָט ער געהאַט אויף זיין לייב, ווו זיינע הענט און נעגל האָבן נישט געקאָנט דער־גרייכן: דאָס זענען געווען די פּלייצעס, צווישן די לאָפּאַטקעס. וויפל ער האָט דאָרט נישט געריבן מיטן בעזימל, פון אונטן ארויף און פון אויבן אַראָפּ, האָט ער אַלץ נישט געקאָנט צוקומען צו יענעם אָרט, ווו ס׳האָט אים אַזוי שטאַרק געביסן. ווו ער האָט נאָר ערגעץ אָנגעטראָפן אַ שאַרפן קאַנט פון אַ מויער, אָדער אַן אייזן, ביי אַ ווינקל פון אַ וואַנט, האָט ער דאָרט צוגע־שפּאַרט זיינע פּלייצעס, וואָס האָבן אים אַזוי געביסן. וואָס פאַר אַ ווערט האָט אָבער אַזאַ קראַצן, ווען מען קאָן דאָרט נישט צוקומען מיט די אייגענע

נעגל? ווען ער קאָן דאָרט מיט זיי דערגרייכן, וואָלט ער זיך איינמאָל אָנ־געקראַצט, אַז ס׳וואָלט אים אויסגעהיילט דאָס גאַנצע בייסעניש. וואָלטן ערגעץ־ווו אין באָד אַרויסגעשטאַרצעט עטלעכע שפּיציקע טשוועקעס, וואָלט ער זיך כאָטש געקאָנט געבן אַ לייטישן קראַץ. אַוודאי, ווען ער האָט ווער עס זאָל אים שמייסן, אויסרייבן אים גוט מיטן בעזימל די פּלייצעס אויף דער העכסטער באַנק, וואָלט פון אים אפשר אַוועק דאָס בייסעניש, וואָס מאַכט אים גרין און געל. נאָר ווער וועט אים שמייסן? אַז ווו ער זיצט, אַנטלויפט מען פון אים. איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה: אין מקווה שפּילן זיך קליינע יאַטן. כאַפּט ער אַלע פּרייטיק איינעם אַזאַ יאַטל און צווינגט אים, ער זאָל אים קראַצן די פּלייצעס. אַזוי אַרום דערקראַצן שוין קינדע־רישע נעגל דאָרטן, ווו זיינע לאַנגע הענט קאָנען נישט דערגרייכן.

קינדער האָבן פאַר אים מורא ווי פאַרן מלאך־המות. ווייל זיי האָבן שוין געוווּסט, וואָס עס הייסט דעם שטומען יאַנטשען קראַצן. דאָס האָט געמיינט רייסן מיט די נעגל צוויי שעה צייט אויף זיינע פּלייצעס. כאָטש דער שטומער איז געווען אַ רויִקער, וואָס האָט קיינעם נישט געשלאָגן, האָט דאָך יעדער מורא געהאַט פאַר זיין בליק. עס האָט געשראָקן זיין ברייט־ביינערדיקער גוף, די אויסטערליש־לאַנגע און ברייטע האַנט־פלאַך און דער עיקר זיינע פינגער, וואָס האָבן גאָר קיין סוף נישט געהאַט און וואָס האָבן אויף יעדן אָנגעיאָגט אַ פּחד, בפרט נאָך אויף קליינע קינדער.

אַז די קינדער אין מקווה האָבן דערזען דעם שטומען, האָבן אַלע אָפּ־געלאָזט דאָס שווימען און גענומען זיך רוקן וואָס ווייטער אין מקווה אַריין, אַלץ ווייטער פון אים. אַלע האָבן זיך איצט ווי צוזאַמענגעפּלאָנטן אין איין קנויל. איינער האָט געזוכט שוץ ביים צווייטן.

## 7

ווייזט אויס, אַז דער שטומער האָט דאָס מאָל אויסגעקליבן חיים פאַרך פאַר זיין קרבן. ער האָט זיך גאָרנישט געפרוּווט דערנענטערן צו די קליינע שווימער, וואָס זענען געשטאַנען צוזאַמענגעקוועטשט איינער צום צווייטן אין איין שרעק. אים איז בעסער געפעלן חיים פאַרך, וואָס איז געשטאַנען ביי דער וואַנט און „קאָמאַנדעוועט“.

חיים איז געווען אַזוי פאַרנומען מיטן לערנען די יאַטן שווימען, אַז ער האָט גאָרנישט געזען דעם שטומען זיך דערנענטערן און ווען ער האָט זיך געכאַפּט, איז שוין געווען צו־שפּעט. יענער האָט אים שוין פעסט גע־האַלטן אין זיינע הענט און אַרויסרייסן זיך פון אים איז שוין געווען אומ־מעגלעך. איז ער שוין אַזוי אַ רעזיגנירטער אים נאָכגעגאַנגען ביז דער קאַלטער מקווה. דאָרטן איז איצט קיינער נישט געווען, ווייל דאָס וואַסער איז דאָרט זייער קאַלט. דאָרטן האָט זיך דער שטומער אַוועקגעזעצט. דאָס יינגל האָט ער צוגעהאַלטן ביי אַ פּיסל און חיים האָט גענומען קראַצן דעם שטומענס פּלייצע מיט אַלע כוחות. ווי אַ פליג אויפן רוקן פון אַ העל־פאַנט, אַזוי האָבן דעם יינגלס נעגל זיך געגליטשט איבערן שטומענס רוקן. ווען חיימס הענט זענען מיד געוואָרן, האָט ער גענומען גריזשען מיט זיינע שאַרפע ציין דעם שטומענס פּלייצעס. ערשט דאַן האָט דער שטומער אָנגעהויבן דערפילן דעם אַזוי לאַנג דערוואַרטן תענוגלעכן פּיין און ער האָט אָנגעהויבן אַרויסברענגען די מחיהדיקע קרעכצן, ווי אויף דער העכס־טער באַנק. ער האָט זיך צעברומט ווי אַ לייב, האָט אָנגעהויבן מעקען ווי אַ שעפעלע, און ווען ער האָט זיך צעהירזשעט ווי אַן אָגער: „הי־הי־הי״, האָט שוין חיים געוווסט, אַז ער איז באַפרייט.

דער שמש האָט שוין דאַן גערופן:

— קבלת שבת...

# קינדער־יאָרן

1

פון די צען מאָס רשעות, וואָס מען האָט דער וועלט צוגעטיילט, האָט אונדזער יאָרהונדערט צוגענומען גאַנצע ניין מאָס; פון די צען מאָס מרידה, וואָס איז געגעבן געוואָרן דער יוגנט פון אַלע פעלקער, האָט ניין מאָס צוגענומען די ייִדישע יוגנט פון אונדזער צייט. די צען מאָס טיפשות, וואָס איז אַראָפּ צו אונדז אין שטעטל, האָב איך ייִנגלווייז, אַפּנים, אינגאַנצן צוגעכאַפּט פאַר זיך...

***

נאָך דעם ווי דער טאַטע האָט זיך איבערצייגט, אַז פון מיר וועט שוין קיין לייט נישט זיין, האָט ער זיך שוין פון מיר מייאש געווען און מיין מדריכה איז געוואָרן מיין מאַמע. די צייט איז געווען די בעסטע אין מיין יוגנט. עס האָט זיך פון מיר אָפּגעטון די שטראָף פון מידת־הדין און עס האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ צייט פון מידת־הרחמים. ס׳האָבן פאַר מיר אויפגעהערט מיין טאַטנס קלעפּ, ווייל אַ יונג פון פערצן יאָר, און דערצו אַ בעל־מלאכה, וואָס פאַרדינט שוין געלט, שלאָגט מען שוין נישט. איך בין נאָך געגאַנגען שבת אין שול אַריין דאַוונען; אָבער איך האָב שוין נישט געמוזט שטיין לעבן טאַטן. איך האָב שוין געקאָנט דאַוונען ביי דער טיר, אָדער אַפילו אין פּאָליש פון אַ קליין כל־בו־סידורל, כ׳זאָל עס קאָנען נאָכן דאַוונען באַהאַלטן אין קעשענע. און באַלד נאָך כתר האָב איך זיך

אַרויסגעשאַרט פון שול אויף דער גאַס, ווו חברה האָט אויף מיר געוואַרט. צוזאַמען האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט אויפן מאַרק־פּלאַץ, ווו די קיילער האָבן געהאַט זייערע חזיר־געשעפטן; בגנבה זיך אַריינגעשאַרט דורך אַ הינטערטיר צו דער דוואָרטשאַקן אין חזיר־שענק. מען האָט געגעסן חזיר און פאַרטרונקען מיט בראָנפן. און כאָטש איך האָב דעם קאָלבאָס נישט געקאָנט פאַרדייען און נישט איין מאָל בין איך אינמיטן עסן געלאָפן אין בית־הכסא און אַלץ אויסגעבראָכן מיט דער גרינער גאַל, האָט אָבער די גאָט־לעסטערונג אַלץ פאַרגיטיקט...

אָבער ווי דאָס זאָל נישט קלינגען אומגלויבלעך — האָט מיר אָבער אַזאַ עבירה נישט געשמעקט: ס׳האָט געפעלט דעם טאַטנס קלעפּ, אַז די עבירה זאָל זיין באַטעמט... אָדער כאָטש די מורא פאַרן טאַטנס פראַגע: „ווו ביסטו געווען, שייגאַץ?״... די פרייהייט איז טאַקע פאַר מיר געווען צוקער־זיס: איך האָב פון איר געגנאָסן מיט דער פולער האַנט; האָב פאַר קיינעם נישט באַדאַרפט אָפּגעבן קיין דין וחשבון פאַר מיינע מעשים; אָבער ס׳האָט אין יעדער עבירה געפעלט דער טעם. ווייל די עבירה, וואָס איינער טוט לשם עבירה בלויז, אָן שרעק פאַר דער שטראָף, הייסט אַן עבירה אָן טעם. און באַזונדערס האָט די הפקרות מיך שטאַרק געשראָקן. כ׳האָב געפילט, ווי איך וואָלט געגעסן גאָר לעקעך.

מיין לייב איז פון תמיד אָן געווינט געווען צו שמיץ. מיין נשמה האָט שטענדיק געשוועבט צווישן פאַרברעכן און שטראָף. יעדע זינד האָט אָפּגעוואַרט איר שטראָף און דאַן פלעג איך ווייטער מיט אַ ריין געוויסן קאָנען זינדיקן... איך האָב איצט געפילט, אַז מיין געוויסן אין נישט ריין; האָב שוין געהאַט אויף זיך צענדליקער און הונדערטער חטאים, און קיין שטראָף איז אַלץ נישט געקומען. דאָס האָט מיך געשראָקן. איך האָב מורא געהאַט אַז מיין שטראָף זאָל נישט קומען הונדערט־פאַכיק פאַר אַמאָל און זאָל זיין הונדערט־פאַכיק שווערער ווי דער ניט־גענוגנדיקער שכר און הנאה פון די עבירות, וואָס ווערן געטון אָן טעם.

און אזויפיל זינד האָבן נאָך אויף מיר געוואַרט; אַזוי פיל עבירות האָבן מיך איצט געלאָקט. דאָס ערשטע איז געווען: נוקם זיין זיך אָן גאָט, וואָס נאָר צוליב אים האָט מיך דער טאַטע אַזויפיל געקאַטעוועט. נאָכדעם ווי מיין פערצן־יעריקער מוח האָט שוין פעסטגעשטעלט, אַז „לית דין ולית

דיין", האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ פאַרלאַנג די אַלע דיסקוסיעס, וואָס איך פיר מיט מיינע נייע חברים אין געהיים, זאָל איך קאָנען פירן בפרהסיה. ס'האָט זיך אין מיר אויפגעוואַכט אַ חשק צו לעסטערן גאָט בפני כל עם ועדה. און נישט נאָר לעסטערן, נאָר צונויפזאַמלען אַלע פרומע ייִדן צוזאַ־מען מיט מיינע אַלע אַמאָליקע חברים, וואָס פאַראַכטן מיך היינט, און זיי אויפווייזן באותות־ומופתים, אַז ס'איז אַ ליגן; אַז ס'איז נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט. און ווען שוין אַפילו, ווי זיי זאָגן, אַז ער איז יאָ דאָ אין הימל — קאָן ער אָבער אויף דער ערד גאָרנישט טון. אַ סימן וואָלט איך זיי געגעבן: איך האָב שוין עטלעכע מאָל מיינע ציצות פסול געמאַכט; האָב שוין אַפילו געררויכערט אַ פּאַפּיראָס אום שבת און ס'איז מיר גאָרנישט געשען. איך האָב שוין אַפילו אַרויסגעלאָזט דעם שם־הוויה אין די אומ־ריינע ערטער — און דאָך געשעט מיר גאָרנישט...

אָ, די אַלע עבירות קאָן איך נישט טון, ווייל פאַר די פרי־ערדיקע בין איך נאָך נישט באַשטראָפט געוואָרן. איך פיל זיך, ווי איך וואָלט געווען אַ בעל־חוב און אַ חוב מוז כאָטש טיילווייז געסילוקט ווערן, כדי מען זאָל ווייטער קאָנען באָרגן. כדי ווייטער צו זינדיקן, דאַרף איך כאָטש טיילווייז באַקומען אַ שטראָף...

אַ צווייטע עבירה, וואָס האָט מיך געלאָקט, איז געווען דער „שיינער מין" — דאָס מיידל, מיט וועמען אַ ליבע צו פירן. איך זאָג „דאָס מיידל" און נישט „די פרוי", ווייל צו דער פרוי האָט מיך געצויגן, און אפשר מער פאַר אַלץ געפייניקט. אָבער איך האָב דערפאַר מורא געהאַט. צו יענער צייט האָב איך שוין געהאַט איבערגעלייענט דאָס בוך וועגן סעק־סועלע פּראָבלעמען פון פאָרעלן און דאָס דאָזיקע בוך האָט אויף מיר אָנגע־וואָרפן אַ פחד. דעריבער, כאָטש אין שטעטל איז געווען אַ שאַנד־הויז, האָב איך זיך אָבער געשראָקן דערפאַר. אָבער צו פאַרפירן אַ ליבע מיט אַ מיידל — דאָס האָט מיך געלאָקט. נישט קיין חילוק, ווער דאָס מיידל זאָל נישט זיין. איך האָב שוין געהאַט איבערגעלייענט אַ שפּאָר ביסל ראָמאַנען און אומעטום האָב איך געפונען מיינע צוגעפּאַסטע העלדן. דאָס קינד אין מיר האָט געוואָלט ווערן אַ בחור. אומזיסט האָב איך באַצאָלט דעם שערער, אַז ער זאָל מיך אויך גאָלען, כאָטש ער האָט זיך ביי מיר געבעטן ווי ביי אַ גזלן: „איך וועל דיר אַלץ טון, איך וועל דיר שערן די האָר לויט דער

לעצטער מאָדע מיט אַ שרינט אין דערמיט און אַ לאַנגער גזשיבע געלאָקט, ווי פּאָעטן פלעגן דאָס טראָגן. אַפּילו באַקן־בערד וועל איך דיר, ווי ווייט מעגלעך, פאַרשערן. כאָטש אויף דיינע באַקן איז קיין סימן פון קיין האָר נישט פאַראַנען, וועל איך דיינע העלע פּוך־האָר אויפן פּנים עטוואָס צו־פאַרבן און ס'וועט אויסזען ווי צוגעשוירענע באַקן־בערד. אָבער גאָלען דיין באָרד? נישטאָ דאָך וואָס! אַז דו האָסט נישט קיין סימן פון קיין באָרד".

און דאָס האָט מיך מער וויי געטון ווי אַלץ.

אין וועלכער געזעלשאַפט איך האָב זיך נאָר געפונען, האָבן מיינע פּערצן יאָר מיך געמסרט. ס'האָט נישט געהאָלפן וואָס איך האָב אַראָפּ־געוואָרפן פון זיך דאָס קליינע יִדישע היטעלע און אויף מיין קאָפּ אַרויפ־געצויגן אַ קלעזמערישן קאַשקעט מיט אַ ברייטן דאַשעק, וואָס האָט מיר געמאַכט אַזאַ אויסטערלישן קאָפּ. אָבער קיין יאָרן האָט דער קאַשקעט אויף מיין פּנים נישט אַרויפגעלייגט. איז דען אַ ווונדער, וואָס קיין שום מיידל האָט מיך נישט גענומען ערנסט? די מיידלעך פון מיין שטאַנד האָבן מיך אויסגעמיטן, ווייל איך בין דאָך געוואָרן אַ בעל־מלאכה; הגם קאַמאַשן־מאַכעריי איז געווען אַ בעל־בתיש פאַך. ס'האָט געהייסן חצי סוחר. דאָס איז געווען אַזאַ איידעלער פאַך — ענלעך צו זייגערמאַכעריי.

איז אָבער מיט מיר געווען נאָך אַ צרה, וואָס איך בין אַראָפּ פון דרך־הישר.

די מיידלעך ווידער פון מיין נייער סביבה האָבן מיך נישט גענומען ערנסט, ווייל דאָס זענען געווען מיידלעך ערנסטע, פאַרשטענדלע־כע, שוין נישט זייער קיין יונגע. מיידלעך, וואָס זוכן אַ תכלית. היינט ווי האָבן זיי זיך געקאָנט נאַריש מאַכן מיט אַ פּערצן־יעריק בחורל ווי איך?...

## 2

אָרעמעלייט, בעטלער, אַז זיי זענען געקומען אין שטאָט אַריין, פלעגן זיי נעכטיקן אין הקדש, וואָס האָט פאַרמאָגט צוויי חדרים: פאַר מאַנסבילן און פאַר נשים. ווו האָט זיך פּייגע־טשאַפּע, אַ מויד אַ בעטלערין, געקאָנט אַהינטון, ווען דער ווינטער האָט איר פאַרכאַפּט ביי אונדז אין שטאָט? אויף

די וועגן איז געווען סכנות־נפשות. יענעם ווינטער איז געווען אַ סכנה צו פאָרן אַפילו פון איין שטאָט אין דער צווייטער, בפרט נאָך אַ בעטלערין, וואָס דאַרף גייך צופוס. מיט דער שווערער שלאַפקייט, וואָס זי האָט געהאַט, האָט זי נאָך געקענט פאַרפרוירן ווערן אויפן וועג. איז זי שוין אַזוי גע־בליבן אין הקדש ביז די פרעסט וועלן אַריבער.

אַזוי ווי אין דעם חדר פאַר נשים איז זי געווען די איינציקע, ווייל ס'איז דעם ווינטער ווינציק בעטלערינס אַרומגעגאַנגען אין אונדזער קאַנט, האָט זי זיך דאָרט איינגעאָרדנט ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן. די אויס־געהאַקטע שויב פון הקדש האָט זי פאַרשטאָפּט מיט אַ שמאַטע, דער ווינט זאָל נישט אַריינבלאָזן. זי האָט זיך אויך פאַרקייטלט פון אינעווייניק, אַז ס'זאָל זיך נישט אַמאָל פאַרגלוסטן אַ בעטלער פון דער צווייטער זייט וואַנט צו פאַרבלאָנדזשען צו איר צימער זיך אָנצוואַרעמען...

פייגע־טשאַפּע איז געווען אַ מויד אַ ברען מיט צוויי רויטע באַקן און נישקשהדיקע היפטן. מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט זי געדינט אין די רייכס־טע הייזער, און וואָלט זיכער געווען געטון אַ גוטן שידוך. האָט זי אָבער געהאַט אַ באַגעגעניש ביים אַרויסגיסן דאָס פּאָמעשאַף און האָט באַקומען די „שווערע שלאַפקייט“. מען האָט געמיינט, אַז ס'איז אין איר אַריין אַ דיבוק. נאָר שפּעטער האָט מען זיך שוין איבערצייגט, אַז זי האָט באַקומען די ניכפּה. פון דער שטעלע האָט מען איר אָפּגעזאָגט. אַ מויד מיט ניכפּה וויל קיינער נישט האַלטן. פון חתונה האָבן האָט אויך קיין רייד נישט גע־קאָנט זיין. ווער וועט חתונה האָבן מיט אַ מויד, וואָס פאַלט אַלע מאָל אַוועק און קלאַפּט מיטן קאָפּ אין דר'ערד און אַ שוים רינט איר איבערן מויל? איז זי שוין אַזוי געבליבן אַן אַלטע פאַרזעסענע מויד. עסן אַ שטיקל ברויט דאַרף מען דאָך, איז זי געוואָרן אַ בעטלערין. געוואַנדערט פון איין שטאָט אין דער צווייטער, אַרומגעוואַלגערט זיך צווישן אָרעמעלייט אין די הקדשן, ווו בעטלער האָבן זי געפּרעסן מיט די אויגן...

גיי פאַרשטיי די ניכפּהניצע! פאַרריגלט די טיר — און פון יענער זייט וואַנט ליגן געזונטע בעטלער־יונגען, וואָס שלינגען די סלינע, זעען אין חלום פייגע־טשאַפּעס רויטע באַקן און פרירן פון קעלט. און דאָ אין איר חדר־מיוחד וואַרעמט זי דעם שטייפער־האָרן, וואָס גלייכט זיך

אויס זיינע אַלטעביינער ביי דער ניכפּהניצע אין בעט, ווו ער קרעכצט אויס זיין עלטער אין די קאַלטע ווינטער־נעכט...

דער שטייפער־האָרן האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ תושב אין דעם הקדש. די שטאָט האָט פון אים נישט געקאָנט פּטור ווערן. אַ מנהג איז געווען ביי בעטלער, נישט צו בלייבן לאַנג אין שטאָט, ווייל אין הקדש האָט עקזיסטירט אַ נישט־געשריבענער געזעץ, אַז מער ווי אַכט טעג טאָר קיין בעטלער דאָרט נישט פאַרבלייבן. ווי לאַנג דויערט דען די שטאָט צו באַאַרבעטן? אַ טאָג, צוויי, העכסטנס אַ וואָך — און דער אָרעמאַן האָט געצויגן ווייטער. אָבער פאַרן שטייפער־האָרן האָט אַפילו דער וועכטער פון שול מורא געהאַט. זיין פּנים איז געווען שרעקלעך. ווען ער פלעגט גיין איבער די הייזער בעטלען, האָט ער מיט זיין אויסזען אָנגעיאָגט אַ פּחד אויף גרויס און קליין. זיין גוף איז געווען ווי אַן אויסגעבויגענער האָרן, אָדער ווי אַ דלד און ווען ער איז געגאַנגען, האָט זיך געדאַכט, אַז אַ חית רוקט זיך פאָרויס. די פּיס האָבן געטראָגן זיין געזעס; פון דאָרטן האָט זיך אויסגעבויגן זיין רוקנביין, פאַרענדיקט מיט אַ האָר־קנויל, וואָס רופט זיך קאָפּ. דער קאָפּ איז געלעגן אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקן, וואָס די הענט האָבן געשיקט פאָרויס און זיין גוף איז נאָכגעגאַנגען. אַזוי האָט זיך די שוואַרצע חית גערוקט פאָרויס...

פון זיין כסדרדיקן קוקן אויף דער ערד האָבן זיינע אונטערשטע אויגן־דעקלעך זיך איבערגעקערט. דערפאַר זענען זיי שטאָט ווייסע — רויטע אויגנדעקלעך געוואָרן. דאָס האָט אים געמאַכט אויסזען ווי עפּעס אַ שרעקלעך באַשעפעניש. קליינע קינדער, דערהערנדיק, אַז דער שטייפער־האָרן גייט, זענען אַנטלאָפן ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט...

ווייזט אויס, אַז די ניכפּהניצע האָט פאַרקייטלט די טיר, ווייל זי האָט מורא געהאַט פאַר די בעטלערינס, זיי זאָלן איר נישט שטערן אויסצוואַרעמען די פרוכט פון אַלטן שטייפער־האָרן. די פרוכט, וואָס האָט אין סאַמע ווינטער זיך צעבליט און געוואַקסן אונטער איר האַרץ. די שטאָט האָט גאָר נישט געוווּסט דערפון. נאָר בעטלערינס, וועלכע זענען געקומען דאָרטן איבערנעכטיקן, האָבן געטראָפן די טיר פאַרקייטלט. האָבן זיי פאַרלאָזט די שטאָט מיט אַ קללה אויף די ליפּן: „אַ שטאָט, וואָס איז ערגער ווי סדום!" ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז פייגע־טשאַפּע וועט אָפּרייסן דאָס ברעטל

ווו ס'איז געווען אָנגעשריבן: „נשים" און דאָס חדר געמאַכט פאַר אַ קיניג־רייך פאַר זיך און פאַר איר „פרינץ"... און ווען שטאָט האָט זיך געכאַפּט, איז שוין געווען צו־שפּעט. אַרויסצוטרייבן זיי פון דאָרטן איז שוין געווען אוממעגלעך, ווייל זי איז שוין געווען אין די הויכע חדשים... איז ווי טרייבט מען אַרויס אַ פרוי אין אַזעלכע אומשטענדן? און דערצו אַ חולה־נופל?... און דער שטייפער־האָרן האָט נישט געוואָלט שטעלן קיין חופּה, אויב מען וועט אים אַרויסטרייבן פון הקדש. שטאָט האָט מורא געהאַט, אַז ס'זאָל איר נישט בלייבן אַן עגונה, האָט מען זיך פאַרגלייכט: ער האָט געשטעלט אַ חופּה און שטאָט האָט אַריינגעשטעלט צוויי ווענט צווישן די גרויסע חדרים פון הקדש, און פון די צוויי זענען געוואָרן דריי קלענערע חדרים: צוויי פאַר די בעטלער און דאָס מיטלסטע האָט באַדאַרפט זיין פאַר זיי, פאַרן פּאָרפאָלק. זייער צימער האָט באַדאַרפט זיין די מחיצה, דער שומר, אַז אין שטאָט זאָל שוין מער אַזעלכעס נישט געשען...

אין יענעם מיטלסטן צימער פון הקדש איז געבוירן געוואָרן אַ שוואַרץ־חנעוודיק מיידעלע, רייזעלע, וועלכע האָט שפּעטער געהאַט אַ השפּעה אויף מיין קינדיש־צעפּייניקטע נשמה.

## 3

דוד קאַטעריניאַזש איז געווען אַ שוסטער, נאָר געאַרבעט האָט ער קיינמאָל נישט. מען האָט געשמועסט, אַז ער איז אַן אַלפאָנס, אַ צושטעלער פון נקבות אין די האָטעלן פאַר די גרויסאַרטיקע געסט. ער נעמט אויך פּראָצענטער פון די „יאָלדן", וואָס ער ברענגט אינעם פריילעכן הייזל... בייזע צינגער האָבן געזאָגט, אַז ער האָט נאָך אַן עקסטראַ פּרנסה: געווען זענען אין שטעטל עטלעכע דינסט־מיידלעך פון דער פרעמד. זיי זענען געווען ניט־געשריבענע „כלות", וואָס האָבן זיך ביי אים אויסגעצאָלט דעם נדן ראַטעסווייז. דאָס איז געווען זיין לעגאַלע הכנסה. ער האָט אויך געהאַט פון זיי אַן אומלעגאַלן איינקונפט: עס איז געווען גענוג, אַז ער זאָל זיך דורכשפּאַצירן מיט אַזאַ מיידל איין מאָל, אַז קיין שום יונגל זאָל שוין מיט איר נישט טאָרן שפּאַצירן, אויסער מיט זיך דערלויבעניש און פאַר זיינס

אַ דערלויבעניש האָט מען אים באַדאַרפט גוט באַצאָלן. דעם פּרייז האָט ער אַליין געשטעלט, לויט זיין איינזען. אויב דאָס בחורל האָט זיך געמוזט גוט אויסהיטן — צוליב זיינע קרובים אָדער עפּעס אַ לינקער ליבע — האָט דוד געשטעלט שווערע באַדינגונגען, אַ הויכן פּרייז... זענען אָבער די באַדינגונגען פון דעם בחור געווען נאָרמאַלע, איז דער אָפּצאָל פאַר דודן געווען אַ קלענערער.

4

שפּרינצעלע, דוד קאַטערינאַזשס מוטער, וואָס איז אויף די עלטערע יאָרן געוואָרן אַ גבאיטע, איז אין די שווערע מגיפה־טעג געקומען אין הקדש אַריין געוואָר. וועגן וואָס פייגע־טשאַפּע טוט. ווייל שוין עטלעכע טעג, ווי מען זעט נישט — נישט זי און נישט דעם שטייפער־האָרן — גיין איבער די הייזער. ס׳האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז ס׳איז עפּעס געשען. און ווי איר האַרץ וואָלט טאַקע געווען אַ נביא:

זי האָט זייביידן געטראָפן ליגן אין די בעטן טויט. און די קליינע רייזעלע איז אַרומגעקראָכן אַרום זיי פון איין בעט צום צווייטן, זיך שפּילענדיק, רייטנדיק, ווי אויף אַ פערדל, אויפן בויך פון איר טויטער מוטער. שפּרינצע האָט געמאַכט אַ גוואַלט, האָט צו וויסן געטון ווו מען באַדאַרף. אויף צומאָרגנס האָט מען די טויטע באַגראָבן און רייזעלען האָט זי פאַר רחמנות אַהיימגענומען צו זיך.

דאָס קינד האָט זיך אויסגעלערנט שנעל צו זיין נוצלעך. צו די זעקס יאָר האָט זי שוין געקאָנט ניאַנטשען פרעמדע קינדער. צו די אַכט יאָר האָט זי שוין געקאָנט זיין אַן אַם, ווען זי זאָל געווען האָבן ברוסטן. און צו די צען יאָר איז זי שוין געווען ווי אַ פּראָפעסיאָנעלע דינסט־מויד. דאַן האָט זי זיך אַרויסגעלאָזט אין דער וועלט אַריין דינען.

און ס׳איז שוין געהאַט פאַרגעסן געוואָרן, אַז אין הקדש האָט געלעבט אַ ניכפּהניצע מיט אַ שטייפער־האָרן, וואָס האָבן געהאַט אַ רייזעלע, וואָס האָט זיך געשפּילט מיט דער טויטער מוטער אַ גאַנצע נאַכט.

5

יעדן חול־המועד זעט מען אין שטעטל נייע פּנימער: דאָס פּאָרן אַרום „חול־המועדניקעס“ אין די קליינע שטעטלעך. ווער ס׳קומט צו־גאַסט צו אַ פעטער, צו אַ באָבען. טייל קומען אָנקוקן כּלות. מיידלעך „חול המועד־ניצעס“ זעט מען ווינציק. דעם חול־המועד האָט דוד קאַטערינאַזש שפּאַצירט מיט אַ בילד־שיין מיידל אין שטאָט־גאָרטן.

— ווער איז דאָס מיידל?

קיינער האָט נישט געוווּסט. פּאַר אַ דינסט־מיידל, איינע פון זיינע כּלות איז זי געווען צו שיין און עלעגאַנט. און אפשר איז דאָס איינע פון יענע מיידלעך, וואָס ער שטעלט צו אין די האָטעלן? רעדט זי דאָך אָבער מיט אים ייִדיש און ייִדישע מיידלעך פון דעם מין זענען נישט געקומען אין אונדזער קליינעם שטעטל אַריין. און כאָטש איר פּנים איז געווען גענוג יונג, האָט אָבער איר קערפּער פון זיך אַרויסגעגעבן סימנים פון רייפקייט. אירע פעך־שוואַרצע האָר האָבן אין זיך געהאַט די דינע איידלקייט פון זייד. זיי האָבן זיך געפּאַלדעוועט, געקנוילט אין לאָקן אַרום דעם קאָפּ, וואָס איז געזעסן אויף אַ זייער נידעריקן האַלדז. אירע לאָקן האָבן ווי באַזיימט דעם אַלבאַסטער־ווייסן נאַקן, וואָס האָט פון צווישן די האָר־קנוילן ארויסגעפּעכלט און גערייצט. אירע שוואַרצע אויגן האָבן נישט געחלומט, נאָר געשריגן. קיין איבעריקע חכמה האָבן זיי נישט דערציילט, נאָר איינגעגעסן האָבן זיי זיך, נישט ווי אויגן, נאָר ווי נעגל. זיי האָבן געבריט ווי שטראַלן פון דער זון אין אַ הייסן זומער־טאָג. אירע ליפּן זענען געווען ווי אַן איינגעשניטענע צייטיקע פלוים. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז די ליפּן זענען ערשט איצט אויפגעשניטן געוואָרן דורכן באַשאַפער און אַז דאָס בלוט רינט נישט, ווייל עס איז פאַרגליווערט געוואָרן. דערפאַר זענען אירע ליפּן אַזוי רויט. ס׳האָט נאָך קיינער נישט געזען אַזעלכע רויטע ליפּן און פון אַזאַ בוזים, ווי ביי איר. חלומען אַ סך קליינע ייִנגלעך ווען זיי ווערן רייף...

ט

—איר קאָנט זיך באַקאַנט, — זאָגט צו מיר דוד, בעת איך בין געזעסן אַליין אין גאָרטן און געלייענט אַ בוך. — דאָס איז רויזע פּייגע־טשאַפּעס.

און צו איר זאָגט ער:

— און דאָס איז הערשעלע זונדלס. געדענקסט אים, דעם שמדניק מיטן אַטלעסענעם קאַפּאָטקעלע?

איר פּנים ווערט רויט. זעט אויס, פון בושה, וואָס ער האָט דערמאָנט איר אָפּשטאַם.

„דאָס איז זי! — טראַכט איך — מיין פּרינצעסין, פון וועלכער איך חלום שוין אַזוי לאַנג... ס'אַראַ פּינצטער מזל איך האָב. אַז איך האָב שוין געפונען די פּרינצעסין, איז זי ערשט איינגעטונקען אין שמוץ“...

און שנעל אַרבעט מיין מוח ווייטער: „בעסער אַזוי. פון די טיפסטע טיפענישן וועל איך אַרויסנעמען דאָס מיידל, אָנגורטן מיינע לענדן, נעמען זי אויף מיינע אָדלער־פליגל און פליִען מיט איר צו יענעם גאָלדענעם באַרג, ווו ס'וואַקסן רויזן מיט גאָלדענע שטענגלעך“...

— צי איך געדענק אים? — זאָגט זי און לאַכט. אירע ווייסע ציין בלענדן צווישן די רויטע ליפּן. — ווי לאַנג איז דאָס, ווי מיר האָבן זיך געשפּילט אין זאַמד?

איך געדענק גאָרנישט, אַז מיר זאָלן זיך ווען עס איז האָבן געשפּילט אין זאַמד. נאָר כדי זי אַרויסצונעמען פון דער אומבאַקוועמער לאַגע, זאָג איך:

— האַ, דאָס זענט איר, פּאַננאָ רוזשאַ?

מיט דעם נאָמען האָב איך איר אַריינגעזעצט אַ נייע נשמה.

— אָט אַזוי רעדט אַ קאַוואַליר, — זאָגט זי. זי האָט זיך איינגעבויגן און דודן אַ זאָג־געטון עפּעס אַ העסלעך פּויליש וואָרט, וואָס האָט גאָרנישט געפּאַסט פאַר אַ מיידל. איך האָב זיך פאַר דודן פאַרשעמט.

דוד קאַטעריניאַזש האָט מיך גוט געקענט און רעספּעקטירט. אַז ער האָט מיך געטראָפן אין גאַס מיט מענטשן, האָט ער שוין געוווּסט, אַז ער

טאָר מיך אַפּילו נישט באַגריסן. דערפאַר, אַז ער האָט מיך געטראָפן אין גאָרטן אַליין, איז ער צו מיר צוגעקומען, זיך געזעצט אויף מיין באַנק און צום הונדערטסטן מאָל מיך איבערגעפרעגט:

— זאָגסטו, הערשעלע, אַז ס׳איז טאַקע נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט? און וואָס איז מיט די בוימער און בלומען, וואָס וואַקסן? און ווער מאַכט, אַז ס׳זאָל רעגענען, אַז נישט גאָט?

איך האָב אים געפּרוווט אויף מיין באַשיידענעם אופן געבן צו פאַרשטיין און האָב זיך צערעדט. ער האָט געהערט און געגאַפט. איך האָב געפילט, אַז ער איז מיינער אַ פאַרערער. „קאָן זיין, טראַכט איך, דערפאַר האָט ער מיך באַקאַנט מיט אָט דער בילד־שיינער רויזען״... ווען וואָלט דען איינגעפאַלן, אַז דאָס זוכט ער אין מיר אַ נייעם קרבן, איך זאָל אויך זיין צווישן די צאָלער פאַר אַ דערלויבעניש צו שפּאַצירן מיט זיין כלה...

— מען קאָן זיך זעצן? — האָט רויזע מיך געפרעגט, איבעררייסנדיק מיינע רייד.

און ווידער זע איך אירע ווייסע ציין.

— ס׳אַראַ אידיאָט איך בין — זאָג איך — ס׳שטייט נעבן מיר אַ מיידל און איך בעט זי אַפילו נישט זיצן. ס׳וועט פאַר מיר זיין אַ פאַרגעניגן צו זיצן לעבן אייך, — האָב איך זי אָנגעהויבן צו אירצן, ס׳זאָל זיין מער ראָמאַנטיש.

— נישקשה, מעגסט מיט אים רעדן, — זאָגט דוד צו איר, — ס׳וועט דיר זיין אינטערעסאַנט...

און צו מיר גיט ער אַ ווונק מיט איין אויג:

— איך האָב נישט קיין צייט. פאַרברענגט גוט! — שרייט ער פון ווייטנס און ער איז נישט געוואָרן.

דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך זיך אַביסל געשראָקן פאַר דוד קאַטעריניאַזש מיט זיין גאַנצער באַנדע, וואָס זענען געווען דאָס אָפּפאַל פון שטעטל. נאָר אירע שיינע אויגן און איר זאַפטיק מויל, וואָס האָט מיך געפרעגט: „ס׳אַראַ ביכל האַלט איר אין האַנט?״ — האָט מיך באַרויקט.

— „די ליבע און די נאַטור״ פון וו. בעלשע.

— אַך, די ליבע! ווי שיין זי איז! — זאָגט זי ווי צו זיך.

איך האָב זיך דערפילט ווי פאַרלוירן. „אייזל וואָס דו ביסט, טראַכט

איך, לעבן דיר זיצט אַ מיידל, פון וועלכן דו האָסט געחלומט און דו זיצסט ווי אַ גולם. זי דאַרף דיר אַריינלייגן אַ פינגער אין מויל?״...

נאָר דאָס שנעלע צופאַלן פון דער נאַכט האָט מיר אַרויסגעהאָלפן. מענטשן האָבן אָנגעהויבן קומען אין שפּאַציר־גאָרטן אַריין, און כאָטש מיר זענען געזעסן אין אַ ווינקל צווישן בוימער, ווו מען האָט אונדז כמעט ניט אָנגעזען, האָט אָבער די לבנה זיך אויף מיר פאַרלייגט און באַלויכטן אונ־דזער באַנק ווי מיט צען עלעקטרישע לאָמפּן. דאַכט זיך, אַז ווער ס׳גייט פאַרביי, זעט מיין פּנים, וואָס פלאַמט פון בושה. הער איך ווי עמעץ לאַכט פון ווייטנס, דאַכט זיך מיר, אַז דאָס לאַכט מען פון מיר: זע נאָר ווען ער האָט זיך אָפּגעזוכט, פייגע־טשאַפּעס טאָכטער״...

— פאַרוואָס ציטערט איר אַזוי? אַזוי קאַלט איז אייך?... כאַ־כאַ־כאַ...

— קייכט זי פון געלעכטער.

— וואָס לאַכט איר און רעדט אַזוי הויך? רעדט אַביסעלע שטילער — בעט איך זי.

— וואָס, איר שעמט זיך מיט מיר?

— חלילה, פריילן ראָזע! עס איז מיר נאָר אַביסל קיל און די לופט איז דאָ אַביסל שטיקנד... — פּלאַפּל איך מיט דער צונג וואָס ס׳קומט מיר אין מויל אַריין.

— לאָמיר גיין אַביסל הינטער דער שטאָט, אויף די לאָנקעס. דאָרטן איז די לופט פיל פרישער.

מיט די ווערטער האָט זי מיר אַ חיות אַריינגעזעצט. ווי א גנב האָב איך זיך אַרויסגעשאַרט פון גאָרטן. מיר האָט זיך געדוכט, אַז אַלע וואָס זענען דאָרטן געווען, האָבן געלאַכט. הינטער דער שטאָט האָט זי מיך גענומען אונטערן אָרעם. דאָרטן האָט זיך מיין צונג אויפגעבונדן. אַלע שיר־השירימס פון דער וועלט, פון שלמה המלך ביז היינריך היינע, האָב איך איר אויס־געזונגען. איך האָב פאַר איר אויסגעגאָסן אַלע הימלישע און ערדישע צערן און ווייען, אַלע חלומות, וואָס אַ ראָמאַנטיש בחורל חלומט אויס אין זיינע שלאָפלאָזע נעכט...

דאַכט זיך, אַז זי האָט בעת־מעשה געגעניצט. עטלעכע מאָל האָט ז׳ מיר געזאָגט, אַז זי איז מיד; אַז זי וואָלט זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען. איך האָב אָבער נישט געקאָנט אַראָפּנעמען דאָס תכלתדיקע פּרוכת פון דעם

נאַכטיקן הימל, וואָס איז געווען באַזעצט מיט פּיקלענדיקע שטערן־קרעלן, און דאָס פאַרשפּרייטן אונטער דער ריייניקייט, כדי זי זאָל זיך נישט פאַר־אומרייניקן פון דעם פּייכטן גראָז, צווישן וועלכע זשאַבעס קוואַקען אויס זייער ליבע־קוואַקעריי. איך האָב איר אין איין אָטעם געוואָלט דערציילן די סודות פון דער נאַכט, וואָס דאָס אויער כאַפּט אויף אין שאָרך פון די טריט.

שפּעט ביינאַכט האָב איך זי אַהיימגעפירט דורך סטעזשקעס און הינ־טערגאַסן. יעדע רגע האָט פון אַן אַנדער סטאָדאָלע אַ הונט זיך צעוואָיעט. ביז מיר זענען צוגעקומען צו שפּרינצעלעס הויז, ווו זי האָט זיך אויפגע־האַלטן.

מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, אַז שבת נאָכמיטאָג זאָל זי אַרויסקומען צו דער וואַסער־מיל. וועל איך שוין אויף איר וואַרטן.

## 7

„אייזל וואָס דו ביסט" — האָב איך זיך געגעסן אַ לעבעדיקער אויפן געלעגער — „ביסט אָפּגעגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט מיט אַ מיידל און דו האָסט איר קיין איין מאָל נישט געזאָגט, אַז דו האָסט זי ליב"...

— וואָס הייסט איך האָב איר נישט געזאָגט? — ענטפער איך מיר אַן אַנדער שטים — און סעגאַלאָוויטשעס סאָנעטן, און היינעס לידער זענען בײַ דיר גאָרנישט? שניאורס „מאַרגאַריטקעס" און פערזן פון שיר השירים — דאָס זענען נישט קיין ליבעס־רייד?

— „יאָ! — ענטפער איך — אָבער אַ בחור, וואָס האָט ליב אַ מיידל, דאַרף מיט איר אַנדערש רעדן, דאַרף איר זאָגן גלייך: „איך ליב דיך! איך קאָן אָן דיר נישט לעבן!".

— דאָס קאָן איך עפּעס נישט זאָגן. מיר דאַכט זיך, ווען איך זאָג די ווערטער, וואָלט איך זיך געוואָרגן. עפּעס שעם איך זיך פאַר די דאָזיקע ווערטער, ווי איך וואָלט פאַר זיי נאָך נישט געווען דערוואַקסן.

— „אַ, דאָס איז עס!" — רעדט אין מיר מיין בר־דעת. איך פיל, אַז דאָס איז דער גאַנצער אמת.

— „דו ביסט נאָך אַ קליין ייִנגל — בייטשט מיך דער געדאַנק אָן אויפהער — ווען דו וועסט ווערן אַ גרויסער, וועלן די ווערטער אַרויס־קומען פון דיין מויל אַזוי נאַטירלעך, ווי נאַטירלעך די ערד גיט אַרויס שפּראָצונג"...

— ניין! — בלייב איך פאַרעקשנט — איך בין אַ גרויסער און אויב ס'פעלט מיר מוט, וועל איך געפינען אַן עצה: שבת אין וואַלד וועל איך מיטנעמען אַ „פלירט" פון קאַרטלעך, אויף וועלכע עס שטייען אָנגעשריבן די אַלע שיינע און זיסע ווערטער. זיי זענען נומערירט. דער „פלירט" וועט זיין דער אָנהייב. שפּעטער וועט שוין אַלץ קומען פון זיך אַליין...

שבת באַלד נאָכן עסן בין איך שוין געווען ביי דער וואַסערמיל.

לאַנג האָב איך נישט באַדאַרפט אויף איר וואַרטן. איך האָב זי באַלד דערזען אָנקומען פון דער ווייטנס. ס'האַרץ האָט אַ צאַפּל געטון.

„ניין — טראַכט איך — זי האָט מיך נישט אָפּגענאַרט... אַ סימן, אַז זי האָט מיך ליב".

ווי עס פאָכעט איר געבלימלט קליידל. דאַכט זיך, אַז ס'איז גאָר קיין ווינטל נישטאָ און דאָך פאַלדעוועט זיך אַזוי איר קלייד פון ווייטנס, ווי עס וואָלט געווען אַ זעגל אויף אַ שיף אין מיטן ים. איצט זע איך זי שוין אַזוי בולט. איך דערקען אַפילו די זילבערנע האַלבע לבנהס, וואָס באַזוימען איר קלייד, וואָס פאָכעט פון זיך מיט בלומען. ס'דאַכט זיך, ווי שניטער וואָלטן מיט זילבערנע סערפּן געשניטן בלומען און דער ווינט צעבלאָזט זיי אַרום אירע טריט. יאָ, איצט איז זי שוין נאָנט. זי גייט מיט אַ מאַן. דאָס מוז זיין דוד. אָבער אויף וועלכע שוואַרצע יאָר דאַרף איך אים דאָ האָבן? אַי, דו טיפּש איינער! זי קען דאָך נישט דעם וועג. ער מוז דאָך זי באַגלייטן. ער וועט זי מיר איבערגעבן און ער וועט זיך גיין זיין וועג. זי פאָכעט שוין צו מיר מיט דער האַנט פון דער ווייטנס. ס'קלאַפּט מיר דאָס האַרץ. ס'איז היינט אַ הערלעכער טאָג; דער „פלירט" וואַרעמט מיר אין קעשענע. איך וועל מיט איר אַראָפּגיין טיפער אין וואַלד אַריין. דאָרטן אויג אויף אויג וועל איך איר איבערגעבן מיינע געפילן. איך האָב שוין אַפילו אָנגעגרייט דאָס בלעטל מיט דעם נומער פון דער שורה, וואָס איך וועל איר צום ערשטן שיקן. עס לייענט זיך אַזוי: „דיינע ליפּן זענען ווי צייטיקע פייגן, נאָר פון זיי אויסצונאָגן זייער זאַפט"...

— גוט־שבת, העניעק!

העניעק האָט זי מיר געזאָגט, נישט צבי, ווי דער טאַטע רופט מיך אויף צו דער תורה. און נישט הערשעלע, וואָס מאַכט מיך אַזוי קליין און נישט אַפילו הערשל, וואָס איז צו טרוקן. „העניעק" האָט זי מיר געזאָגט. דאָס מיינט, אַז זי איז צו מיר נישט גלייכגילטיק.

— שוין לאַנג וואַרט איר?

און נאָך איידער איך האָב באַוויזן איר אַ וואָרט צו ענטפערן האָט דוד מיר אַ שטרענגן ווונק געטון און מיט אַ באַוועגונג פון קאָפּ מיך אָפּגערופן אָן אַ זייט. די שטרענגקייט פון זיין בליק האָט מיך געפּלעפּט, אָבער אַז דוד רופט, מוז מען גיין. איך האָב זיך פאַר איר אַנטשולדיקט און בין אים נאָכגעלאָפן עטלעכע טריט ביז איך האָב אים דערגרייכט. אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָב איך אים געפרעגט, וואָס ער האָט מיר אַזוינס צו זאָגן, וואָס עס איז פאַר איר אַזאַ סוד?

— העי, דו יאָלד! — קוקט ער אויף מיר מיט זיינע גזלנישע אויגן, — מאַך דיך נישט געפּגרט. דאָס קאָסט 20 זלאָטעס.

איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט.

— וואָס הייסט? — פרעג איך אַזוי תמימותדיק, אַז אַ שמייכל באַוויזט זיך אויף זיין פּרצוף. נאָר באַלד ווערט דאָס ווידער גזלניש אָנגעכמורעט און צווישן די ציין צישעט ער אַרויס:

— זונהשער יאָלד איינער! דו ווילסט גיין מיט אַ מויד, און דאָס זאָל דיך גאָרנישט קאָסטן?

— וואָס הייסט? — פרעג איך ווידער — דו קענסט מיך נישט? איך גיי עפּעס, חלילה, איר שלעכטס טון? איך גיי מיט איר ווייל איך האָב זי ליב. און אויב דו ליבסט זי, פאַרוואָס־זשע האָסטו זי מיט מיר באַקענט? און אויב דו האָסט זי באמת ליב, בין איך גרייט זי אַרויסצורייסן פון מיין האַרץ און אין איר צו פאַרגעסן...

— ליב־שמיב, זיי נישט קיין יאָלד! זי איז אַ מיידל. איך גיב זי דיר איבער אויף אַ פּאָר שעה, דאַרפסטו מיר באַצאָלן. און דאָס קאָסט 20 זלאָטעס.

ערשט איצט האָב איך דערפילט מיין נאַרישקייט. איך רעד פון ליבע און הייליקטום און ער רעדט פון פרייז. ס'האָט מיך אַזוי פאַרקלעמט ביים האַרץ, ווי מען וואָלט דאָס הייליקסטע ביי מיר געטרעטן מיט די פיס. איך בין געווען ווי צעמישט און לגמרי זיך נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין דין וחשבון וואָס דאָ קומט פאָר. ווייסט זי פון דעם ווי ער פאַרהאַנדלט וועגן איר? דאָס איז דאָך נישט מעגלעך. איר שפּילן זיך דאָרט מיט די מאָן־בלימעלעך זאָגט דאָך עדות, אַז זי ווייסט גאָרנישט מיט וועמען זי גייט און ביי וועלכע מענטשן זי געפינט זיך...

„הערשל! — טראַכט איך — איצט האָסטו דעם בעסטן שאַנס צו זיין אַ ריטער. שלאָגן זיך מיט אים קאָנסטו נישט. דאָס איז דאָך אַ מעסער־העלד. און חוץ דעם, ווי קען איך דען האָבן צו טון מיט אַן אַלפאָנס, מיט אַ פרויען־הענדלער? איך וועל אים געבן וויפל ער פאַרלאַנגט און אַז איך וועל זיין מיט איר אויג אויף אויג, וועל איך איר דערציילן פון דער נידערטרעכטיקער האַנדלונג פון איר „קוזין", ווי זי רופט אים. זי וועט פאַרציטערט ווערן דערפון. שפּעטער וועל איך זי אַרויסנעמען פון זיינע נעגל...

— איך האָב נישט ביי זיך קיין 20 זלאָטעס, — זאָג איך שטיל און שעם זיך פאַר מיינע ווערטער. איך פיל, אַז איך טו דאָ אָפּ אַ מיאוסע זאַך. זיך באַדאַרפט מיט אים שלאָגן ביזן טויט. ווי אַזוי וועל איך איר קאָנען קוקן אין פּנים אַריין?

— וויפל האָסטו, פּענטאַק?

ער האָט מיר שוין געוואָלט אַריינקריכן מיט זיינע הענט אין מיין קעשענע.

— צען זלאָטעס האָב איך.

— גיב זיי אַהער! ס'איז קראַנט, דו וועסט באַצאָלן.

און שוין האָט זיין פּנים אָנגעהויבן שמייכלען.

— פּענטאַק איינער! מיט קיין צען זלאָטעס גייט מען נישט צו אַ מיידל! אַ גוטן שבת!

און ער האָט זיך אָנגעהויבן צו דערווייטערן.

## 8

ווי נאָר איך בין געוואָר געוואָרן, אַז פלאטאן האָט א נייע ליבע באַ־שאַפן, בין איך באַלד געוואָרן זיינער אַ הייסער חסיד — כאָטש מיין גוף האָט אין מיר געשריגן דאָס פאַרקערטע. יענעם שבת נאָכמיטאָג אין וואַלד, אין געדיכטן וואַלד ביי אַ טייכל, האָבן צוויי, צווישן זיך קעמפנדיקע „פילאָ־זאָפיעס" אידיליש זיך דורכגעשמועסט מיט דער הילף פון אַ „פלירט". איך האָב אויפן פלאַטאָנישן שטייגער געזוכט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל רירן איר נשמה. און זי האָט אויפן גראָז געזוכט אַן אָרט, ווו אַוועקצולייגן מיין גוף. די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן.

איך האָב איר דערלאַנגט דאָס שענסטע בלעטל פון „פלירט".

זי האָט מיר דערלאַנגט דאָס אויסגעטועטע קלייד, איך זאָל דאָס אויפ־הענגען אויף אַ צווייג. אַ שאָד ס'קלייד...

איך האָב איר דערלאַנגט אַ צווייט בלעטל.

— לייען די ערשטע שורה, — זאָג איך איר: — „נאָר דו קאָנסט באַ־שיינען מיין לעבן און שטאַרקן מיין מוט"...

זי האָט אויסגעטון מיין רעקל, עס אַוועקגעלייגט אויפן גראָז און זיך אויסגעצויגן דערויף איבער דער גאַנצער לענג....

ס'האָט מיר ווייי געטון ס'האַרץ אויף מיין שבתדיקן רעקל.

— „צעקראָכענע בריאה וואָס דו ביסט!" — גיט דער געדאַנק מיר אַ שמיץ, — וואָס האָסטו געוואָלט, אַז זי זאָל זיך לייגן אויפן הוילן גראָז?".

איך האָב אָנגעהויבן זינגען אַ ליד פון ביאַליקן:

„איך האָב אַ ברונעם און אַ סאָד"...

אַן עכאָ פון וואַלד האָט נאָכגעזאָגט:

— „סאָד"...

שאַ! דאַכט זיך, אַז זי שלאָפט. איך מאַך שטילער מיין טאָן און זעץ זיך לעבן איר. איך זינג איצט שטיל, אַזוי שטיל...

„שלאָפט די גאַנצע וועלט און שאַ"...

זי קערט זיך איבער אויף אַ זייט, דאָס אונטערקלייד ווערט ביי איר ווי אומגערן אַזוי הויך פאַררוקט. אַ ווייס אַלבאַסטער־נאַקעטער פוס גיט

מיר אַ בלענד פאַר די אויגן. זי אָטעמט אַזוי שווער און ס׳דאַכט זיך, אַז באַלד וועט אַ מילך־ווייסע ברוסט אַרויס פון איר געלעגער... זון שוין ווערט פון פלאַטאָנס „פילאָזאָפיע״ אַש און פּאָרעך... ס׳שווינדלט מיר פאַר די אויגן. אָט וועלן מיינע ציין זיך איינבייסן אין איר אָפּגעדעקטן פרויען־לייב...

„נישט דאָס איז ליבע״ — רעדט צו מיר פלאַטאָן מיט געבעט...

און כדי יוצא צו זיין פאַר גאָט און פאַרן טייוול, נעם איך גלעטן אירע האָר און זינג שטיל:

„נאַטאַשאַ, שוואַרצע נאַטאַשאַ...״

און מיט דער צווייטער האַנט צי איך אַראָפּ איר אונטערקליידל, וואָס האָט אָפּגעדעקט דאָס ווייסע לייב. איך קוש אירע האָר און היט זיך, אַז מיינע ליפּן זאָלן זיי נישט אָנרירן. איך היט זיך נישט צו פאַרשוועכן דאָס הייליקסטע פון מיין קינדיש האַרץ — די ליבע.

פּלוצים עפנט זי די אויגן. איך וואָלט געשווירן, אַז זי איז נישט געשלאָפן. זי לאַכט צו מיר, נאָר עפּעס אַ מאָדנע פּייערל קוקט אַרויס פון אירע אויגן, וואָס עסן זיך איין אין מיר. ס׳ווערט מיר אַזש קאַלט. ס׳פּנים איז ביי איר צונטער־רויט. איך גלעט אירע האָר און דערלאַנג איר אַ בלעטל פון „פלירט״. נעמט זי אויך עטלעכע „פלירט״־בלעטלעך און גיט מיר אַ צווייטן נומער. איך דערלאַנג איר צוריק נאָך איידער כ׳האָב אירן איבער־געלייענט. איצט לייען איך איבער וואָס זי האָט מיר געשיקט: כ׳פאַרשטיי נישט, דאָס, וואָס זי שיקט מיר, האָט גאָר קיין שום שייכות נישט מיט מיר. ס׳איז אפשר געווען אַ טעות... איך שיק איר און זי שיקט מיר. איך דער־לאַנג איר צוויי מיט אַ מאָל און זי שיקט מיר אַנדערע צוויי צוריק. אָבער אירע ענטפערס קלעפּן זיך גאָרנישט...

איך שיק איר אַ שורה וואָס זאָגט: „איך קוש דיינע אויגן״...

ענטפער זי מיר: „דיין מאַמע וועט נישט האָבן קיין רו אין קבר״...

מיין מאַמע לעבט דאָך! אפשר האָט זי זיך טועה געווען?...

שיק איך איר ווידער: „איך קאָן אָן דיר נישט לעבן״.

ענטפערט זי מיר: „דיין טאַטע איז אַ נידערטרעכטיקער״.

בלייב איך שוין אין אַ פאַרלעגנהייט — וועלכער טאַטע? אָבער איך פאַרליר נישט קיין צייט. איך שיק איר ווייטער און זי בלייבט מיר נישט

שולדיק. אַמאָל טרעפט זי, אָבער פיל מאָל ווייס איך נישט וואָס זי וויל. זי מוז זיין משוגע! אַלנפאַלס איז זי נישט נאָרמאַל. זי שיקט מיר: „ווי ס׳זויינט איצט דער הימל, אַזוי ווײנט מיין האַרץ״...

משוגע? די זון שיינט דאָך. אָדער דאָס לעצטע, וואָס זי האָט געשיקט: „דער שניי, וואָס שיט, מאַכט דיין איידל פּנים נאָך בלייכער״.

— רויזע! דו לייענסט דאָס, וואָס דו שיקסט מיר?

— נייך, — האָט זי געענטפערט פאַרשעמט.

איך האָב שוין נישט באַדאַרפט איר ענטפער. איך האָב זיך לכתחילה גאָרנישט געכאַפּט, אַז ס׳זענען פאַראַן מענטשן וואָס קאָנען נישט לייענען... איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר איר פאַרשעמונג.

זי האָט צוריק. אָנגעטון ס׳קליידל, צערעכט געמאַכט אירע האָר און אָנגעהויבן זיך פון מיר צו דערווייטערן מיט שנעלע טריט.

— וווהין גייסטו, רויזע? און פאַרוואָס לאָזטו מיך איבער אַליין?

זי האָט איר פּנים צו מיר אַפילו נישט אומגעקערט, נאָר אַן עכאָ פון ווייט האָט מיר צוריקגעבראַכט איר קול:

— א־ד־י־אָ־ט!!!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## 9

— אָבער ווי איז עס אַ קינד אַזאַ אכזר קעגן טאַטע־מאַמע און שוועס־טער — האָט מיין גוטע מאַמע מיט איר סבלנות זיך אָוועקגעזעצט ביי מיין בעט און גערעדט. זי האָט גערעדט צו מיר, כאָטש איך האָב זיך געמאַכט ווי איך שלאָף. האָט זי גערעדט צו דער וואַנט, בכדי זיך אַראָפּצורעדן פון האַרצן.

מיין קלוגע מאַמע מיט איר סבלנות האָט אויסגעפונען פאַר מיר אַ שטראָף, וואָס האָט מיר פיזיש נישט וויי געטון, נאָר זי איז געווען הונדערט־פאַכיק ערגער, ווי דעם טאַטנס קלעפּ. די שטראָף האָט מיך געפייניקט ביז משוגעת. אין די קילע האַרבסט־נעכט האָט זי געדולדיק אָפּגעוואַרט, ביז איך בין שוין געלעגן אין בעט. דאַן האָט זי זיך לעבן מיר אַוועקגעזעצט און אָנגעהויבן רעדן איבער מיר:

— וואָס וועט זיין דער תכלית, זון מיינער? אַז דו האָסט פאַרשעמט מיך און דעם טאַטן, האָב איך געוויינט שטילערהייט און געשוויגן. וואָס האָב איך דען געקאָנט טון? מן־הסתם איז דאָך מיין מזל אַזוי. וועסט עלטער ווערן, וועסטו מער פאַרשטיין. אָבער אַז דו גייסט פאַרשעמען דיינע שוועס־טער — דאָס וועל איך שוין נישט דערלאָזן! דו האָסט פיר שוועסטער, וויל־דערצויגענע קינדער. אין אונדזער משפחה זענען אַלע בעל־בתישע מענ־טשן. מיר זענען טאַקע אָרעם, אָבער איך האָב געהאָפט צו טון מיט די קינדער גוטע שידוכים. און איצט, אַז דו קריכסט צו יענער חברה? שלעפּסט זיך אַרום מיט יענער מויד? איך וויל נישט רעדן קיין שלעכטס אויף אַ ייִדישער טאָכטער און נאָך דערצו אַ יתומה. אָבער צוליב דיר וועל איך דאָך נישט קענען קיין שידוך טון מיט קיין קינד. ווילסטו, אַז דיינע שוועס־טער זאָלן פאַרזעסן ווערן ביזן גרויען צאָפּ אַריין?...

איך שנאָרך און מאַך זיך, אַז איך שלאָף. דער זייגער איז שוין זיכער צוויי פאַרטאָג, אָבער איר אַרט דאָס נישט. זי רעדט און וויינט, וויינט און רעדט ווייטער.

— ווען איך האָב נישט קיין מיידלעך אַ שידוך צו טון, וואָס וואָלט דען מיך געאַרט? ס׳געפעלט דיר פייגע־טשאַפּעס טאָכטער, זאָל זיין זי! אַבי אַ ייִדיש מיידל. אָבער דו גייסט ברענגען שאַנד אויף דיינע שוועסטער, זיי זאָלן בלייבן פאַרזעסענע מוידן. ווי איז דאָס אַ ברודער אַזאַ אכזר אויף זיינע שוועסטער?

איך כאַפּ בגנבה אַ בליק אויפן זייגער, וואָס הענגט אַנטקעגן דער וואַנט. איך ליג שוין אין בעט דריי שעה. איך האָב נאָך קיין אויג נישט צוגעטון. איז דען מעגלעך צו שלאָפן בעת ס׳זיצט אַ מאַמע און רעדט צו דיר? אַפשר זיך אויפהייבן און אַוועקגיין ערגעץ צו אַ חבר און דאָרטן איבערקומען די נאַכט? אָבער צו וועמען זאָל איך גיין קלאַפּן אַזוי שפּעט ביינאַכט? און וואָס וועט מיר שוין אַרויסקומען? און מאָרגן וועט דען נישט זיין דאָס זעלבע? — אָבער ווי ראַטעוועט מען זיך פון דער היינטיקער נאַכט? איין עצה איז פאַראַן: אויפשטיין פון בעט, אַרויסגיין אין גאַס אַריין, אַנטלויפן פון דער מאַמעס רייד, וואָס בייטשן מיך אָן אויפהער. זיי מאַכן מיך משוגע אָט די רייד; בין איך דאָך אָבער פויל אַרויסצוגיין פון אַזאַ

װאַרעם בעט... די דאָזיקע שװאַכע זײט מײנע האָט מײן מאַמע אױסגעפונען און זי נוצט דאָס אױס מיט איר סבלנות ביזן דנאָ.

גוטע מאַמע, טראַכט איך, װען דו װאָלסט װיסן, אַז הײנט האָב איך שױן פײגע־טשאַפּעס מױד אױך פֿאַרלױרן, װאָלט איך דאָך געקאָנט שלאָפֿן און דו װאָלסט זיך אױך געקאָנט אָפּרוען נאָך דײן שװערן אַרבעטס־טאָג. דאָס איז די ייִנגלשע טיפּשות. װאָלט איך נישט געװען אַזאַ טיפּש, װאָלט איך דאָך דערצײלט דער מאַמען דעם אמת. „מאַמע, האָב נישט קײן עגמת־נפש — װאָלט איך איר געזאָגט — איך װעל דיך שױן נישט פֿאַרשעמען, װײל נאָך אַזױפֿיל יסורים, װאָס איך האָב דיר פֿאַרשאַפֿט און דו זאָגסט מיר נאָך אַלץ: „זון מײנער”, מיט אַזױפֿיל ליבשאַפֿט — װי קאָן איך דיך אױסבײטן פֿאַר אַ רױזען, װאָס נאָך אַזױפֿיל ליבשאַפֿט, װאָס איך האָב צו איר אַרױסגעװיזן, בין איך בײ איר געבליבן דער אידיאָט...”

װײזט אױס, אַז מײן מאַמעס סבלנות האָט מיך מער געבראָכן װי דעם טאַטנס קלעפּ. אָדער אפשר האָט מיך רױזע אױסגעהײלט?..

פֿיר אַזײגער פֿאַרטאָג בין איך געװאָרן צוזאַמענגעבראָכן. איך האָב שױן מער נישט געקאָנט אױסהאַלטן דער מאַמעס רײד און טרערן. איך האָב פֿאַר איר מײן האַרץ געעפֿנט און מײן צער אױסגעגאָסן. איך האָב איר אַלץ דערצײלט און זי האָט מיר געגלױבט. זי האָט אױסגעקושט מײנע טרערן און געפּליסטערט אין דער שטיל:

— אָרעמער זון מײנער, נאַריש ייִנגל מײנס!

די עטלעכע װערטער האָבן װי באַלזאַם מיך געהײלט. פּונקט װי מײן װידױ האָט אין איר אַ נײע נשמה אַרײנגעזעצט.

# די גרויסע מחלוקת

## 1

ס׳האָט זיך נאָך נישט איינגעשטילט דאָס פייער פון קריג איבער אַ שוחט, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט אין שטעטל און האָט איינגעטיילט אַלע ייִדן אין צוויי קריגערישע צדדים, ווי אַ נייער קריג האָט זיך אָנגעהויבן; אַ קריג, וואָס האָט משפחות צעטיילט, טאַטעס און זין זענען זיך שונאים געוואָרן.

אייגנטלעך, קאָן מען זאָגן, אַז דאָס פייער האָט זיך געצויגן די גאַנצע צייט, פון באַלד נאָך יצחק־שוחטס טויט, ווען די שטאָט איז געבליבן מיט איין שוחט. ס׳האָבן זיך דאַן גענומען באַווייזן אין שטעטל שוחטים, אפשר נאָך מער ווי הינער און יעדער איז געקומען מיט זיין יחוס־בריוו. ווער מיט אַ סמיכה פון טריסקער רבין, — זענען די טריסקער געוואָרן פון זיין צד. און ווער פון גערער רבין — זענען די גערער חסידים געוואָרן פון יענעמס צד. היינט ווו זענען די שוחטים, וואָס האָבן ביי זיך אין קעשענע אַרומגעטראָגן צוואנציק זייטיקע יחוס־בריוו, וואָס האָבן באַוויזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז דער ייִד ציט זיין יחוס־קייט פון אַ שוחטים־משפחה אַזש פון דוד־המלך? קהל איז געווען ווי צעמישט.

דערווייל האָט יעדער ניי־געקומענער שוחט אָדער שוחטל געהאַט זיינס אַ קרוב אָדער א ידיד איז שטעטל. האָט אים יענער באַלד אָפּגעטראָטן אַן אַלקער און אידער וואָס־ווען האָט ער שוין געשאָכטן. אַפנים, אַז יעדער האָט געוואָלט קונה זיין די שטאָט מיט חזקה. ס׳איז דערגאַנגען ביז אַזאַ

קאָנקורענץ, אַז אויב איינער האָט גענומען 30 גראָשן פאַר אַן עוף, האָט אַ צווייטער נאָר געבעטן 25 גראָשן און אַ דריטער 20. ווייבער האָבן געזוכט מציאות. זענען טאַקע געווען פאַלן, ווען אַ ווייב פון אַ גערער חסיד האָט געשאָכטן דאָס עוף ביים טריסקער שוחט, און אַז איר מאַן האָט זיך דערפון דערוווּסט, — איז נישט נאָר וואָס ער האָט נישט געוואָלט טועם זיין פון דער שחיטה, נאָר ער איז געלאָפן פרעגן אַ שאלה, צי מען דאַרף נישט רייבן און כשרן די כלים. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אין אַ געוויסן שבת זענען אַ האַלבע שטאָט טשאָלנטער אַרויסגעוואָרפן געוואָרן.

## 2

משה פייגעס איז געשטאַנען ביי זיין שניידערישן טיש און געצייכנט מיט קרייד אויף דער אויסגעלייגטער סחורה „פשאָדקעס" מיט אַרבל פאַר די שפּענצערס, וואָס ער האָט גענייט און געפּירט אויף די יאַרידים צום פאַרקויפן; געצייכנט און געמעקט און ווידער געצייכנט. דאַכט זיך, שוין אַזויפיל יאָר ווי ער צייכנט אַון שניידט שפּענצערס און דאָך האָט ער נאָך קיין מאָל נישט געהאַט אַזויפיל אָפּפאַל, ווי איצט. ער לייגט די אַרבל־פאָרם אַהין און דרייט זי אַהער, אָבער דער קאָפּ איז איצט נישט דערביי. ער טראַכט וועגן זיין איידעם דעם למדן, וואָס האָט אַ סך יאָרן געגעסן ביי אים קעסט. ער, משה, האָט אים דאָס קעסט געגעבן מיט פאַרגעניגן, ווייל ער ווייסט וואָס פאַר אַ תכשיט עס איז זיין איידעם: גאַנצענע טעג לערנט ער אין בית־מדרש און ביינאַכט אין שטוב זיצט ער אויך נישט לײדיק. עפּעס שרייבט ער אַ ספר. משה פייגעס פאַרשטייט זיך ווינציק אויף אַזעלכע זאַכן, נאָר די טאָכטער האָט אים אַמאָל דערציילט אַז דאָס שרייבט איר מאַן אַ חיבור, אַ פּירוש אויפן שולחן־ערוך. די וועלט וועט מיט אים אַמאָל קלינגען. האָט ער טאַקע געוואַרט, אַז ער זאָל הערן קלינגען די וועלט מיט זיין איידעם.

אָבער אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. ס׳איז געקומען אַ גרויסע שרפה אין שטאָט און געמאַכט איבער נאַכט גבירים פאַר אָרעמעלייט און משה פייגעס בתוכם. ער איז אָפּגעברענט און פאַראָרעמט געוואָרן. און דער

אידעם האָט געמוזט אָנהויבן טראַכטן וועגן עפּעס אַ פּרנסה, ווייל ס'איז דאָך קיין יושר נישט, אַז דער שווער זאָל האָרעווען טאָג און נאַכט און זאָל נאָך דאַרפן מפרנס זיין אַ חוץ זיינע בני־בית, אויך אַן אידעם מיט אַ טאָכטער מיט פיר קינדער; אמת, משה האָט טאַקע צוגעזאָגט אייביקע קעסט, אָבער אַז ס'איז געשען אַן אומגליק מיט אַ שרפה און ער מוז היינט אַלץ אויסאַרבעטן מיט זיינע צען פינגער. קיין יונגערמאַנטשיק איז ער שוין אויך נישט. אַז ער נייט ביז שפּעט אין דער נאַכט, פּילט ער אַ שטע־כעניש אין דער פּלייצע. משה פייגעס האָט זיין אידעם גאָרנישט אויסגע־רעדט, ווייל צופיל האָט ער זיך געשפּיגלט אין זיין תכשיט, נאָר זיין ווייב און די טאָכטער האָבן דאָס שמואלן געגעבן אָנצוהערעניש אויף אַ זייער אידעלן אופן.

לכתחילה האָט זיך שמואל דערפון נישט וויסנדיק געמאַכט. אָבער אַז זיין שוויגער איז געוואָרן אַלץ צודרינגלעכער, האָט ער באַשלאָסן זיך דורכצורעדן מיטן שווער. בעתן שמועס האָט דער שווער גערעדט צו אים זייער אידל, אים געגעבן צו פאַרשטיין, ווי וויטיקלעך ס'איז אים צו רעדן מיט אים, דעם למדן, וועגן אַזעלכע פּראָסטע זאַכן ווי פּרנסה. ער ווייסט גאַנץ גוט, ווי גרויס ס'איז די עבירה פון ביטל תורה. אָבער וואָס זאָל ער טון? אַז דער אויבערשטער האָט אים אַזוי געשטראָפט און ביי אים צוגע־נומען זיין גאַנץ פאַרמעגן. ער איז היינט געוואָרן אַ פּשוטער אַרבעטער און וואָס וועט זיין דער תכלית? ס'שטייט געשריבן: „אם אין קמח אין תורה". ער יאָגט אים חלילה נישט אַרויס פון שטוב, נאָר ס'וואָלט נישט געשאַדט, אַז ער זאָל זיך נעמען צו אַ שטיקל פּרנסה.

דערביי האָט מען זיך דורכגערעדט וועגן פאַרשידענע פּרנסות, פּאַ־סיקע פאַר שמואלן. קיין שניידער אָדער שוסטער וועט ער דאָך נישט ווערן; צו מלמדות האָט ער אויך נישט געטויגט, ווייל ער איז געווען אַ גרויסער כעסן, און פאַר משה פייגעס האָט דאָס אויך נישט געפּאַסט, ווייל די שונאים וואָלטן דערלעבט אַ נקמה. זיי, די שונאים, וואָלטן שוין אויף אַן אמת גע־מעגט זאָגן: „דאָס איז דער תכשיט, וואָס ער, משה פייגעס, האָט זיך איינ־געהאַנדלט פאַר זיין טאָכטער! אייביקע קעסט צוגעזאָגט, אַ וועלט מיט אים געקלונגען און דאָ איז ער גאָר געוואָרן אַ פּראָסטער מלמד! דעריבער איז געבליבן אָפּגעמאַכט צווישן אידעם און שווער, אַז ער זאָל זיך לערנען

שחיטה. דערווייל בלייבט ווי געווען, ד״ה ער, דער אײדעם, בלייבט ווייטער עסן קעסט און ווייטער לערנען; ער, משה, וועט זיך שוין דורכרעדן מיט שלמה שוחט, אַז יענער זאָל אים לערנען שחיטה עטלעכע שעה אין טאָג.

לייכט איז דער ענין אים נישט אָנגעקומען. דער פּרייז, וואָס משה האָט באַצאָלט שלמה שוחט פאַרן לערנען, איז געבליבן אַ סוד ביזן היינטיקן טאָג. וואָס מען האָט יאָ געוווּסט, איז, אַז אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען געטראָפן שמואלן, משה פּייגעס אײדעם, דעם תכשיט, שטיין ביי דער זייט פון שלמה שוחט און שעכטן עופות. קיין בהמה אָדער קעלבל האָט קיין שום קצב אים נישט געוואָלט געטרויען צו שעכטן, אָבער קליינע קורטשיק־לעך האָט ער טיילווייז געשאָכטן ביי שלמהן אין קאַמער. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און ער האָט אַרויסגענומען אַ היתר שחיטה. אָבער דאָ האָט זיך געשטעלט אַ פראַגע: ווו נעמט מען אַ שטאָט? פון די אַרומיקע שטעט האָט קיין שום שוחט נישט געוואָלט שטאַרבן. אָבער ווי זאָגט עפּעס אַ ווערטל: „אין לך אדם שאין לו שעה״. און אויף שמואלן איז אויך געקומען אַ צייט...

## 3

געוועזן איז אַ דאָרף אין יענע קאַנטן מיטן נאָמען גראַיעץ. דאָס איז געווען איינס פון די גרעסטע אין יענער געגנט. ווי דער שטייגער, האָבן זיך דאָרטן באַזעצט אַ שפּאָר ביסל ייִדן. דאָרט האָט געוווינט אַ סך יאָרן משה פּייגעס אַ ברודער, אַ פּאַכטער אין פּריצישן הויף. אין זיין גענוג גערוימער דירה פלעגן זיך פאַרזאַמלען ייִדן אַלע שבת ראש־חודש צום דאַוו־נען און אַז ס׳איז שוין געווען אַ ספר־תורה, פלעגט די שטוב זיך פאַר־וואַנדלען אין אַ קליין שולעכל, ווו מען האָט שוין געדאַוונט יעדן שבת. אַז ס׳זענען געקומען ימים נוראים, האָבן זיך ייִדן מיישב געווען: צו וואָס זאָלן זיי פאָרן אין שטאָט אַריין און פלאָגן זיך איבער די ימים טובים אין דער פרעמד? איז דאָך גלייכער אַראָפּצוברענגען אַ חזן. ייִדן קאָנען ב״ה באַצאָלן. דעם בעל־הבית איז דאַן איינגעפאַלן דער געדאַנק וועגן זיין ברודערס אײדעם, דער תכשיט. נאָך אַן אסיפה האָט די עדה באַשלאָסן אַז ס׳איז שוין צייט, אַז גראַיעץ זאָל ווערן אַ „שטאָט״. מען האָט אויסגערעכנט

אַז יעדער ייִד וועט צאָלן אַ קליין וואָכנגעלט און מען וועט קאָנען אַזוי אַרום אויסהאַלטן אַן אייגענעם כלי־קודש, אַ ייִד וואָס זאָל זיין אַ חזן, זאָל קאָנען לייענען אין ספר און זאָל זיך פאַרנעמען מיט אַלע אַנדערע ־הייליקייטן. און קיין בעסערן קאַנדידאַט ווי זיין ברודערס איידעם, דעם לערנער, האָט דער פאַכטער נישט געהאַט. אַזוי אַרום איז אונדזער שמואל געוואָרן שוחט אין גראַיעץ. דאָרטן האָט ער געלערנט תורה, געשריבן זיין חיבור, גע־שאָכטן עופות און געשפייזט זיין ווייב און קינד.

באַלד נאָך יצחק שוחטס טויט האָט משה פייגעס געשיקט אַ ספּעציעלן רייטער מיט אַ בריוו צו זיין איידעם קיין גראַיעץ. דעם בריוו האָט ער געשריבן אויף פּראָסט ייִדיש און זיך דערביי זייער מצער געווען, וואָס ער קאָן נישט אָנשרייבן דעם דריי־גאָרנדיקן טיטל אויף לשון־קודש, ווי ס׳פּאַסט פאַר זיין איידעם. אָבער אַזוי ווי דאָס איז געווען אין גרויס איי־לעניש, וועט אים דער איידעם אוודאי מוחל זיין.

דאָס בריוול איז געווען קורץ:

„מיין ליבער איידעם! אַזויווי יצחק שוחט איז שוין אַ שוכן־עפר, דעריבער איז איצט געקומען די צייט, אַז דו זאָלסט זיך שוין נישט מער דאַרפן פּלאגן צווישן גויים. ווייל ווער נאָך ווי דו איז ווערט צו פאַרנעמען זיין אָרט? און זיי וויסן, אַז קיין שוחטים פעלן נישט, נאָר אַזויווי דו ביסט אַ היגער און מיין איידעם, וועט ס׳גאַנצע שניידערשע שולכל זיין מיט מיר. נאָך מער, דער גאַנצער צעך וועט זיין פון מיין צד. און אַז ס׳וועט די „חסידאַקעס״ נישט געפעלן? וועט מען זיי ווייזן ווער ס׳איז ווער. דעריבער זאָלסטו גאָרנישט קלערן, נאָר דינג אַ פור און קום צופאָרן; דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז כל הקודם זכה. למען השם לייג נישט אָפּ און קום גלייך״.

אָפּגעשיקט דעם בריוו מיטן רייטער, האָט אַ פרייד געפלייצט פון אים; זיין האַרץ האָט זיך געשמאָלצן פון תענוג. ער האָט זיך שוין געזען שטיין אין בית־מדרש לעבן זיין איידעם דעם באַרימטן שוחט. זיי שטייען צוזאַמען ביי דער מזרח־וואַנט. ייִדן גיבן זיי אָפּ כבוד, ווייבער בענטשן זיך: אַז וואויל איז דעם שווער, וואָס האָט אַזאַ איידעם! נישקשה, ס׳האָט זיך געלוינט, ער וועט איצט קלייבן נחת; ער וועט אים באַצאָלן כפל־כפלים! און דאָס איז בלויז דאָ, אויף דער וועלט, און וואָס וועט נאָך זיין אויף יענער וועלט?״...

ער וויל שוין אַזוי פיל נישט טראַכטן, נאָר וואַרט אומגעדולדיק אויף זיין אײדעמס קומען. אָבער ווי ביטער איז אים געוואָרן אויף דער נשמה, ווען אויפן צווייטן טאָג איז דער רייטער צוריקגעקומען און אים דערלאַנגט אַ בריוול — זיין אײדעמס ענטפער. אייגנטלעך האָט ער שוין דאָס בריוול נישט באַדאַרפט לייענען. דער שליח האָט אים שוין אַלץ דערציילט אין איין אָטעם. ער האָט אים דערציילט, ווי דער אײדעם האָט אים געזידלט, האָט דעם שווער אָנגערופן מיט די העסלעכסטע צונעמען, וואָס ער, דער שליח, שעמט זיך זיי איבערצורעדן. ס'איז פשוט אַ בושה, אַז אַזאַ למדן זאָל רעדן אַזעלכע רייד. ער האָט אים פשוט אַרויסגעוואָרפן, — האָט דער שליח אים איינגערוימט אַ סוד. אָבער ווען ער האָט יענעם געזאָגט, אַז אויב ער וועט נישט צוריקברענגען קיין בריוול, וועט מען אים נישט באַצאָלן פאַר זיין שליחות, האָט יענער אים שוין געטון די טובה און אים אָפּגעשריבן די פּאָר ווערטער.

אין קורצן בריוועלע האָט דער אײדעם געשריבן, אַז ער האָט זיך שוין גענוג אָנגעגעסן ביים שווער דאָס שניידערישע ראָזעווע ברויט — דעם „לחם עוני". ער האָט דאָרטן נאָך לשון־קודשדיקע ווערטער געשריבן, וואָס משה פייגעס האָט אַ ביסל פאַרשטאַנען און דאָס איבעריקע זיך אָנגעשטויסן. — „הרחק משכן רע" — האָט ער געשריבן, דאָס מיינט אז מען זאָל זיך דערווייטערן פון אַ גראָבן יונג; אַז ער דאַנקט דעם וואָס לעבט אייביק, וואָס ער איז שוין פּטור געוואָרן פון די שניידערוקעס, די גראָבע יונגען אאַז"וו.

איבערלייענענדיק דעם בריוו, איז משהן ס'בלוט געקומען אין פּנים אַריין. אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַגאָסן. ס'האַרץ האָט אין אים געוויינט און ער האָט געטראַכט: „איז דאָס דער שכר פאַר מיין שווערער האָרעוואַניע? אַזוי צאָלט מיר אָפּ דער תכשיט, דער למדן, פאַר די פופצן יאָר צייט, וואָס ער האָט ביי מיר געגעסן פון שענסטן און פון בעסטן? גאַנצע נעכט האָב איך געאַרבעט, ארומגעטליקעט זיך אויף יאַרידים אין די גרעסטע פרעסט, מיט אַלע כוחות האָב איך געאַרבעט און אָפּגעהיט, אַז אין שטוב זאָל פון גאָרנישט פעלן. שטייט דאָך געשריבן אין דער הייליקער תורה, אַז דער וואָס איז מהנה אַ תלמיד־חכם, איז גלייך ווי ער וואָלט מהנה געווען די שכינה. אויב אַזוי — ציט ער ווייטער זיין געדאַנק — „קומט דאָך אויס,

אַז די שכינה, ד״ה גאָט ברוך הוא, וועט מיר אויך אַזוי באַצאָלן ווי מיין תכשיט צאָלט מיר אָפּ... עפּעס שטימט דאָ נישט דער חשבון״...

דערפאַר איז טאַקע משה דעם טאָג געווען אַזוי צעטראָגן, די הענט האָבן זיך ביי אים נישט געלייגט צו דער אַרבעט. געצייכנט מיט קרייד אויף דער סחורה, געצייכנט און געמעקט און ס׳איז אַלץ אַוועקגעפאַלן שטיקער אָפּפאַל פון דער סחורה...

נאָך דער מעשה איז משה פייגעס געבליבן עטלעכע וואָכן אין בעט שווער קראַנק. זיין קרענק האָבן ביידע שטעטלדיקע דאָקטוירים נישט גע־קאָנט פעסטשטעלן. עפּעס, האָבן זיי געזאָגט, קומט די קרענק פון דער לע־בער, די לעבער איז געשוואָלן! גיי פאַרשטיי די דאָקטוירים. זיינע פריינט, וואָס זענען אים געקומען מבקר חולה זיין, האָבן אים געהאַלטן אין איין פרעגן פאַרוואָס זיין איידעם קומט נישט? אויף וואָס וואַרט ער? ס׳גאַנצע עמך וואַרט שוין אויף דער מינוט, אַז אַ קינד פון אַ „נאַש בראַט״ זאָל ווערן שוחט אין שטאָט און זאָל שוין עמך אַמאָל אויך אַ שטיקל נחת דערלעבן, ווייל אַלע האָבן זיך געפילט ווי שותפים צו משה פייגעס נחת. נאָר ער, משה, איז געלעגן אין בעט און געשוויגן, ביטער געשוויגן. ווי האָט ער זיי דען געקאָנט דערציילן זיין ביטערניש, ס׳איז דאָך ביי אים געווען אַ שאַנד אין פּנים און אַ ווייטיק אין האַרץ. אָבער עמך דאַרף מען נישט דערציילן — זיי זענען פון זיך אַליין געוואָר געוואָרן וואָס דאָ איז געשען.

אַ האַלב שטעטל איז מיט אַמאָל געוואָרן גלייכגילטיק צו דעם ווער ס׳זאָל ווערן שוחט, ווייל אויב נישט אַ חשובן אייגענעם — וואָס־זשע איז דאָ דען דער חילוק ווער ס׳זאָל שעכטן? אַ גערער אָדער אַ טריסקער חסיד? אַזוי איז פּלוצים עמך געוואָרן אויס צד. האָט זיך טאַקע די מחלוקת באַלד איינגעשטילט. עס האָט זיך דאַן באַוויזן אין יאַנאָוו מאירטשע שוחט, גע־שיקט פון טריסקער רבין מיט אַ באַפעל ער זאָל שעכטן. און פאַר אַזאַ שוחט ווי מאירטשע, און נאָך מיטן טריסקער רבינס באַפעל, האָבן שוין אַפילו די גערער חסידים אויך אַראָפּגעלאָזט די הענט. מאירטשע איז חוץ אַלעם געווען אַ שוחט מיט סטאַזש. באַלד זענען דאָס בינטל שוחטימלעך זיך צעפאָרן. ס׳איז צוריק געוואָרן אַביסל רו׳ק אין שטעטל, אָבער נישט אויף לאַנג.

## 4

ר׳ פיניעלע דער דיין איז פּלוצים אַוועקגעפאַלן. און ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, עפּעס אַ פּאָר וואָכן, און ער איז נפטר געוואָרן. און כאָטש ער איז געווען אַ זקן אַ חלוש און דערצו מיט אַ שבר פוןביידע זייטן, האָט דאָס אָבער געטראָפן דער שטאָט ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג. ווייל חוץ דעם, וואָס זיין ספר היוחסין איז געווען דורכגעוועבט ווי דימענטן אין אַ קרוין פון לויטער שמן־זית (זיין יחוס־קייט האָט זיך געפלאָכטן ביזן ייִד הקדוש) — איז ער דערצו נאָך געווען זייער אַ האַרציקער מענטש. אַ מענטש מיט אַ ווייך האַרץ. ווען אַ ייִדענע איז צו אים געקומען מיט אַ שאלה, האָט ער שוין דערקענט אָן איר הילוך: איז דאָס געווען אַן אָרעמע, האָט די שאלה געמעגט זיין ווי האַרב, האָט ער קיינמאָל נישט געזאָגט „טריפה״. בלית־ברירה האָט ער פאַרמאַכט די אויגן און געזאָגט: „גייט אַהיים, ס׳איז גלאַט כשר״. דערפאַר זענען אָרעמע ווייבער מיט אַ שאלה געגאַנגען צו ר׳ פּיניעלען און אויסגעמיטן דעם רב. ס׳האָט אַמאָל געטראָפן, אַז אַ ייִדענע איז אין גרויס איילעניש געלאָפן מיט אַ שאלה צום רב. זי האָט, אַפּנים, פאַרגעסן, אַז דער רב איז אַ מחמיר; און ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט דער רב קיין סך נישט געקלערט און געפּסקנט: טריפה! האָט זיך די ייִדענע מיישב געווען און מיט דעם זעלבן עוף געלאָפן צו ר׳ פּיניעלען. יענער, ווי זיין שטייגער, האָט שוין דערקענט אָן די טרערן אין די אויגן פון דער ייִדענע, אַז זי האָט נעבעך נישט קיין צווייט עוף אויף שבת. האָט ער דאָס עוף געדרייט אַהין און אַהער, אַרויסגענומען די נאָדל פון דעם פּופּיק, וואָס איז שוין פאַרזשאַווערט געווען. די פאַרבאַקענע אייער, וואָס זענען געלעגן אין דער הונס אינגעווייד, האָט ער אַוועקגעוואָרפן, האָט פאַרמאַכט די אויגן, ווי ער וואָלט נישט געוואָלט קוקן דעם אמת אין פּנים אַריין און געזאָגט: „נו־נו! וויינט נישט, מאַכט אייך נישט קיין פאַרשטערטן שבת, ס׳איז גלאַט כשר״.

איז שוין קיין וווּנדער נישט, וואָס די שטאָט האָט אים אַזוי ליב געהאַט און אים לאַנג באַוויינט...

אָבער ווי לאַנג קאָן דען אַ שטאָט זיין אָן אַ דיין? קהל איז פאַרוואָרפן געוואָרן מיט בריוו. ס׳זענען געקומען רבנים מיט לאַנגע פאַרקאָלטנטע

בערד, וועלכע האָבן אין זייער לעבן קיין קעמל נישט געזען; און רבנים פּאַרפּוצטע מיט אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, מיט שטייפע קעלנער און געדער שניפּסלעך; רבנים זויבערע מיט פולע קעשענעס מיט סמיכה. ס׳זענען אויך געקומען רבלעך, מיט צוגעשוירענע בערדלעך; רבלעך וואָס האָבן שוין ניט געזאָגט די אַלטפּרענקישע דרשות, נאָר געהאַלטן רעפעראַטן אין בית־מדרש, אין אַזאַ אויסטערלישער שפּראַך, אַז ייִדן זענען געבליבן געפּלעפט. דאָס זענען געווען מזרחישע רבנים. און כאָטש מזרחיסטן זענען אין שטעטל געווען ווינציק, האָט זיך אָבער צו אַזאַ סאָרט רב צוגעקלעפּט אַ גאָר גרויסער צד, די נישט גאָר פרומע, וואָס האָבן געדאַוונט אין פּאָליש און אַ גרויסער טייל פון עמך, וואָס האָבן אָנגעהויבן מורד־זיין קעגן חסידישער תקיפות. די דאָזיקע ייִדן האָבן אין אַזאַ רבל דערזען אַ צווייטן הרב פּערלמוטער, וואָס האָט געקאָנט רעדן מיט מלכות. און באמת, וואָס פאַר אַ פּנים האָט די שטאָט, אַז ס׳קומט דער דריטער מאַי, ווען די ייִדישע באַפעלקערונג ווערט אָפיציעל איינגעלאַדן זיך צו באַטייליקן אין די פייערונגען און אויף דער טריבונע ביי דער זייט פון רב שטייט מאיר זיינוולס און ער באַגריסט דעם יום־טוב אין נאָמען פון רב און פון קהל און דער רב מיט דעם דיין אין די שטריימלעך מוזן שטיין ווי די גולמס. אַנדערש איז מיט אַזאַ סאָרט רב. ער קאָן פאַרשאַפן כבוד דער שטאָט. די פרומאַקעס ווידער האָבן געבלאָזן ס׳אָרט: „סטייטש! אַזאַ שמענדריק זאָל פאַרנעמען ס׳אָרט פון ר׳ פּיניעלען? בלוט וועט זיך גיסן!“...

5

ר״ח אלול הויבן ייִדן אָן תשובה צו טון. ווו אַ „שטיבל“, ווו אַ מנין, הערט מען פון דאָרטן דעם קול פון שופר. דאָס זענען חסידישע יונגעלייט אָדער סתם פרומע בחורים, וואָס לערנען זיך שופר־בלאָזן. ווו מען דער־קראַצט ערגעץ אַ שופר, ברענגט מען אים אין בית־מדרש אַריין, און פון אַלע זייטן הערט מען איבערגעבראָכענע תקיעות; צעלעכערטע שברים און תרועהס שיטן זיך ווי אַרבעס אין אַ קופערנער פאַן.

באַלד נאָך ר׳ פּיניעלעס פּטירה האָט זיך אַ נייער שטריימל באַוויזן

אין שטעטל און זיך באַזעצט אין דעם הויז, ווו ר׳ פּיניעלע האָט געוווינט. מענטשן האָבן זיך געוווּנדערט: „סטייטש? — ס׳זענען דאָך נאָך נישט פאַרביי אַפילו קיין שלושים“.

ניט אַלע האָבן געוווּסט, אַז דער שטריימל, וואָס רופט זיך „דער טע־רעשפּאָלער דייך“, איז געווען דעם ניפטרס אַ גליד־שוועסטערקינד. דאָס האָבן געוווּסט נאָר זיינע נאָענטע, אָבער סתם ייִדן האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז ער קומט פון דער ביכאָווער גזע. זיי האָבן דאָס דערקענט אָן דעם מין שטריימל, וואָס איז נישט געווען ענלעך צו אַלע אַנדערע שטריימלעך. אַ שטריימל, ווי מען ווייסט, ווערט געמאַכט אין דער פאָרם פון אַ ספּאָדיק און זיין שטריימל איז געווען געמאַכט פון סאַמע עקלעך, וואָס דער קירזש־נער האָט אַזוי קונציק אַריינגעפלאָכטן אין אַ סאַמעטענער יאַרמלקע, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטן אויפן שפּיץ קאָפּ. און געקומען איז דער „טערעש־פּאָלער“ ווי צום גרייטן, צו פאַרנעמען דעם נפטרס אָרט. זיינע קעשענעס זענען געווען איבערגעפולט מיט יחוס־בריוו, מיט היתר־הוראות פון אַ טוץ רבנים. ער האָט אויך געהאַט געננוג אייגענעם יחוס. האָט געשטאַמט פון ייִד הקדוש און איז געווען אַ גאָר נאָענטער מקורב ביים טריסקער רבין. צו דעם אַלעמען איז ער געווען אַ ייִד אַ למדן און אַ גרויסער ירא־שמים. בית־מדרש־בחורים האָבן אים אין אַ גאָר קורצער צייט ליב באַקומען. ער איז געווען אַ גרויסער סבלן און האָט געקאָנט פאַרלירן שעהן־לאַנג מיט אַ בחור און אים מסביר זיין אַ רשי, וואָס יענער האָט נישט געוווּסט. נאָר דאָס אַליין איז נאָך נישט געווען זיין טרומף־קאָרט, מיט וועלכער ער האָט זיך געגרייט איינצונעמען די שטאָט, ווייל לומדים האָט די שטאָט געהאַט געננוג. אָבער אַ בעל־תקיעה איז ער געווען — איינער אין דער וועלט. ס׳איז פּשוט נישט געווען צו אים קיין גלייכן. ייִדן פלעגן אים קו־מען הערן בלאָזן שופר פון גאָר ווייט. אַז ער פלעגט שופר בלאָזן ביים טריסקער רבין אין שול ראש־השנה זענען מענטשן דאָרט געשטאַנען קעפּ אויף קעפּ. פאַרשטייט זיך, אַז בית־מדרשניקעס האָבן דאָס אויסגענוצט, און ר״ח אלול האָט ער יעדן איינעם געלערנט בלאָזן שופר. ער פלעגט אויך אויסבלאָזן כלערליי ניגונים אויפן שופר און אַ דאַנק זיין שופר־בלאָזן, זיין לומדות, זיין יחוס און באַזונדערס זיין נאָענטקייט צו די טריסקער חסידים, האָט ער באַקומען אַ גרויסן צד אין שטאָט. דער צד האָט זיך טאַקע געגרייט

אויף ראש־השנה צום שופר־בלאָזן און דאַן וועט ער איינוואַרפן אַלע פעס־טונגען, וואָס די קעגנער האָבן קעגן אים אויפגעשטעלט. זיי וועלן דורכן קול פון זיין שופר — ווי די מויערן פון יריחו — פאַלן איינס ביי איינס...

## 6

יעדער ווייסט, אַז ראש־השנה, בעת די תקיעות, ווען ס׳עפענען זיך די שערי־רחמים, כדי דער קול־שופר זאָל דערגיין צום כסא־הכבוד, אַרבעט דער שטן מעשים. ער לייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט בכדי נישט צו דערלאָזן, אַז דאָס קול פון שופר זאָל דאָרטן דערגרייכן... אָבער מען האָט נאָך אַזעלכעס נישט געהערט און נישט געזען, וואָס עס איז מיטן טערעשפאָלער דעם ראש־השנה געשען.

באַלד נאָך קריאת־התורה האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן באַלעמער די פני פון שטאָט, אַלע אָנגעטון אין קיטלען און טליתים. די שווערע עטרות האָבן זיי אַריבערגעוואָרפן איבער די קעפּ; אַלע האָבן אַרומגערינגלט דעם טערעשפאָלער, וועלכער איז געשטאַנען ביים שולחן אין דער סאַמע מיט איינגעהילט אין אַ טלית. קיין פּנים האָט מען נישט אָנגעזען. דער ווייסער קיטל, וואָס האָט זיין גאַנצן גוף צוגעדעקט, איז געווען ווי אָפּגעצייכנט פון ביידע זייטן ברוסט מיט צוויי אויסגעטריקנטע ריטשקעלעך, וואָס האָבן זיך געשלענגלט פונעם האַלדז אַראָפּ נידעריקער העט אונטערן גאַרטל. ס׳האָט דערמאָנט אָן צוויי שמאָלע טייכעלעך, וואָס האָבן אויסגעטריקנט און עס זענען נאָר געבליבן שפּורן פון זיי. דאָס זענען געווען צייכנס פון טרערן, וואָס האָבן כסדר אַראָפּגעטריפט אויפן קיטל. טרערן פון תפילות, וואָס טריקענען קיינמאָל נישט אויס... דער שמש איז געשטאַנען אין ווינקל און האָט מיטן האַמער אויסגעקלאַפּט דריי קלעפּ אינעם שולחן. ס׳האָט אַן אימה זיך אַראָפּגעלאָזט איבער אַלעמען. די שול איז געווען איבערפולט. קעפּ אויף קעפּ. וועווע משה־יונהס האָט מיט זיין לייבן־שטים אויסגעשריגן: „למנצח לבני קורח מזמור״... דער עולם האָט זיך פעסטער צוזאַמענגע־דריקט, ווי אַ סכנה וואָלט דאָ איצט אויף אַלעמען געלויערט. אַ שטילער גערויש האָט אַ יאָג געטון פון איין עק שול ביז צום צווייטן. און ווען דער

גערויש האָט זיך איינגעשטילט, איז ווידער אין דער שול שטיל געוואָרן. עס האָט זיך צעשפּרייט אַזאַ אויסטערלישע שטילקייט, ווי די ליידיקייט אַליין וואָלט דאָרטן געבליבן. נאָך די געהעריקע ברכות, וואָס דער בעל־תקיעה האָט געמאַכט, האָט ר׳ שלמה בערישעס, דער בעל־מקרא, אַרויס־געזאָגט פון אַ גרויסן מחזור: — „תקיעה!״.

דער טערעשפּאָלער האָט אַרויסגעצויגן דעם שופר, וואָס איז געלעגן ביי אים אין בוזים אונטערן קיטל. ווי אַ גוטער פידלער, וואָס ווייסט ווי אַזוי אומצוגיין מיט זיין אינסטרומענט, סטראָיעט ער זי, בעת דער עולם וואַרט אָנגעשטרענגט, און וויל שוין עפּעס הערן, אַזוי האָט ער אויך צו־געלייגט געלאַסן דאָס מויל פון שופר צו זיינע קוים וואָס צעעפנטע ליפּן, מיט דער צווייטער האַנט האָט ער זיך פאַרשטעלט דאָס איבעריקע טייל פונעם מויל. ווייזט אויס, אַז ס׳האָט אַביסל צו־לאַנג געדויערט פון ר׳ שלמה׳ס אַרויסגעזונגענער „תקיעה״ ביזן בלאָזן די תקיעה...

ר׳ שלמה האָט נאָך אַמאָל איבערגעחזרט:

— תקיעה!

אַ קריי פון אַ נישט־דערשאָכטענעם האָן האָט זיך דערהערט אין שול. באַלד נאָך דעם איז געקומען אַ מרוק פון אַ יונג קיִעלע. דאָס האָט דער שופר אַזוי געקרייעט און געמרוקעט ביים טערעשפּאָלער אין די הענט.

— תקיעה! — זאָגט נאָכאַמאָל אַרויס ר׳ שלמה, שוין אַביסל פאַר־דראָסיק.

דער עולם אין שול פילט זיך געשמייכלט פון די קולות, וואָס דער שופר האָט פון זיך אַרויסגעגעבן. ווען דאָס איז נישט בשעת תקיעת־שופר, וואָלט דער עולם אַביסל אונטערגעלאַכט. איצט אָבער איז מען צופיל פאַר־נומען מיט זיך. דער טערעשפּאָלער נעמט אַוועק דעם שופר פון מויל, הוסט אָפּ אַביסל, ציט נאָך מער אַראָפּ דעם טלית איבערן קאָפּ. ער הייבט צוריק אויף די עטרה און שוין אויף אַן אמת מאַכט ער די לעצטע צוגרייטונג. ר׳ שלמה הייבט ווידער אָן:

— תקיעה!

אַ דין קול הייבט אָן אַרויסצוציִען זיך פון שופר, אָבער ס׳ווערט אין דער זעלבער רגע אָפּגעהאַקט ווי עמעץ וואָלט דאָס מיט אַ קאָסע איבער־געשניטן. דער טערעשפּאָלער הייבט אָן פילן אַן אומרויִקייט. די האַנט

וואָס האַלט דעם שופר, ציטערט. ר׳ שלמה קומט צום אויספיר, אַז דאָס איז נישט געווען דער קול פון אַ שופר, זאָגט ער נאָך אַ מאָל:

— תקיעה!

דער עולם ווערט שוין אומרויִק; דער טערעשפּאָלער קערט איבער דעם שופר אויף דער צווייטער זייט, קוקט אַריין אין אים. ס׳איז דאָרטן אַזוי שוואַרץ, אַז זיין אויג און זיין האַרץ קאָנען דאָרטן גאָר נישט דערגרייכן. ער נעמט אַריין די ברייטע זייט פונעם שופר אין מויל אַריין, בלאָזט דאָרטן אַריין מיט די לעצטע כוחות, קלאַפּט אים אָפּ אין שולחן. ר׳ שלמה זאָגט נאָכאַמאָל, שוין מיט געבעט:

— תקיעה...

איצט ציט זיך שוין אַרויס אַ לאַנגזאַם קול פונעם שופר, דין, גאָר דין, דאַכט זיך, אַ געוויין פון אַ קינד. אַן ערשט־געבוירן קינד האָט געגעבן אַ וויין אַרויס און שטיל געבליבן.

— נו־א־נו! — ברומט אונטער איטשע ישראל־נתנס, דעם טערעש־פּאָלערס אַ הייסער חסיד. ער שטייט טאַקע לעבן אים. געהייסן האָט דאָס: „שלמה! שוין גענוג מיט דער תקיעה, גיי ווייטער! דער שטן וועט מיט גאָטס הילף צעריסן ווערן; זעסט דען נישט, אַז ער האָט זיך דאָ פאַרלייגט?״.

ר׳ שלמה האָט, ווייזט אויס, אויך אַזוי געטראַכט. מ׳דאַרף גיין ווייטער. מען זעט דאָך, אַז דאָס איז מעשה־שטן, ווייל ווי איז דאָס מעגלעך, אַז ביים טערעשפּאָלער זאָל קיין תקיעה נישט אַרויס? ער האָט אויפגעהויבן דעם מחזור און מיט גרויס כוונה אַרויסגעלייענט:

— שברים!

פון דעם שופר האָבן זיך אַרויסגעריסן דריי אומגלייכע קולות: אַ קוויטשענדיק קולעכל ווי פון אַ יונג הענדל, אַ סקריפּ ווי פון אַ באַס און אַ מ־ע־ע פון אַן אַלטן אָקס. דאָ האָט שוין שלמה בעריַשעס ביי זיך אָפּ־געפּסקנט, אַז דאָס קאָן קיין שברים נישט זיין; און כדי ער זאָל נישט פּרווון פאַרבייגן, ווי ביי דער ערשטער תקיעה, האָט ער באַלד נאָכאַמאָל אַרויס־געלייענט:

— שברים.

קיינער האָט נישט געקענט פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר. אפשר צוליב אויפרעגונג. ווען דער מענטש דערפילט ווי די ערד וואַקלט זיך אונ־

טער זיינע פיס, פאַרלירט ער אַלע עצות און פעיִקייטן, וואָס ביי נאָרמאַלע צייטן וואָלט ער זיי געהאַט אין די צענדליקער. דער טערעשפּאָלער, וואָס בלאָזן שופר איז ביי אים געווען אַ שפּילעכל, וואָס צענדליקער עצות האָט ער געהאַט צו מאַכן בלאָזן דעם ערגסטן שופר מיט זיין מויל, האָט זיך איצט געפילט ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד. ער האָט נאָך אַ מאָל גע־פּרוווט אַרויסברענגען דעם שברים, אָבער איצט איז אים שוין אוממעגלעך געווען אַפילו אַ קלאַנג אַרויסצובאַקומען פון שופר...

דער עולם אין שול האָט זיך פּחדימדיק צוזאַמענגעדריקט אין איין גרויסן קנויל. אַזוי דריקן זיך צוזאַמען אַלע בעלי־חי, וועלכע ווילן זיך ראַטעווען פון אומקום. ווו־ניט־ווו האָבן זיך געהערט צווישן עולם אָפּגע־האַקטע זיפצן.

— ש־ש־שאַ... — האָט זיך געקוילערט אינעם חלל פון דער שול ווי אומהיימלעכע נשמות וואָלטן דאָרט געשוועבט אין דער לופט.

דעם בעל־תקיעה האָט אַ קאַלטער שוויס באַגאָסן. ווי אין חלום האָבן אים זיינע רעיונות אַרומגעפּירט. ער האָט זיך געזען אַרומגערינגלט צווישן מלאכי־חבלה. נשמות פון מענטשן, וואָס זענען מגולגל געוואָרן אין בהמות און אין עופות, האָבן ווער ווייסט וויפיל יאָרן געזוכט אַ תיקון און אַז זיי האָבן שוין קוים דערלעבט, אַז אַ שוחט זאָל זיי שעכטן, און איבער זיי אַ ברכה מאַכן, האָט ער, דער שוחט, זיי ביי דער מינדסטער קליינ־קייט טריפה געמאַכט. ווען ער פלעגט שאלות פּסקענען דאָרט אין טערעשפּאָל, פלעגט ער גאָרנישט נעמען אין אַכט דאָס געוויין פון די אָרעמע קצבים און פון די אָרעמע פרויען, וואָס האָבן קיין צווייטן עוף אויף שבת נישט געהאַט. איצט רייסן זיי פון אים שטיקער, אָט די אַלע פאַרלוירענע נשמות, וואָס וואַלגערן זיך אין כף הקלע. ער פילט ווי מוראַשקעס קריכן אים אַרום איבער זיין לייב. ער רייסט זיך אויף פון זיינע מחשבות, דערמאָנט זיך, אַז ער האַלט ביים שברים, פּרוווט ער נאָך אַ מאָל אים אַרויסברענגען, אָבער קיין שאַל, קיין קול — גאָרנישט... — אַלץ איז פאַרמאַכט...

פאַרלוירן האָט ער אַרויסגענומען דעם שופר פון מויל, פעסט אים געהאַלטן מיטביידע הענט, ווי איינער וואָס טרינקט זיך און כאַפּט זיך אָן אין אַ שאַרף פון אַ שווערד. אָדער אפשר אין זיין פאַרלוירנקייט האָט ער גאָרנישט געפילט וואָס ער האַלט אין האַנט. איינס האָט ער נאָר געפילט:

אַז ער איז פאַרלוירן, אַז אים קאָן שוין איצט גאָרנישט העלפֿן. די שערי־רחמים זענען פאַר אים געשלאָסן. ער האָט זיך צעוויינט ווי אַ קינד. ביים אָנהייב האָט זיין געוויין זיך געשטיקט, אָבער וואָס אַמאָל איז זיין געוויין געוואָרן אַלץ העכער, ווי ביי אַ קינד, וואָס פאַרקייכט זיך און כאַפּט דעם אָטעם, בכדי ווייטער צו וויינען. פון זיין שטילן געוויין איז געוואָרן אַ יללה. אַזוי קאָן נאָר וויינען אַזעלכער, וואָס האָט אַלץ, אַלץ פאַרלוירן. און דאָס ביסל לעבן, וואָס איז אים נאָך פאַרבליבן, איז נאָר כדי ער זאָל קאָנען וויינען. אַלע ייִדן אין שול זענען פאַרציטערט געוואָרן פון דעם געוויין. אַ שוידער איז יעדן אַדורך דורכן לייב. אָבער שטיל איז געווען — אַ שטיל־קייט פון טויט. אַ שטילקייט פון גאָר נישט זיין. עס האָט זיך געדוכט, אַז די ווענט פון שול האָבן אין זיך איינגעזאַפּט דאָס לעצטע ביסל מענטש־לעכן אָטעם, כדי צו לאָזן הערן די טראָפּנס טרערן, וואָס האָבן גערונען פון דעם טערעשפּאָלערס אויגן אינעם שופר אַריין און דורך דער שמאָלער זייט פון שופר האָבן זיי אַרויסגעקאַפּעט אויפן קיטל צום ריטשקעלע, צו זייער אייביקן אָרט, ווי אַ טייכל צו זיין אַלטן געלעגער. און די טרערן, די געזאַלצענע פּערל פון מענטשלעכן צער, האָבן דאָרטן אין דעם שופר ווונדער באַוויזן. זיי האָבן פון דעם שטן שטיקער געריסן, האָבן אים גע־ברענט דאָס אָרט און אים פאַריאָגט ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט...

דעם טערעשפּאָלערס האַרץ איז לייכטער געוואָרן. ער האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ ווייטן, ווייטן חלום, אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן. אַ באַנייטער, האָט ער ווידער אַמאָל גענומען דעם שופר צום מויל און נאָך איידער ר׳ שלמה האָט באַוויזן אָנצוהייבן אויפסניי „תקיעה״, האָט דער שופר אַזאַ שאַל געטון, אַז אַ ווידערקול האָט זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער שול. באַלד איז געקומען דער שברים, ווי דריי זיסע קרעכצן פון אַ נאַכטיגאַל אין וואַלד פאַרטאָג, ווען ער זוכט זיין באַשערטע. די תרועה האָט זיך געהערט ווי דאָס פישטשען פון אַ קאַנאַריקל, וואָס צעגייט זיך אין אַ געטרילערײַ און זאָגט אָן פרייד.

ווען דער טערעשפּאָלער האָט געענדיקט דעם ערשטן „תשרת־תשת־תרת״, האָט דער עולם אַרויסגעדונערט דעם „היום הרת עולם״ נישט מיט דער ציטער פון אַ תפילה נאָך שופר־בלאָזן, נאָר ווי דאָס וואָלט געווען אַ פורימדיקער „שושנת יעקב״. מען האָט געפילט, ווי פון אַלעמענס הערצער

וואָלט אַראָפּ אַ שטיין. די איבעריקע תּקיעות זענען שוין אַוועק ווי אַ מזמור. טאַקע אַזוי ווי נאָר דער טערעשפּאָלער האָט געקאָנט.

שוין העט ווייט נאָך די ימים־טובים האָבן יאַנאָווער ייִדן נישט אויפ־געהערט צו דערציילן און איבערדערציילן די געשעעניש. דעם טערעשפּאָ־לערס צד איז געוואָקסן ווי אויף הייון. אויסגערונען זענען ביסלעכווייז אַלע רבנים און רבלעך, וואָס זענען אָנגעוואַקסן אין שטאָט ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. געבליבן איז נאָר דער טערעשפּאָלער ווי דער דיין פון שטאָט אויף ר׳ פּיניעלעס אָרט.

זינט דעמאָלט איז דער טערעשפּאָלער ביי אַ שאלה געוואָרן אַזאַ מיקל ווי ר׳ פּיניעלע. ווייבער פלעגן ווידער אויסמיידן דעם רב און מיט אַ שאלה פלעגט מען ווידער לויפן צום טערעשפּאָלער. זיינע חסידים האָבן נישט אויפגעהערט צו דערציילן יאָרנלאַנג פון דעם גרויסן מופת, וואָס ער האָט באַוויזן ראש־השנה ביים שופר־בלאָזן. ווען נישט זיינע טרערן, וואָס האָבן דאַן דעם שטן פאַרטריבן, ווער ווייסט ס׳אַראַ גזר ס׳וואָלט זיך דאַן געווען אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטאָט...

# גנעווים

## 1

אַן אַרבעטער־באַוועגונג האָט שוין אין יאַנאָוו עקזיסטירט אַ לאַנגע צייט פאַרן קומען פון לייבל פערשטאנד. נאָך אין פינפטן יאָר, פלעגט מיר די מאמע דערציילן, האָט מען פון אונדזער שטעטל אַוועקגעשיקט אַרבע־טער אויף קאַטאָרגע. צו דער רעוואָלוציע פון פינפטן יאָר האָט יאַנאָוו צוגעטראָגן איר חלק. אָבער אַן אָרגאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג ביי אונדז אין שטאָט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן מיטן קומען פון לייבל פער־שטאנד, וואָס האָט אַלע יאָרן געלעבט אין לובלין, ווו ער איז געווען איי־נער פון די פירער פון „בונד". אז ער איז געוואָרן אַ יאנאָווער איידעם, האָט דער אַרבעטער־קלאַס פון שטעטל, וועלכער איז ביז אים געווען כצאן בלי רועה, אויפגעלעבט און זיך אָרגאַניזירט.

אַלע קלאסן פון דער יאַנאָווער געזעלשאַפט אין יענער צייט האָבן גע־האַט זייערע פאָרשטייער, וואָס האָבן זיי באַשיינט. די ציוניסטן האָבן געהאט זייערע אינטעליגענטן, פּאָליטיקער און סטראטעגן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער מלחמה־סטראטעגיע אויפן בית־מדרש־טיש. און דער עיקר, זיי האָבן געהאט רעדנער. אַז די ציוניסטן האָבן גערופן אויף אַ פאַרזאמלונג, האָט מען שוין געוווסט, אַז ס'וועט זיין וואָס צו הערן: מאיר זיינוולס מיט זיין פייערדיקן פיסק, אַברהם־יצחק לעווין, וואָס האָט אויך זייער שיין גערעדט און לייבל ווייבריב פון „מזרחי", וואָס פלעגט פון זייערע ביידנס רייד מאַכן קאַשע, באַווייזנדיק מיט פסוקים און פשטלעך, אַז נאָר זיין פּאַרטיי איז קודש קדשים. און אָט צווישן די אַלע קאַרפּן־קעפּ האָט זיך

אַוועקגעשטעלט לייבל פערשטאַנד מיט זיין רעדנער־טאַלאנט און האָט זיי אַזוי לאָגיש אָפּגעענטפערט. מייסטערהאַפט האָט ער געקאָנט האַלטן גע־שפּאַנט דעם עולם, וואָס האָט געשלונגען זיין יעדן וואָרט. דערפאַר איז ער טאַקע געווען דאָס שיינדל פון דער יאַנאָוועער אַרבעטער־באַוועגונג. יאַנאָוועער „עמך" האָט אָנגעקוואָלן פון נחת, בעת לייבל פערשטאנד האָט זיי, די אינטעליגענטן, געוויזן ווער עס איז ווער.

אויך ר' שלמה הארמאַן, אָדער שלמה בערישעס, — ווי מען האָט אים גערופן, — פון דער „אגודה", איז געווען אַ רעדנער וואָס האָט פון זיי אַלע געמאַכט אַ באַרג אַש. ר' שלמה איז געווען אַ ייִד אַ למדן און אַ חוקר. ער איז געווען באַהאַוונט אין פילאָזאָפישע שיטות, האָט זיך אויך אינטערע־סירט מיט די לערעס פון דער נייער צייט און איז געווען פון די גע־ציילטע, וואָס ווייסן וואָס צו ענטפערן אַן אַפּיקורס.

און טאַקע וועגן אַן עפּיזאָד, וואָס איך האָב געהאַט מיט אָט דעם ר' שלמה הארמאַן, וויל איך אייך דאָ דערציילן. ס'פלאַמט מיר דאָס פּנים פון בושה ביים שרייבן די שורות. אַ ווייטיק נעמט מיך אַרום ווען איך דער־מאָן זיך צו וואָס אַ נאַריש ייִנגל קאָן קומען, ווען ער ווערט געטריבן דורך ווילדע אינסטינקטן פון שנאה און האַס. איך דערצייל בכוונה אָט די אַלטע, שוין באַלד פאַרגעסענע געשיכטע, כדי זיך אַליין צו פּייניקן און ווידער איבערלעבן דעם זעלבן קאָשמאַר, וואָס דריקט מיך שוין אַזויפיל יאָרן. און כדי ס'זאָל קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן אָט די נבלה, וואָס איך האָב אָפּגעטון, שרייב איך דאָס אָן אויפן פּאַפּיר — ווי אַ שענדלעכן דאָקומענט קעגן מיר, און זאָלן מיינע קינדס־קינדער משפּטן מיינע מעשים, צי איז דאָס געווען סתם אַן אומזין, ייִנגלשע צעלאָזנקייט, אָדער כ'בין טאַקע געווען אַ געבוירענער פאַרברעכער...

## 2

ווייזט אויס, אַז דער זייגער פון יאַנאָוועער „פּראָלעטאַריאַט", וואָס איז געגאַנגען אונטער די פליגל פון „בונד", האָט נישט זייער גוט געקלאַפּט. אונדזער ליסטע צו די וואַלן צום פּוילישן סיים, האָט מען מיר געזאָגט בסוד

סודות, האָט מען געפּסלט. פּאַסירט האָט עס פּשוט צוליב נאַכלעסיקייט: די פאָרשטייער פון „בונד״ פון אונדזער געגנט האָבן פאַרשפּעטיקט צו רעגיס־טרירן אונדזער ליסטע. דערפאַר איז זי אַנולירט געוואָרן. אין דער אָרגאַ־ניזאַציע האָט זיך געטון חושך. איינער האָט אַרויפגעלייגט די שולד אויפן צווייטן. אָבער עס איז געווען פאַרפאַלן. דאָך האָבן מיר זיך געהאַלטן ביים כלל: מיר־נישט דיר־נישט! און אַז קאַפּיטולירן פאַרן שונא טאָר מען אויך נישט. ווי דערלויבט מען עפּעס, אַז די ציוניסטן און די „אַגודה״ זאָלן באַהערשן די ייִדישע גאַס? לובלין האָט שוין געוווסט פון דעם חורבן און האָט אונדז קיין שום מאַטעריאַל נישט געשיקט. מיר האָבן בכן קיין שום אפישן און פּלאַקאַטן נישט געהאַט. מיר זענען פּשוט אויף דעם גאַנצן וואַל־יאַריד אַרומגעגאַנגען אָן אַ שטאָך אַרבעט...

שוין די לעצטע וואָך פאַר די וואַלן זענען די פירער געפאַלן אויף אַן המצאה: מען טאָר דעם שונא נישט לאָזן וואַקסן! ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען מוז אלצאיינס פירן אַ וואַל־אַגיטאַציע. אַי, מען האָט נישט געשיקט קיין וואַל־מאַטעריאַל פון לובלין? וועט מען שיקן קיין לובלין אַ שליח נאָך מאַטעריאַל; מען וועט קויפן מאַטעריאַל. און מען מוז אָנלערנען די שונאים...

3

וואָס האָט געקאָנט געשען מיט שמחהן? אַלע וועגענער זענען שוין געקומען פון דער באַן און ער איז נאָך נישטאָ, ס׳איז שוין פרייטיק־צו־נאַכט נאָך ליכט־צינדן. ייִנגלעך דרייען זיך אַרום אין שול ווי אויף שפּיל־קעס. — „נאָך נישט געקומען?״ — פרעגט איינער דעם צווייטן. מען האָט שוין אין שול מקבל־שבת געווען און שמחה איז נאָך אלץ נישטאָ. אַלע גייען מיר אַרום מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. טייל לאָזן זיך אַרויס אויפן מאָדליבאָזשיצער וועג, אפשר וועט מען אים פאָרט דערזען? און וואָס וועט שוין אַרויסקומען, אַז ער וועט שוין אָנקומען מיטן מאַטעריאַל? ס׳איז דאָך שוין שבת ביינאַכט און די שול איז שוין סיי־ווי־סיי פאַרמאַכט. איז ווען וועט מען קלעפּן די פּלאַקאַטן? און די וואַלן קומען פאָר זונטיק. אויב מען וועט ערשט קאָנען קלעפּן די פּלאַקאַטן שבת־צו־נאַכט אין שול, איז ווער־זשע וועט זיי שוין לייענען? אַז אַ גאַנצע וואָך דאַוונט קיינער נישט אין

שול, אויסער אַ מנין השכמה־דאַווענער. מיר האָבן געוואָלט, אַז די שול זאָל פאַרקלעפּט ווערן מיט אונדזערע אַפּישן פּרייטיק, בכדי פרייטיק־צו־נאַכט און שבת אין דער פרי זאָלן זיי ייִדן לייענען. אַזוי אַרום וואָלטן מיר געקאָנט אָפּרייסן כאָטש עטלעכע שטימען פון אונדזערע שונאים. אַלע זענען מיר אַרומגעגאַנגען אויפן מאַרק ווי אבלים, באַליידיקטע און פאַרשעמטע.

ווי פאַרבלאָנדזשעטע אין אַ פינצטערער נאַכט אין אַ וואַלד, וואָס דערזעען פלוצים אַ שיין — אַזוי האָבן מיר זיך דערפילט, ווען מען האָט אונדז אָנגעזאָגט די בשורה, אַז שמחה איז שוין געקומען. שוין העט נאָכן עסן איז דער שוואַרצער איטשע אַרומגעלאָפן צווישן די חברים אָנזאָגן, אַז שמחה איז שוין דאָ און האָט געבראַכט אַ גרויסן פּאַק מיט מאַטעריאַל. ס'האָט נישט געדויערט קיין צען מינוט און אַלע זענען מיר שוין געווען אין דער אָרגאַניזאַציע און געפרייט זיך ווי קינדער מיט די רויטע און ווייסע פּאַפּירן פון פאַרשידענער גרויס. געווען אויך אַ באַזונדער פּעקל מיט צענדליקער, טויזנטער שטים־צעטלען, וועלכע וואָלטן זיך אַזוי גוט אַריינגעפּאַסט אין די אורנעס, ווען זיי וואָלטן נישט געווען פּסול... די פּירער האָבן אָפּגעזיפצט, ווי חסידים ביים רבינס טיש, ביי אַ סעודת ראש־חודש, ווען דער גאַנצער שיריים איז מילכיק און דער עולם איז פליישיק.

— נישט געזאָרגט — האָט זיך אָפּגערופן יאַנקל דער פּרעזעס — חברה, מען דאַרף די פּלאַקאַטן היינט ביינאַכט פונאַנדערקלעפּן!

מען האָט יעדן געגעבן צו עטלעכע פון אַלע קאָלירן און אָנגעוויזן דאָס אָרט, וווּ זיי צו קלעפּן. מיט קליי האָבן די שוסטער באַזאָרגט. חברה איז זיך צעגאַנגען. געבליבן זענען נאָר עטלעכע, וואָס האָבן באַדאַרפט אויספירן וויכטיקע שליחותן. דער עיקר האָט מען געמוזט באַזאָרגן די שול, וואָס איז געווען באַקלעפּט מיט פּלאַקאַטן פון דער „אגודה" און פון די ציוניסטן. די אָ פּלאַקאַטן זייערע האָבן מיר באַדאַרפט פאַרקלעפּן מיט אונדזערע — אַזוי, אַז שבת אינדערפרי, ווען ייִדן קומען אין שול אַריין דאַווענען, זאָלן זיי קיין איין פּלאַקאַט פון אונדזערע שונאים נישט געפינען. בלויז אונדזערע זאָלן אַראָפּשרייען פון די ווענט. אַראָפּרייסן וועלן זיי דאָך נישט קאָנען. ס'איז דאָך שבת. אַזוי אַרום וועלן מיר זיגן אויף אַלע פראָנטן...

## 4

משהלע מענדל דעם שמש׳ס איז אַלע יאָרן געווען מיין בעסטער חבר. מיר האָבן תמיד געלערנט צוזאמען אין בית־מדרש בשותפות. און ווען איך בין שוין געוואָרן אַ בעל־מלאכה, פלעגן מיר נאָך אַלץ צוזאמען לערנען אַ „שעור״ ביינאַכט. אָבער לעצטנס האָט ער זיך שוין געפּרוּווט דערווייטערן פון מיר. האַלב אין שפּאַס פלעגט ער מיר זאָגן. „שעווצי אי קראַווצי ניע לודזשיע״1). נאָר אַזוי ווי מיר האָבןביידע געלערנט צוזאמען פויליש פון ניימאַנאָוויטשעס העפטן, וואָס זענען אגב געווען מיינע, האָט ער שוין קעגן מיר נישט געקאָנט מעיז־פּנים זיין און איז געבליבן מיין חבר... איצט איז מיר איינגעפאלן אַ געדאנק: איך וועל אויסנוצן משהלעס חברשאַפט און וועל אים בעטן ער זאָל מיר באָרגן דעם שליסל פון שול, ווו זיין פאָטער איז שמש. איך האָב אויך געוווסט ווו זיין פאָטער האַלט דעם שליסל, ווייל איך בין דאָרטן געווען אַ גאַנצער בן־בית, אָבער אַרויסגנבענען אַ שליסל פון יענעמס שטוב האָב איך נישט געוואָלט.

דער פּלאַן איז דער חברה געפעלן געוואָרן. איך האָב גענומען אויף זיך די זאך צו דערלײדיקן. נאָר ווי אַ זאַך מאַכט זיך — האָט מען מיר מיטגעשיקט מעכל־שניבע, פסח הויקערס זון, אַ שוסטער מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים. ער האָט מיך באַדאַרפט באַגלייטן, און די איבעריקע זענען געבליבן וואַרטן אינעם לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע.

אפנים, אַז מען האָט שלעכט אויסגערעכנט: ווען איך גיי אַליין, וואָלט דער גאַנצער פּלאַן אפשר געווען געלונגען. איך וואָלט משהלען געזאָגט אַ תירוץ, אַז איך באַדאַרף דעם שליסל, ווייל איך האָב איבער־געלאָזט אַ סידורל אין שול, אָדער אַז ס׳איז פאַראַן ביי אונדז אַ חולה־מסוכן און די מאַמע וויל גיין איינרייסן דעם ארון־קודש — דאַן וואָלט ער מיר זיכער באַלד געגעבן דעם שליסל. איך וואָלט דאַן אויפגעשלאָסן די שול, און לאָונדיק זי אַזוי אויפגעשלאָסן, אים אָפּגעגעבן דעם שליסל צו־ריק. שפּעטער וואָלטן מיר געקענט דאָרטן טון וואָס אונדזער האַרץ גע־פעלט.

1) שוסטער און שניידער זענען נישט קיין מענטשן.

אַז משהלע האָט אָבער דערזען ווער מיין באַגלייטער איז, האָט ער באַלד אויף מיר געקוקט מיט חשד.

— אויף וואָס באַדאַרפסטו דעם שליסל? — פרעגט ער באַלד.

איך האָב זיין בליק נישט געקאָנט אויסהאַלטן און האָב אים גע־זאָגט דעם אמת. אָדער אפשר האָב איך אים געוואָלט דערמיט ווייזן מיין פּאָליטישע רייפקייט: זע, מיר האָבן בײדע צוזאַמען געלערנט אין בית־מדרש, איך בין שוין אַ פּאָלנער מענטש און דו ביסט נאָך געבליבן דער באַנק־קנייטשער. איך דאַרף האָבן דעם שליסל, כדי דאָרטן דורכצופירן אונדזער וואַל־אַגיטאַציע פאַרן „פּראָלעטאַריאַט".

— שבת?! פּושע ישראל!

און נאָכדעם ווי אַ פּול מויל מיט זיין שפּייעכץ האָט מיין גאַנץ פּנים באַשפּריצט, איז ער מיר נעלם געוואָרן פון אונטער די הענט.

„מיין פּלאַן האָב איך טאַקע נישט אויסגעפירט, אָבער אַלע עבירות האָט ער פון מיר אַראָפּגענומען" — האָב איך געטראַכט. איך בין צוריק געקומען אין לאָקאַל מיט גאָרנישט. נאָר דאָרטן האָט שוין אויף אונדז געוואַרט אַ צווייטער פּלאַן, אַ שווערערער, אָבער אַ מער פּראַקטישער...

## 5

אונדזער שול האָט פאַרמאָגט צוויי טירן. איינע אויף דרום, קעגנאיי־בער דעם בית־מדרש, דאָס איז געווען דער הויפּט־אַריינגאַנג. אין פּאָליש ביי דער זייט איז געווען איינגעמויערט דער האַנטפּאַס. פון דאָרטן האָט אַ גלייכער וועג געפירט אינעם קליינעם שולעכל. רעכטס האָט געפירט דער וועג צו דער גרויסער שול. און פון דער צפון־זייט האָט די שול געהאַט אַ קליין טירל, וואָס האָט געפירט צום הקדש און צו דער בית־הכסא. יענץ טירל איז געוואָרן פאַרריגלט אינעווייניק. צו דער מערב־זייט זענען געווען דריי טירן, וואָס האָבן געפירט אויף טרעפּ צו דער וויבערשער שול. די יאַנאָווער שול האָט געהאַט אַ שם מיט אירע געמעלן. מען איז געקומען פון ווייט ווי אויף חידושים, באַוווּנדערן די עכטע קונסט־מאַ־לעריי, מיט וועלכע עס זענען געווען באַמאָלן די ווענט און דער סופיט.

און הויך איז זי געווען, די שול, אז ס׳פלעגט אָנכאַפּן אַ שרעק אַרויפ־צוקוקן.

ווען קהל האָט זיך ארומגעזען, אַז ס׳ווערט אַ תל פון די אַלע קונסט־געמעלן, מיט וועלכע די שול איז געווען באַצירט, אַז די אַלע שלאַנגען און עקדישן, אדלער און פייגל אויפן סופיט און אַלע מזלות מיט דער מערות־המכפלה, די כותל־מערבי, די הירשן, פוקסן און לייבן אויף די ווענט ווערן צעפּרעסן פון די שפּינען און שטויב, האָט מען געמאַכט אַ לייטער, וואָס האָט געגרייכט ביזן סופיט. די לייטער איז געשטאַנען אויף צוויי גרויסע רעדער, צוגעבונדן מיט א קייט. אַזוי אַרום האָט דער סטרוזש זייער לייכט געקאָנט רייניקן די שול. די לייטער האָט געהאַט איר שטענדיקן אָרט ביי דער צפון־מערב־וואַנט, וואָס האָט זיך געגרע־נעצט מיט די שטאַכעטן פון דער ווייבערשער שול.

אַלע טירן פלעגט דער שמש ביינאַכט פאַרשליסן. אָן אויסנאַם איז געווען די מיטלסטע טיר פון דער ווייבערשער שול. די טיר האָט מען נישט געדאַרפט פאַרשליסן, ווייל דאָרט איז געשטאַנען די מיטה. דאָס טהרה־ברעט האָט פאַרשטעלט די צעבראָכענע שטיגן, וואָס האָבן געפירט אין דער ווייבערשער שול. אַחוץ דעם ווער וועט וואגן אַריינצוגיין אין אַן אָרט, ווו ס׳געפינען זיך אָט די אַלע כלים, וואָס באַדינען די טויטע? דער־צו זענען נאָך די שטיגן געווען פאַרלייגט מיט צעריסענע סידורים, מיט שימות, אין וועלכע מען איז געזונקען ביז די קני. ס׳האָבן זיך דאָרט אויך געוואַלגערט שטיקער צעבראָכענע מיטהס, פאַרזשאַווערטע קיורס וכדומה. דאָס אַלץ האָט זיך געוואלגערט אויף די שטיגן, וועלכע דאָס טהרה־ברעט האָט פאַרשטעלט.

דורך אָט דער טיר איז באַשלאָסן געוואָרן אַריינצוגייך, פון דאָרט דורך דער לייטער אַראָפּצוגייך אין שול אַריין און דאַן טון וואָס מען באַדאַרף...

צוועלף אַזייגער ביינאַכט זענען מיר דריי יינגלעך „פּראָלעטאַריער", נאָך קינדער כמעט, געגאַנגען צו דער שול. אונטער די פּאָלעס האָבן מיר געטראָגן פאַרוויקלטע פּעק מיט אַפּישן פון פאַרשיידענע קאָלירן און גרויס. מיט קליי בין איך געווען באַזאָרגט: יאָקל קאַמאַשנשטעפּער, מיין

מייסטער, האָט אָנגעגרייט אַ פולן טאָפּ מיט קליי אויף שבת־צו־נאַכט צום קלעפּן די שטיוול. פון דאָרטן האָב איך דאָס לייכט אַרויסגעגנבעט.

אַ באַגייסטערטער, ווי אַ כהן־גדול, בין איך געגאַנגען צו דער עבודה. מיין ייִנגלשער ענטוזיאַזם האָט מיך געמאַכט פאַרגעסן, אַז איך גיי צוועלף אַזייגער ביינאַכט אין שול אַריין. תמיד, ווען ס׳איז מיר ווען אויסגעקומען דורכצוגיין די שול ביינאַכט, האָבן זיך מיר די האָר געשטעלט קאַפּויער פון פּחד און כ׳פלעג אַדורך ווי אַ ווינט... איצט אָבער...

און אָט בין איך שוין נישט ווייט פון דער שול. אירע געל־גע־קאַלכטע ווענט זעען אויס ווי אַ געל פּנים פון אַ מת, וואָס שטאַרט אַרויס פון דער שוואַרצער נאַכט. די דריי טירן, וואָס שיילן זיך אויס פון דער וואַנט, זעען אויס ווי דריי אויגן־לעכער, ווי די אויסגעברענטע אויגן פון דעם „פאַרצעווער בעטלער“. די מיטלסטע טיר, דורך וועלכער מיר האָבן געוואָלט אַריינגיין, האָט זיך באַוועגט פונעם ווינט און עס האָט זיך גע־דאַכט, אַז אַ ברעם פון איין אויג עפנט זיך און מאַכט זיך צוריק צו...

אַ שוידער איז אַדורך דורך מיין לייב. ווינציק האָב איך זיך אָנגעהערט דערציילן פון מתים און שדים, וואָס זאַמלען זיך אין שול ביי־נאַכט? פאַרבייגייער רופן זיי אויף צו דער תורה. דערפון קאָן זיך קיינער נישט אַרויסדרייען; מען מוז דאַן גיין צום רב, איינהילן זיך אין זיין טלית, נעמען אין האַנט אַריין זיין שטעקן און גיין אין שול אַריין, אַרויפּ־גיין אויפן באַלעמער, מאַכן די ברכה ביי דער תורה און דאַן הינטער־ווילעכטס זיך צוריק אַרויסשאַרן. און ווער ס׳גייט נישט, קומען די טויטע צו אים און ווערגן אים... דעריבער האָב איך אַזוי מורא געהאַט דורכצו־גיין דורך דער שול ביינאַכט — מיט די טויטע האָב איך נישט געוואָלט אָנהויבן.

איך נעם זיך אָבער אָן מיט מוט, כאָטש אַ ווינטל מאַכט גליווערן דעם קאַלטן שווייס פון מיין פּנים. און כדי צו פאַרטרייבן פון זיך דעם פּחד, הויב איך אָן פייפן.

ווייזט אויס, אַז ביי איינעם פון מיינע חברים, וואָס האָט מיך באַ־גלייט, האָט אויך אָנגעהויבן צו קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן פון שרעק. אַ בלייכער ווי קאַלך האָט ער מיך געפרעגט, צי איך האָב נישט קיין מורא צו פייפן ביינאַכט, ווייל מיט מיין פייפן רוף איך דאָך צוזאַמען די שדים...

— וואָס פאַר אַ שדים? — שריי איך אויס — פרייטיק־צו־נאַכטס זענען נישט שכיח קיין שדים!

נאָר אַז זיי זאָלן נישט הערן, האָב איך שטילערהייט געזאָגט „שמע־ישראל”... כ׳האָב צעקנעפּלט מיין קאַפּאָטע. מיינע באַגלייטערס האָבן גע־מיינט, אַז מיר איז הייס, אָבער אינדערראַמתן האָב איך פריי געמאַכט מיין טלית־קטן, אויפגעבונדן מיינע ציצות, וואָס זענען געווען ווי געפּענטעט אין די הויזן. אויב איך נעם זיי אינגאַנצן נישט אַרויס, איז עס נאָר, כדי נישט צו ווייזן מיינע חברים, אַז איך האָב מורא; אָבער ביי אַן אויפגעקנעפּלטער קאַפּאָטע זענען דאָך פאַרט דער טלית־קטן און די ציצות די בעסטע סגולה און נישט קיין שלעכטע שומרים, וואָס גייען פאָראויס...

ווי אַזוי בין איך דאַן נישט געשטאָרבן פון שרעק?... קריכנדיק אויף אַלע פיר איבער דער מיטה, בין איך געזונקען ביז די קני אין שימות. עפּעס אַ האַרטע זאַך איז אויף מיר אַרויפגעפאַלן. ווייזט אויס, אַ צעבראָ־כענער שטאַנג פון אַ מיטה. דאָס האַרץ האָט זיך מיר שיער נישט אָפּגע־שטעלט...

אָבער זעט אויס, אַז דער יוגנטלעכער עקסטאַז האָט גובר געווען דעם פּחד. שוין אויף די שטיגן האָט איינער פון אונדז אָנגעצונדן אַן עלעקטריש לעמפּל און מיר האָבן דאַן געקאָנט דורכגיין די סטענדערס אָן אַ מכשול. ביי די שטאַכעטן, ווו די לייטער איז געשטאַנען, האָבן מיר שוין דאָס לעמפּל נישט באַדאַרפט, ווייל דער נר־תמיד און די עטלעכע יאָרצייט־ליכט האָבן געגעבן באַלויכטן די שול, אַז מיר זאָלן קאָנען אַרוי־בערקריכן די שטאַכעטן. מיר האָבן אַ שפרייז געטון אויף דער לייטער און אַראָפּגעקומען בשלום אין שול אריין.

און מאָדנע! זייענדיק אונטן אין שול, בעת איך האָב געשמירט די פלאַקאַטן מיטן קליי, וואָס מיינע חברים האָבן מיר אונטערגערוקט, האָב איך אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דעם פּחד, וואָס האָט ערשט מיט עטלעכע מינוט פריער שטייף געמאַכט מיינע האָר פון קאָפּ. איך בין זיך רויק געזעסן ביים טיש, דעם טאָפּ מיט קליי ביי דער זייט און געשמירט די פלאַקאַטן, וואָס זיי האָבן אַזוי שנעל געקלעפּט. ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך זיץ ביים וואַרשטאַט און שמיר די שטיוול־כאָלעוועס, וואָס יאָקל מיין מייסטער רוקט מיר אונטער. נישט נאָר האָבן מיר פאַרקלעפּט אַלע

קעגנערישע פלאקאטן פון דער „אגודה״ און ציוניסטן, וואָס זענען געווען אויף די ווענט, נאָר ס׳איז פשוט נישט פאַרבליבן קיין איין פיצל וואַנט אין שול, וואָס זאָל נישט זיין באַקלעפּט מיט די פלאקאטן פון „בונד״..

וואָס האָט זיך צומאָרגנס אָפּגעטון אין שול?

ווען די ייִדן זענען געקומען דאַוונען און האָבן דערזען ווי אַלע ווענט זענען באַקלעפּט מיט דער ליסטע פון „בונד״ — זענען אונדזערע „שונאים״ אַרומגעלאָפן ווי צערייצטע חיות אין אַ שטייג. אָפּרייסן די אַפישן האָבן זיי נישט געקאָנט, ס׳איז דאָך שבת... די פלאקאטן אויף די ווענט האָבן דע־מאָלט אויסגעזען ווי לצים, וואָס שטעקן אַרויס די צונגען און רייצן זיך: אַ־ב־ב־ע־ע... איך האָב דיר אָנגעריבן אַ מאָרדע... אַנו! טו מיר עפּעס... פּרוּוו מיך אַראָפּרייסן...

עפּעס איין ייִד, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען דאָס לצ׳עווען פון אַ ווייסן פלאַקאַט, איז ער צו אים צוגעלאָפן אין זיין צאָרן און אומבאַהאָלפנקייט און אים אָפּגעשפּיגן... דער פלאקאט האָט זיך צעלאַכט: „האָסט פון מיר אַראָפּ־גענומען אַלע עבירות״...

צום ערשטן מאָל האָט מען מיין טאַטן עפּנטלעך מבייש־געווען איבער מיין זינד. נאָך 25 יאָר זיין בעל־קורא אין בית־מדרש האָט אים דער גבאי באַזייטיקט. געהייסן האָט דאָס, ווייל מיין שוועסטער האָט געלערנט אין דער פּוילישער גימנאַזיע, וווּ מען האָט זי געצווּנגען צו שרייבן שבת. אָבער געוווּסט האָב איך, אַז דאָס האָט מיין חבר משהלע מענדל דעם שמש׳ס מיך פאַרראַטן. ער האָט דערציילט זיין פאָטער, וואָס איך האָב געוואָלט טון מיטן שליסל. און אַז מען האָט אויף צומאָרגנס אין שול גע־טראָפן די ווענט באַקלעפּט מיט די בונדישע פלאקאטן, איז שוין געווען לייכט צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז הערשלס זונדלס אַרבעט. מיין טאַטנס שאַנד וועל איך זיך קיינמאָל נישט מוחל זיין...

נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעטון דאָס שטיקל אַרבעט, בין איך שוין דעם גאַנצן שבת געווען פריי פון פאַרטיי־אַרבעט. מיין אַרבעט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַכט אַזייגער אינדערפרי זונטיק.

## 6

אַזויווי אונדזער לאָזונג איז געווען: „וואָס מער פאַרלוסטן פאַרן שונא", איז מיין אַרבעט באַשטאנען אין אָט וואָס: אַזוי ווי איך בין געווען אַ קליינוויקסיקער, מען האָט מיך גאָר ווינציק אָנגעזען, האָב איך באַדאַרפט שטיין נישט ווייט פון דער טיר פון סאַלאָן, ווו עס ווערן אָפּגעגעבן די שטימען. איך האָב באַדארפט אָבסערווירן די עלטערע ייִדן, וואָס פאַרשטייען זיך גאָר ווינציק אויף נומערן און בכלל אויף פּאָליטיק. אַזעלכע ייִדן האָבן געהאַט זייערע „געטער". זיי האָבן געשטימט פאַר דעם, וואָס ר' שלמה הארמאַן, אָדער אַ צווייטער זיינס גלייכן, האָט זיי געהייסן. צו אַזאַ ייִד האָב איך זיך צוגעשאַרט, ווען ער איז שוין געווען נאָענט פון דער טיר פון סאלאָן. איך האָב מיט אים כלומרשט פאַרפירט אַ זייטיקן שמועס. צו מיר האָט אזא ייִד געהאַט צוטרוי. ער האָט מיך געקענט פאַר אַ ‎(בית־מדרשניק. און ריידנדיק מיט אים האָב איך אים אַרויסגעצויגן זיין שטים־צעטל פון קעשענע און בגנבה אים אַריינגעלייגט מיין צעטל. אַזאַ ייִד קוקט נישט אויפן נומער. דאָס צעטל, וואָס ער האָט אין קעשענע, לייגט ער אַריין אין אורנע.

אויב מיר האָבן דערמיט קיין פּאָזיציע נישט געוווּנען, האָבן מיר אָבער דערמיט אָפּגעשוואַכט דעם שונא.

די אַרבעט איז ביי מיר געגאַנגען ווי געשמירט. אז דער פּאָליציאַנט וואָס איז געגאַנגען הין און צוריק, האָט מיך דערזען, בין איך געוואָרן אַ האָז. אז ער האָט זיך צוריק אויסגעדרייט, האָב איך שין ווידער, ווי אַ גנב, געצויגן פון די קעשענעס צעטלען און אַריינגעלייגט מיינע... ווער ווייסט, ווי לאַנג די אַרבעט מיינע וואָלט געווען אַזוי אָנגעגאַנגען, ווען נישט דאָס, וואָס איך האָב פלוצים דערפילט מיין טאַטנס האַנט אויפן קאַרק.

מיט אַ פעסטער שטים האָט ער מיר געזאָגט:

— קום! דיין רבי רופט דיך!

פון דער ווייטנס האָב איך דערזען ר' שלמה הארמאַן, מיין לעצטן רבי, וואָס האָט מיט מיר געלערנט יעדן אינדערפרי אַ „שעור" אין בית־מדרש.

מיין רבי שטייט פון דערווייטנס און רופט מיך. „וואָס קאָן ער פון מיר פאַרלאַנגען? — טראַכט איך. — מיר זענען זיך דאָך שונאים"...

אָבער מיין טאטנס שטארקע האַנט און די בושה פאַרן רבין האָבן מיך באַזיגט. רויט פון חרפה, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, האָב איך זיך דערנענטערט צו אים און געפרעגט:

— וואָס פאַרלאַנגט איר, רבי?

ער האָט אויף אַ מילדן און איידעלן אופן מיך געצווונגען זיך צו באַגעגענען מיט זיין קלוגן און פאָטערלעכן בליק.

— אַז דו ביסט געוואָרן אַ בעל־מלאכה, איז דאָס גאַנץ פיין פון דיר, — האָט ער צו מיר גערעדט שטיל, — אַז דו האָסט אויפגעהערט לערנען אַ בלאט גמרא, ווי דו פלעגסט אַמאָל לערנען יעדע נאַכט — דאָס איז בפירוש אַ שאָד; אָבער דאָס איז דיין זאַך; אָבער אַז דו ביסט אַרויס לתרבות־רעה און דו ביסט מחלל שבת בפרהסיה... דאָס זאָלסטו נישט וואַגן צו לייקענען! — האָט ער אויף מיר אַ קוק געטון שטרענג, — ווייל משהלע האָט מיר שוין דערציילט פון דעם שליסל, און פון דער נבלה, וואָס דו האָסט אָפּגעטון... דערפאַר וועט דיך דער אויבערשטער באַשטראָפן. אודאי טוט מיר וויי אויף דיר. אַ שאָד, אַ גוטן קאָפּ געהאַט, אָבער גאָט קען זיך זיין שטעטל באַשטיין. דערצו נאָך שטעלסטו זיך אַוועק אין מיטן גאס און טוסט אַזאַ פאַרברעכן: דו גנבסט אַרויס שטים־צעטלען פון יענעמס קעשענע. איך רעד שוין נישט דערפון, וואָס דו ביסט אַ גונב דעת הבריות. נאָר ווי טוט מען אַריין אַ האַנט אין יענעמס קעשענע? און חוץ דעם, צי ווייסטו דען נישט, אַז דיינע צעטלען זענען נישט גילטיק? און דערמיט מאכסטו, אַז ס'זאָלן גיין פאַרלוירן ייִדישע שטימען. ווער־זשע וועט דערפון געניסן? די גויים, די אַנטיסעמיטן. ווי איז דאָס מעגלעך, אַז דו, מיין תלמיד, נאָך אַזוי יונג און זאָלסט שוין אַזוי טיף האָבן געזונקען אין דער סיטרא־אחרא?...

איך האָב געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און געפילט זיינע רייד ווי בייטשן אויף מיין לייב.

יענער האָט ווייטער גערעדט:

— כ'וואָלט דיר דאָס אפשר אויך מוחל געווען. ס'זענען היינט פאַראַנען גענוג פאַרפירטע ווי דו, אָבער צי ווייסטו וואָס דו טוסט? דו

ווייסט, אַז פאַר דעם, וואָס דו טוסט, זעצט מען איין אין טורמע? און דאָ דרייען זיך דאָך אַרום אַזוי פיל געהיים־אַגענטן, דו קאָנסט דאָך פאַרפוילט ווערן אין קרימינאַל. און אויב מען שפּעקולירט מיט דיין מינדעריעריקייט, קאָנסטו דאָך אויך האָבן המנס סוף... און דערצו זאָל דיין טאַטע נאָך ליידן איבער דיר? ער ליידט שוין סיי־ווי־סיי גענוג...

ער איז אנטשוויגן געוואָרן. מיטן פינגער אונטערגעהאַלטן מייך גאמבע און געקוקט מיר גלייך אין די אויגן אַריין, ווי ער וואָלט געפילט, אַז זיינע ווערטער שניידן מיין לייב און דערפאַר וויל ער מיט די אויגן היילן מיינע וווּנדן. אָבער איך האָב זיין בליק נישט אויסגעהאַלטן. איך האָב אָפּגעדרייט דעם קאָפּ און באַגעגנט מיין טאטנס אויגן, וואָס זענען געווען אָנגעפילט מיט טרערן, וועלכע זענען פאַרגליווערט געוואָרן צווישן אויגאַפּל און ברעם. וואָלט מיך כאָטש דער רבי געווען באַליידיקט. און פאַרוואָס האָט מיין טאטע מיך נישט געפּאַטשט? וואָלט איך כאָטש געווען געהאַט אַ פּתחון־פּה זיי עפּעס צו ענטפערן! ווי ווויל איז דעם אומגערעכטן, ווען מען גיט אים אַ סיבה, וואָס זאָל נאָך באַרעכטיקן זיין אומרעכט...

וואָס האָב איך דען געהאַט צו זאָגן מיין גוטן רבין, ר׳ שלמה הארמאַן? איך האָב אים דערקלערט קריג און ער איז מיר גאָר אַזאַ געטרייער פריינט. ער מיינט נאָר מיין טובה. ער וויל נישט מער ווי מיך אויסהיטן פון גע־פאַר אַריינצופאלן אין טורמע. און וואָס האָב איך דען געהאַט צו זאָגן אויף מיין אומבאַהאָלפענעם טאטנס טרערן?

ווי יעדער שלעכטס־טוער, וואָס האָט מורא טאָמער וועט ער באַ־ווירקט ווערן פון עפּעס דערהויבנס, פון עפּעס גוטס, אַז זיין מח זאָל נישט אָנהויבן טראַכטן פון גוטן — אַזוי האָב איך אויך דאַן שנעל רעאַגירט. ווי יעדן אומגערעכטן, זענען מיר אויך געבליבן צוויי וועגן: מיט פויסטן, אָדער מיט טראָציקן כעס. מיט פויסטן צו האַנדלען בין איך געווען שוואַך, — האָב איך רעאַגירט ווי אַ נאַרישער צולהכעיסניק.

— רעאַקציאָנערע משרתים! — האָב איך אויסגעשריען, — דינער פון קאַפּיטאַל!

און נאָך עטלעכע שיינע פראַזן, וואָס איך האָב אויף שנעל אויסגע־לערנט פונעם פּראָלעטאַרישן לעקסיקאָן...

און כ׳בין אַהיימגעלאָפן.

## 7

וואָס איז מיר דאַן געבליבן צו טון? ווו טוט מען זיך אַהין מיט מיין אָרים לעבן? איך האָב דערפילט מיין באַגאַנגענע זינד... טעמפּ בין איך דאָך נישט געווען: דעם רבינס ווערטער און דעם טאַטנס טרערן האָבן געשניטן מיך האַרץ. איז דאָך דאָס אַ באַוויז, אַז איך האָב געפילט זייער פּיין. פּאַרוואָס־זשע האָב איך מיט אַזויפיל טראָציקייט און גאַל געזאָגט די ווערטער, וואָס איך האָב בפירוש געוווסט, אַז זיי שטימען נישט מיטן אמת? איך האָב געקאָנט אַזוי האנדלען נאָר כּדי קעגן מיר נאָך מער האַס אַרויסצורופן און זיי נאָך מער ווייַ צו טון. איז עס געווען משוגעת?

גייך ערגעץ צו אַ חבר און בלייבן דאָרטן עטלעכע טעג „עד שיעבור זעם”? איך האָב נישט געהאַט ווו־הין צו גייך. מיט מיינע אַלע פריִערדיקע חברים האָב איך שוין געהאַט איבערגעריסן און צו מיינע נייע חברים האָב איך נישט געהאַט קיין צוטרוי אויף צו קאָנען בלייבן ביי זיי עטלעכע טעג ביז ביים טאַטן וועט דער כעס פאַרביי און אַזוי־ארום אויסמיידן די פאַר־דינטע שטראָף, וואָס האָט מיך אין שטוב דערוואַרט...

ס׳ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָט מיך דער טאַטע אַזוי אומדער־באַרמדיק געשלאָגן. די קלעפּ זענען נישט געווען אַזוי ווייטיקלעך, ווי ס׳האָט וויי־געטון דער אופן פון שלאָגן מיך. אַלע אברים זיינע האָבן מיך געשלאָגן. און מאָדנע: איך האָב זיך געפילט שיער נישט צופרידן פון די קלעפּ. איך האָב דורך זיי געפילט אַ מין „קוויט” מיט מיין געוויסן. איך האָב נאָר געוואָלט אַרויס אַ לעבעדיקער פון דעם טאַטנס הענט, ווייל דער אופן פון זיין איצטיקן קאַטעווען מיך האָט מיר נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס. ער האָט מיך געוואָרפן אויף דער ערד און מיך צוריק אויפגעהויבן ביי די האָר (איך האָב זיך דאַן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן אַ טשופּרינע); דאַן אויפסניי מיך געשליידערט אויף דער ערד, אָן שום איינזען ווי איך פאַל. דאַכט זיך, אַז ס׳וואָלט אים נישט געאַרט, ווען ער מאַכט מיך איצט פאַר אַ קאַליקע, ווייל דאָס בלוט האָט שוין לאַנג פון מיר גערונען פון אַלע זייטן: פון דער נאָז, פון מויל, פון קאָפּ... כ׳בין צוגעפאַלן צום טירל פון אויוון און באַקומען אַ לאָך אין קאָפּ, אָבער מיין בלוט האַלט אים גאָרניט

אָפּ. די מאַמע איז אין שטוב נישט געווען און ווער ווייסט, צי זי וואָלט מיך איצט געקאָנט באַשיצן? זיין כעס איז געווען אָן אַ גרעניץ...

אויפגעהערט האָט ער ערשט מיך צו שלאָגן, ווען איך בין געבליבן ליגן אַ פאַרחלשטער; ווען ער האָט געזען, אַז איך רעאַגיר שוין גאָרנישט מיט מיינע באַוועגלעכע אברים, כדי מיך צו באַשיצן פון קלעפּ אין די געפערלעכע ערטער. ווי לאַנג ס׳איז ביי מיר געווען וואַך דער אינסטינקט פון זעלבסט־באַשיצונג, האָב איך זיך באַשיצט פאַלנדיק אויף די הענט; ווען ער האָט אָבער געזען, אַז איך פאַל שוין ווי אַ שטיק פלייש, ווי עפּעס אַ טויטע זאַך, האָט ער מיך שוין אָפּגעלאָזט. נאָר ער אַליין איז געבליבן זיצן מאַכטלאָז, בלייך, אָן אַ טראָפּן בלוט און זייער שווער געאָטעמט. ליגנדיק אויף דער ערד, האָב איך מיט מיין אויג־שפּארע דערזען זיין בלייך פּנים, האָב איך זיך שטאַרק דערשראָקן — הגם איך בין אַליין געלעגן אין געהאַקטע וווּנדן. אין אַזאַ מצב האָב איך נאָך קיינמאָל מיין טאַטן נישט געזען. גלייכצייטיק אָבער בין איך געווען צופרידן, וואָס איך בין לעבן געבליבן, און נאָך מער, וואָס דער טאַטע האָט מיר געגעבן אַזאַ גוטע געלעגנהייט אויף אַ נייעם טייוולאָנישן פּלאַן, וואָס האָט זיך שוין איצט אָנגעהויבן וועבן אין מיין צעבלוטיקטן קאָפּ...

## 8

ר׳ שלמה הארמאַן איז געווען אַ ייִד אַ מושלם בכל המעלות, ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט. ער איז געווען אַ למדן מופלג, דערצו אַ גרויסער עניו. ער האָט פון זיין למדנות קיין צימעס נישט געמאַכט. ער איז געווען אַ חקרן און אַ גרויסער ירא־שמים. עס איז נישט געווען קיין איין פילאָסאָפישע שיטה, וואָס ער זאָל נישט זיין אַ בקי אין איר. אָבער ביי אַ וויכוח האָט ער קיינמאָל נישט גענוצט זיין וויסן ווי אַן אַרגומענט, מיט וועלכן ער זאָל שלאָגן זיין קעגנער. ער פלעגט שטענדיק באַנוצן זיך מיט לאָגיק. מיטן גרעסטן אַפּיקורס, אָדער פושע־ישראל פלעגט ער דיסקוטירן רויִק, אָפּערירנדיק מיט לאָגישע אויספירן. און אַ סבלן איז ער געווען — נישט געווען זיינס גלייכן. ער איז נישט מיד געוואָרן אַ בית־מדרשניק

מסביר צו זיין אַ שטיקל גמרא צען מאָל, און ווען ער האָט געזען, אַז יענער פאַרשטייט נאָך אַלץ נישט, האָט ער אים נאָך אַמאָל און איבער אַ מאָל געגעבן צו פאַרשטיין — ביז יענער האָט דאָס צעקייעט. זיינע שטאַרקסטע פּאָליטישע קעגנער האָבן פאַר אים גרויס דרך־ארץ געהאַט, ווייל ער האָט צו זיך אַרויסגערופן רעספּעקט מיט זיין אָפּגעהיטנקייט, מיט זיין הדרת־פּנים, מיט זיין זויבערקייט און מיט זיין וויסן. עס איז סתם געווען אַ פאַר־געניגן צו שטיין לעבן אים און אים צו הערן ריידן. ס'איז געווען אַ נחת־רוח צו קוקן אויף זיין אידל פּנים, אויף זיין שניי־ווייסע באָרד, וואָס איז נישט געווען צו לאַנג, אָבער גוט געפלעגט און אויסגעקעמט, וואָס איז דאַן געווען אַ זעלטנהייט. ווייל אין יענער צייט האָט אַ פרומער ייִד אין שטעטל געהייסן דער, וואָס טראָגט אַ צעקנאָדערטע אַטלעסענע קאַפּאָטע, אַ באָרד מיט קאָלטענעס, נישט אויסגעקעמט, אַ רויטע פאַטשיילע סטאַר־טשעט ביי אים אַרויס פון קעשענע, אַ גענוג שמוציקע; דערצו נאָך אַ שוואַרצע נאָז אָנגעפּאַקט מיט טאַבעק.

אָט די אַלע זאַכן זענען ביי אים נישט געווען בנמצא. זיין קאָל־נער פון העמד איז תמיד געווען זויבער. און כאָטש זיין ווייב איז געווען די גאַנצע סוחרטע, האָט זי אָבער קיין מי נישט געקאַרגט צו האַלטן זויבער איר שטוב און איר מאַן. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. נאָר אַזאַ לעבן ווי צווישן זיי איז געווען קאָן נאָר פאַרגליכן ווערן צו אַ טויבן־נעסט, וווּ מען הערט נישט מער ווי דאָס וואָרקען פון ליבשאַפט און פאַרערונג איינער פאַרן צווייטן.

ר' שלמה איז געווען מיין רבי. אַז איך האָב אים ליב געהאַט — דאָס איז ביי מיר קיין שום צווייפל נישט, ווייל וועלכע מאָטיוון האָב איך גע־קאָנט האָבן אים נישט ליב צו האָבן? אַלע מיינע פריערדיקע מלמדים האָבן מיך געפּייניקט, געשלאָגן מכות־רצח, ווי ס'וואָלט צווישן זיי געווען אַ פאַרמעסט ווער ס'קאָן בעסער שלאָגן.

אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך האָב אָנגעהויבן לייענען די ייִדישע ליטעראַטור, האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף „יאָסעלע" פון יעקב דינעזאָן. דאָרטן האָב איך בולט געזען מיך, מיין היים און מיין סביבה. אמת, מיין מאַמע איז נישט געפאַלן צו דער מדרגה וואָס כיענע און דער טאַטע איז נישט געווען אַזאַ הוסטער. דאָס אָרימקייט אָבער איז געווען דאָס

זעלבע. מיין טאטע, ווערלנדיק מיך מאַכן פאַר אַן עלוי אויף כח, האָט מיך אַריינגעגעבן צו מלמדים גזלנים, שלעגער, פּשוטע רוצחים, וואָס פלעגן מיך ממיתן פאַר אַלץ — פאַר ווילדע שטיק אין פאַר נישט קאָנען דעם „שעור״. און אפשר זענען זיי נישט שולדיק געווען, נאָר איך אַליין. ווייל ווי אַזוי זאָל אַ מלמד נישט שלאָגן זיין תלמיד, ווען ער לערנט מיט אים אַ „שעור״ זעקס טעג אין דער וואָך, און אויפן זיבעטן טאָג קען ער אים ערשט נישט? אָבער אויך איך בין נישט שולדיק געווען, וואָס איך האָב נישט געקאָנט. ווי אַזוי האָב איך יאָ געזאָלט קאָנען דעם „שעור״? אַז ווען איך בין אַלט געוואָרן זעקס יאָר, האָט מיך מיין טאַטע אָפּגעגעבן צו שמואל־שעיהס, אַ גמרא־מלמד, וואָס האָט געלערנט מיט צוועלף־דרייצן יאָריקע יינגלעך גמרא מיט תוספות. נישט נאָר האָב איך נישט געקאָנט נאָכגיין דעם ריטם פון מיינע חברים, נאָר איך האָב אַפילו נישט געקאָנט זיצן ביים טיש ווי זיי. דער טיש איז געווען פאַר מיר צו הויך, האָב איך געמוזט שטיין ביים לערנען. און ווי האָב איך געקאָנט תופס זיין אַ „ביצה שנולדה ביום טוב״, אַז פאַר מיר איז חומש מיט רש״י נאָך געווען צו שווער צום פאַרשטיין.

דער סדר פון מיין לערנען איז געווען מער־ווייניקער אַזוי: זונטיק, מאָנטיק און דינסטיק האָבן מיר געלערנט אַלע צוזאמען; האָב איך געשריגן, געליארעמט צוזאמען מיט אַלעמען, געמאַכט מיט די הענט, גלייך ווי איך וואָלט פאַרשטאנען. מיטוואָך האָט אונדזער רבי צעטיילט: אַכצן תלמידים אין דריי כיתות. ער האָט אונדז פאַרהערט צו זעקס־וויז. בין איך נאָך ווי עס איז אַדורך אָן אַ מכשול. כאָטש זיינע פינגער האָבן זיך אַלע מאָל איינגעביסן אין מיין דיקן פלייש פון געזעס מיט אַ פּריציש קניי־פּעלע, האָב איך דאָך דאָס אָנגענומען פאַר ליב. איך בין דאָך געווען דער קלענסטער און דערפאַר במילא געזעסן ביים רבינס האַנט. איז דאָך נישט מער ווי יושרדיק אָפּצוקומען מיט עטלעכע פּריצישע קניפּעלעך. דער יום־הדין איז געווען דאָנערשטיק און פרייטיק. דער רבי האָט אונדז פאַר־הערט איינציקווייז, און דאַן האָט שוין דער רבי מיט מיר געאַרבעט מיט בידע הענט. זיין רעכטע האַנט האָט מיך געפּאַטשט און די לינקע געקניפּן. אַז די מאַמע האָט אַמאָל דערזען מיין געזעס, וואָס איז געווען געשוואָלן און באַדעקט מיט רויטע און בלויע צייכנס, האָט זי זיך צעוויינט. דער

טאַטע האָט דעמאָלט געזאָגט: „געבענטשט זאָלן זיין דעם רבינס הענט״, און אין בית־מדרש האָט ער דעם רבין אָפּגעגעבן אַ יישר כח.

היינט ווי־זשע האָב איך געקאָנט ליב האָבן מיינע מלמדים?..

מיין פּיין האָט אַזוי געדויערט ביז ניין יאָר. דעמאָלט האָט מיין טאַטע געזאָגט:

— שוין צייט, אַז אַזאַ יונגאַטש זאָל לערנען פאַר זיך.

איך האָב זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט ווי אָן אַן אבן־טוב. ערשטנס, בין איך פּטור געוואָרן פון די קלעפּ און צווייטנס, לערנענדיק אַליין אין בית־מדרש, האָב איך זיך געקענט אויסקלייבן וועלכע גמרא איך וויל און לערנען דאָס, וואָס מיר איז געווען ליב. ס׳איז טאַקע שווער דאָס לערנען אַליין, ווייל אַ סך מאָל איז נישטאָ וועמען צו פרעגן, אָבער וואָס פאַראַ ווערט האָט דען געהאַט די אַליינמאַטערניש לגבי די קלעפּ, פון וועלכע איך בין פּטור געוואָרן? און אַז שפּעטער איז אַנטשטאַנען די ישיבה און איך בין אַריין אין דער פינפטער כיתה און ר׳ שלמה הארמאַן האָט מיט אונדז געלערנט — איז דאָך שוין צו מיין גליק קיין גלייכן נישט געווען. איך האָב געהאַט אַ גוטן רבין אָן קלעפּ און געהאַט גרויס פאַרגעניגן מיט אים צו לערנען...

דעריבער פרעג איך זיך אַליין ביזן היינטיקן טאָג: פאַרוואָס האָב איך גראָד אויסגעקליבן אָט דעם גוטן, ליבן מענטשן פאַר מיין קרבן?...

9

ר׳ שלמה הארמאַן פלעגט פראַווען שלש־סעודות אין בית־מדרש צוזאַמען מיט די אומאַנער חסידים. ער פלעגט זיך נוהג זיין צווישן איין זמירות און די צווייטע צוצוגיין צום האַנטפאַס, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר, און זיך וואַשן די הענט. אין די קאַלטע שבתדיקע פאַרנאַכטן האָבן ייִדן נישט וווּ צו גיין; גייט מען אין בית־מדרש אַריין. ווערט דאָרט אָבער אַזאַ ענגשאַפט און די פינצטערניש מאַכט די ענגשאַפט נאָך געדיכטער, — אַזוי, אַז איינער טרעט כמעט אויפן צווייטן און מען זעט נישט ווער דאָס איז. איך שטיי ביי דער טיר לעבן האַנטפאַס און לויער

ווי אַ קאַץ, פֿאַרקוועטש די האַנט אין קעשענע, ווו איך האַלט אַ ריבאײַזן, מיט וועלכן די מאַמע מאַכט קאַרטאָפּל־לאַטקעס. מיט איין פוס האַלט איך צו די טיר, זי זאָל זיך נישט פֿאַרמאַכן. איך וואַרט, אַז ר׳ שלמה זאָל צו־קומען צום האַנטפֿאַס זיך וואַשן די הענט, בכדי כ׳זאָל אויספֿירן מײַן טײַוו־לאָנישן פּלאַן...

און ווי פֿינצטער ס׳איז נישט געווען אין בית־מדרש, האָבן דאָך מײַנע מויזן־אייגעלעך אים דערזען. זײַן שניי־ווײַסע באָרד האָט באַלויכטן דאָס מלכותדיקע פּנים. צווישן הונדערטער וואָלט איך זײַן פּנים דערקענט. אָט וואַשט ער שוין זײַנע הענט אינעם האַנטפֿאַס, נאָר זײַן פּנים איז אויסגע־דרייט צו דער מזרח־וואַנט. ער קוקט אויף דער גרויסער עדה מיט באַ־וווּנדערונג און מיט ליבשאַפֿט.

פֿון דער פֿינצטערניש שפּרינגט אַרויס אין מײַן האַנט דאָס ריבאײַזן, ווי אַ קאַץ מיט שפּיציקע בלעכענע נעגל. כ׳לויף צו און גיב אים אַ רוצחישן שייל איבערן אײדעלן פּנים... אַן איבערמענטשלעכער געשריי רײַסט זיך אַרויס פֿון זײַן קעל. פֿון שרעק איז ער אומגעפֿאַלן. אַ טומל, אַ געלויף פֿון ייִדן...

און מער האָב איך שוין נישט געזען: געשיצט פֿון דער פֿינצטערניש און טומל, בין איך אַנטלאָפֿן אַהיים. די מאַמע האָט ערשט געהאַט פֿאַר־ענדיקט דעם „גאָט פֿון אברהם״, נאָך אַ נס וואָס אין שטוב איז נאָך פֿינצ־טער געווען און די מאַמע האָט מײַן צעפֿלאַמט פּנים נישט דערזען. זי וואָלט זיכער געווען דערקענט אָן מײַן פּנים, אָן מײַן אויפֿרעגונג, אַז מיט מיר איז עפּעס פֿאָרגעקומען. איך האָב אויסגענוצט די פֿינצטערניש, נישט געוואַרט ביז די מאַמע וועט אָנצינדן אַ ליכט, אַרויף אויפֿן בוידעם־שטיבל און זיך געלייגט שלאָפֿן. די מאַמע האָט זיך געוווּנדערט:

— וואָס עפּעס אַזוי פֿרי?

— דער קאָפּ טוט מיר וויי...

## 10

ס׳ערשטע מאָל אין מײַן לעבן האָב איך געוויינט נישט פֿון קיין קלעפּ, צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן האָב איך געוויינט אין דער שטיל, אָן טרערן. אַלע אברים און מײַן גאַנץ לעבן האָבן אין מיר געוויינט.

איך האָב זיך דעמאָלט געפרעגט: „וואָס איז מיט מיר געשען? פאַר־וואָס וויין איך? דער פאַברעכן איז מיר געלונגען. קיינער האָט מיך נישט געזען, דעריבער וועט מען מיך דאָך נישט באַשטראָפן. אַז גאָט קאָן מיך שוין נישט שטראָפן — בין איך שוין דעמאָלט געווען זיכער, ווייל כ׳האָב אים שוין נישט איינמאָל אויסגעפּרוווט, — צוגעגנבעט ביי אים עטלעכע מנחה־מעריבס און ס׳איז מיר גאָרנישט געשען. פאַרוואָס־זשע האָב איך יענעם שבת־צו־נאַכטס אַזוי געוויינט?...

וויזט אויס, אַז ס׳האָט אין מיר דעמאָלט געוויינט מיין געוויסן. דאָס האָט מיין געוויסן מיך אַזוי באַשטראָפט, וואָס איך האָב נאָך דאַן נישט פאַר־שטאַנען. דאָס זענען טאַקע נישט געווען קיין פיזישע יסורים, אָבער די שטראָף פון געוויסן זענען די גרעסטע ליידן, וואָס זענען באַשאַפן געוואָרן פאַרן מענטש און וואָס פייניקן אים ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן...

**H. ALTBAUM**

# MI PUEBLITO

(REMINISCENCIAS)



Editado por el autor

BUENOS AIRES
1954